# I

דער עלטערער, עלעגאַנטער הער האָט זיך אַליין פאָר-
געשטעלט. ווי עס טרעפט אָפט, האָט קיינער נישט געהערט
דעם נאָמען. אָבער עס איז גענוג געווען, וואָס ער איז געווען
אָנגעטאָן מיט אַ פיינעם געשמאַק. אין קראַוואַט האָט ער גע-
טראָגן אַ שפּילקע מיט אַ ווייסע פּערל, און ער האָט גלייך
אַנידערגעלעגט אויפ'ן שפּיל-טיש 20.000 מאַרק.

עס האָט איהם דאָ אַריינגעפיהרט דער יונגער ווינטער,
אַ זוהן פון אַ רייכען אינדוסטריעלער אין דייטשלאַנד, אַ מי-
ליאָנער, וועלכער האָט נישט געקאַרגט קיין געלד זיין יורש.

מען איז באַלד צוגעטרעטען שפּילען. דער גאַסט האָט
מיט אַ שטומער קאָפּ-בעוועגונג מסכים געווען אויפ'ן פאָר-
שלייגטען קאָרטען-שפּיל 21. די סטאַווקעס זענען נישט גע-
ווען בעגרעניצט. וויפיל איינער האָט געוואָלט, האָט ער גע-
קאָנט שפּילען. דער ערשטער האָט געהאַלטען די באַנק ריטער.

לכתחילה איז בעת'ן שפּילען נישט פאָרגעקומען קיין
שום ווייכטיגעס. איינער האָט פערשפּילט אַ פּאָר מאַרק מעהר
און אַ צווייטער ווייניגער, און אַזוי ווייטער.

אָבער באַלד האָט זיך געמאַכט, אַז ווינטער האָט בסדר
בענומען פערשפּילען. ער האָט אָנגעהויבען צו פערשפּילען
במעט אין דער זעלבער סעקונדע, ווען די באַנק איז, לויט
דער ריי'ה, איבערגעגאַנגען צום עלטערען הער. צום ערשט
האָט ווינטער פערשפּילט עטליכע הונדערט מאַרק באַנקנאָטען.
ער האָט געשפּילט רוהיג, אונטערוואַרפענדיג זיך דעם בייזען
גורל. גלייכצייטיג האָבען זיך די קלענערע געלד-באַנקנאָטען

צוגעפּגעזאַמעלט פּאַר'ן עלטערען הער און איין קופּע, וואָס ער האָט צוגעצילט אויף קלענערע פּעקלעך.

ווינטער איז אָבער אויסערליך רוהיג געווען. און דער ווירקליכקייט האָט איהם אַנ'אינגערליכע אויפרעגונג געבּיסען דעם מוח. עפּיס אַ נעבּעל האָט איהם גענומען פאַרשטעלען דעם בּליק. זיינע בּאַנקנאָטען זענען אַזוי שנעל איבּערגעגאַנגען צום עלטערען הער, אַז ער אַליין האָט עס כמעט נישט בּעמערקט. זיינע חושים זענען בּעהערשט געוואָרען דורך עפּיס אַ פּערנעפּעלטער נישט-קלאָרקייט און אַ מאָרנע שפּינוועבּ האָט זיי פאַרהילט און טונקעל געמאַכט זיינע געדאַנקען.

עטליכע מאָל האָט ער אויסגעטרונקען צו גלעזלעך קאָניאַק, דערנאָך האָט ער זיך געהייסען בּרענגען אַ פלעשעל שאַמפּאַניער. דאָס אַלץ האָט איהם אָבער גאָרנישט געהאָלפען. ער האָט ענדליך געמוזט אַריינשטעקען די האַנד אין פּאָרטפּעל און אַרויסנעמען די טויזענדער מאַרק-שיינען, וואָס זענען געלעגען אויף אַ בּעזונדער אָרט. דעם דאָזיגען פּאָרטפּעל האָט ער דעם זעלבּען נאָכמיטאָג געבּרענגט פון דער בּאַנק.

זיין „שלימזל“ אין שפּילען איז געוואָרען אונגעוועהנליך, אונערהערט. אפילו דעמאָלט, ווען ער האָט געהאַט גוטע קאָרטען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז עפּיס אַ געהיימע, דראָהענדע האַנד האָט זיך אויפגעהויבּען פון אַ פערבּאָרגענעם ווינקעל פון זיין נשמה און איהם פערשטעלט דאָס מויל. טראָץ די שאַנסען צו געווינען האָט ער דעמאָלט פערקלענערט די סטאַווקע און געזאָגט, אַז ער שפּילט אויף אַ קלענער סומע.

בּאַלד איז אויסגעקומען דעם אַלטען אויסצוגעבּען די בּאַנק זיין שכן, וואָס איז געזעסען לעבּען איהם. אָבער צוליבּ ווינטער'ן האָט ער געבּעטען, מען זאָל איהם לאַזען נאָך אַ בּיסעל האַלטען די בּאַנק.

— אויבּ איהר וועט ערלויבּען, מיינע הערען — האָט ער זיך אָנגערופען, — וועל איך האַלטען די בּאַנק נאָך עטליכע קענער. איהר זעהט דאָך אַליין, ווי מיין סומע געלד וואַקסט. איך בּין אַ גאַסט און אייער זעהר אָנגענעהמער קלובּ.

שעצט אַליין אָפּ, ווי גוטע גיחא עס איז מיר, וואָס הער ווינ־
טער האַלט אין איין פֿערשפּילען, און איך בעט נאָכצוקומען
מיין בקשה.

הגם די דאָזיגע ווערטער זענען אַרויסגערעדט געוואָרען
גאַנץ בעשיידען, האָבען זיי דאָך אָפּגעקלונגען מיט אַ פֿעסטען,
הערשערישען טאָן, וואָס האָט אומטעגליך געמאַכט אַן אָפּזאָג.

דער קלוב־דינער האָט געוואָרפֿען אַ פֿערדעכטיגען בליק
אויפֿ'ן גאַסט. אָבער מען האָט געשפּילט מיט קאָרטען, וואָס
דער קלוב אַליין האָט צוגעשטעלט. און פֿאַר'ן שפּילען האָט
מען געבראַכט אַ נייע טאַליע.

דאָס שפּיל איז געוואָרען וואָס אַמאָל היציגער, לייד׳ענ־
שאַפֿטליכער. מען האָט אויך אַ סך געטרונקען. אַ לייכטע בע־
רוישונג האָט בעהערשט די געזעלשאַפֿט. דער גאַסט האָט זיך
אויך נישט אָפּגעזאָגט פֿון קיין כוסה. זיין האַלטונג האָט זיך
מיט גאָרנישט געוואָרפֿען אין די אויגען. דער בליק פֿון זיינע
גראָהע אויגען איז געווען אַ רוהיגער. אַ גלייכער, ער האָט זיך
הערשעריש, שטאָלץ צונויפֿגעטראָפֿען מיט די נייגעריגע בלי־
קען פֿון אַנדערע, און קוים אָנגעקוקט די קאָרטען, וואָס ער
האָט דערלאַנגט. זיינע גרויסע, שווערע, זיך פּרעי־בעוועגענדע
הענד האָבען אויסגעזעהען, ווי אויסגעשניצט פֿון האָלץ. ביי
אַנדערע האָבען פֿון אויפֿרעגונג און האַזאַרד־פֿיבער שוין גע־
ציטערט די הענד. נאָר נישט ביי איהם.

ווינטער האָט נישט אויפֿגעהערט צו שפּילען. הגם ער
האָט דייטליך געשפּירט. אַז זיין פּאַרטנער ווערט וואָס אַמאָל
רינגער.

— וואָס טוט זיך מיט מיר ? — האָט ער זיך געפֿרעגט.
ער האָט געוואָלט זיך אויפֿשטעלען און אַדורכלאָזען איין קאָן,
כדי ביים פֿענסטער אַן אָטעם צו טון אַ ביסעל פֿרישע לופֿט
און צו וואַרפֿען אַ בליק אין דער שטילער נאַכט, ווי ער וואָלט
פֿון דאָרט געוואָלט אַרייַנשעפּען אין קאָפּ אַ שטראָם רוהיג־
קייט. אָבער ער איז געבליבען זיצען אויפֿ'ן פּלאַטץ ווי צוגע־
געשמידט, די אָרעמס זיינע האָבען זיך איינגעגראָבען אין

דעם רויטען טוך פון טיש, און זיינע אלע געדאנקען זענען גע־חען פערשלייערט ווי אין חלום.

ער איז נישט געווען, ווי מען קאן מיינען, קיין לייכט־זיניגער שפילער. ער האט געוואוסט אויסצורעכענען די שאנ־סען, נאכפארשען די גליקליכע צוגען, ער האט געוואוסט אויס־צונוצען זיי. אדער איינהאלטען זיך, בעת די האפנונג איז גע־ווען אויף דער זייט פון אנדערע.

אבער דעם דאזיגען אווענד האט ער נישט געוואוסט פון קיין גרעניץ, פון קיין איינהאלטען זיך. עס האט זיך געקאנט דאכטען, אז דאס געלד האט פערלוירען פאר איהם דעם ווערט; פונקט, ווי ער וואלט מיט פרייד געוואלט פערשפי־לען; פונקט ווי עס וואלט איהם פערשאפט פערגעניגען דאס, וואס די באנקנאטען געהען אוועק פון איהם. עס האט זיך איהם אויסגעוויזען, אז מען גיט די קארטען צו פאמע־ליך, אז מען גיט אן די סטאוו[illegible]ס צו לאנגזאם און די קאר־טען האבען זיך פאר איהם אדורכגעגליטשט איבער'ן טיש אזוי שלעפענדיג, ווי קראנקע מויל־ווארפען.

דערביי האט ער נישקשה'דיג געטרונקען; אלע חושים, איבער וועלכע ער האט שוין פערלוירען די הערשאפט, זענען געווען צורייצט, ווי ראסאווע פערד, וואס האבען זיך א לאז געטהון אויפ'ן סטעפ, בעפרייענדיג זיך פון דעם בעל־עגלה'ס כאבט. זיי האבען איהם איועקגעטראגען אין עפיס אנ'אונ־ענדליכער וויטקייט. ארום און זענען נישט געווען קיין מענשען און נישט קיין ווענט. אפילו די לופט איז געווען אזוי־שטורעמדיג, אז עס איז נישט מעגליך געווען זי צו אטע־מען. פונקט ווי ער וואלט אראפגעפאלען אינ'ם תהום פון האזארד.

לעבען איהם האט מען אנגעהויבען צו רעדען וועגען דעם, וואס עס געהט איהם אזוי שלעכט. מען האט אויסגע־דריקט די מיינונג, אז ער קריגט שלעכטע קארטען און א חוץ דעם שפילט ער דערצו אויך שלעכט. ער האט פשוט געוואר־פען געלד אהן שכל. זיינע פריינד האבען איהם גענומען צו־

רעדען, אז ער זאָל פֿאַרקלענערן די סטאַװקעס, מען האָט אָנ־געהויבען מורמלען, אז מען דאַרף ענדיגען דאָס שפּילען.

ווינטער האָט לכתחילה נישט געענטפֿערט. דעמאָלט האָט מען גענומען צושטעהן צו אים. ער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט, איז פּלוצלינג אַרײַנגעפֿאַלען אין אַ משוגע'נעם צאָרן, האָט גענומען שרײַען און האַקען מיט די פֿויסטען אין טיש.

דאַן האָבען זיך די גרויסע אויגען פֿון אונבעקאַנטען לײַבּ אָפּגעװענדעט פֿון אים און פֿון די אַנדערע און זיך צוריקגעצויגען. פּאַמעליך האָט זיך אין זיי אויסגעלאָשען דער בלישטשענדיגער גלאַנץ. דער גאַסט האָט אַװעקגעלעגט די קאָרטען און גענומען אַרײַנשטופּען דאָס געלד אין די טאַ־שען; אָבער ער האָט עס געטאָן אַזוי פּויל, ווי ער וואָלט אַרײַנגעלייגט אַ נאָז־טיכעל. עס איז נאָך אויסגעקומען צו שפּילען איין קאָן.

ווינטער האָט אַ געשריי געטאָן:

— „וואַ באַנק!“

דער אַלטער מאַן האָט צוטיילט די קאָרטען. ווינטער האָט שנעל אַ קוק געטאָן אין זײַנע קאָרטען, וואָס ער האָט געקריגען. ער האָט געהאַט 21.

דעמאָלט איז אָבער געשעהען אין אים עפּיס אַזוינס, וואָס האָט נאַרנישט געהאַט צו טאָן מיט'ן געזונדען פֿער־שטאַנד... ער האָט אַװעקגעװאָרפֿען זײַנע קאָרטען. נישט ווײַ־זענדיג זיי, אויף אַ קופּע אַנדערע, שוין אַדורכגעשפּילטע, און אויסגעשריגען:

— איך האָב שוין ווידער פֿערשפּילט!

דער אַלטער הער האָט שנעל אויפֿגעדעקט זײַנע קאָר־טען. זײַנע אויגען האָבען ווידער אַ בלישטש געטאָן אויף אַ מאָמענט און זיך גלײַך פֿערלאָשען. ער האָט איבערגעצעהלט די סומע, האָט אָנגערופֿען עפּיס אַ ציפֿער און אַװעקגעװאָרפֿען די קאָרטען אינמיטען טיש.

ווינטער'ן האָט זיך אויסגערעכט, ווי ער וואָלט אַראָב־

געפֿאַלען פֿון אַ וואַקלענדיגע זייל, וואָס הענגט איבער אַ הוים. און ער פֿאַלט אַראָפּ אין אַ טיפֿער, טיפֿער פּוסט־קייט...

— וווּ בין איך געווען? — האָט ער געפֿרעגט בעט־רוישט און צעטומלט.

און ערשט איצט האָט ער דערקענט די זאַכען, וואָס האָבען זיך געפֿונען אַרום איהם, פּונקט ווי ער וואָלט ערשט איצט אַריינגעקומען: ער האָט געזעהען דריי עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס האָבען אויסגעזעהען, ווי הענגענדיגע בער־נעם, וואָס האָבען מאַט געלויכטען אונטער אַן אַבאַזשור. ער האָט ערשט איצט דערזעהען דאָס רויטע בלישטשענדיגע טוך פֿון טיש, זיינע פֿריינד, דעם אַלטען הער, דאָס געלד און די קאָרטען, וואָס זענען געווען צוואָרפֿען אויפֿ'ן טיש.

— וווּ בין איך געווען? וווּ בין איך געווען? — האָט ער שטאַמלענדיג איבערגע'חזר'ט.

זיינע געדאַנקען האָבען זיך אויפֿגעוועקט, זיי האָבען זיך באַפֿרייט פֿון אַ ריזיגער טונקעלער נעץ, מיט וועלכער זיי זענען געווען צוגעדעקט. עס איז געווען אַזוי, ווי ער וואָלט פֿון זיי אַראָפּגעריסען דעם שלייער, כּדי זיי צו דערזעהן.

דערנאָך האָט איהם תּיכּף בעהערשט אַן אומצופֿרידענהייט צו זיך אַליין, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געפֿיהלט קראַנק. ער האָט אַ ווײַלע זיך געריבען מיט די הענד די אויגען, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט בערוהיגען מיט די אייז־קאַלטע הענד, און אויס־גלייכענדיג זיך, האָט ער געזאָגט:

— וואָס האָב איך געטוּן? איך האָב דאָך געהאַט 21! ניין, דאָס האָט עפּיס אַ פֿרעמד קול גערעדט מיט מיין מויל: איך האָב ווידער פֿערשפּילט!... קוקט אַליין נאָך!....

און צוריקנעמענדיג די דריי אַוועקגעוואָרפֿענע קאָרטען זיינע, וואָס זענען געלעגען אויפֿ'ן טיש, האָט ער זיי גלייך אויפֿגעדעקט.

עס איז געווען אַ ניין, אַ צעהן און אַ צוויי.

איין און צוואַנציג!

דער אַלטער האָט פֿערמרוזשעט זײַנע גרױסע, גראָ־
הײַ אױגען. זײַ זענען געװאָרען מיט אײַנמאָל קלײַן און עס
האָט זיך געדאַכט, אַז זײַ קוקען אין עפּיס אַ מיפֿער װײטקײט.
דורך דעם קערפּער פֿון אונבעקאַנטען איז אַדורך אַ בעהאַל־
טענער שױדער, װאָס ער האָט אָבער זעהר שנעל בעהערשט.
ער האָט אױפֿגעהױבען דעם ברוסט־קאַסטען און שװער און
טיף אײַנגעאָטעמט לופֿט אין די לונגען...

— צו שפּעט! — האָט ער געזאָגט שטיל און שטרענג.
װינטער האָט בלױז אַ שאָקעל געטון מיט'ן קאָפּ.

— מײַן בעמערקונג איז נישט געװען געװענדעט געגען
אײַך, — האָט ער געענטפֿערט, בעהערשענדיג זיך פֿולשטענ־
דיג, — נאָר — געגען זיך אַלײַן. װיפֿיל בין איך שולדיג? —
האָט ער העפֿליך געפֿרעגט.

— 30.000!

װינטער האָט אױסגעלײדיגט דעם פּאָרטפֿעל.

— איהר מוזט זיך ביז מאָרגען אַ זײַגער פֿיר נאָכמיט־
טאָג בעגנוגענען בלױז מיט 10.000 מאַרק און מיט אַ פֿער־
פֿליכטונג, פֿערשטעהט זיך. איהר װעט אַזױ גוט זײַן און אײַנ־
שרײַבען אײַער אַדרעס אין מײַן נאָטיץ־בוך...

אָפּגעמעגדיג זײַן נאָטיץ־ביכעל. האָט װינטער איבערגע־
לײענט:

### האָטעל „עקסצעלסיאָר"

צימער 15

אַן האָט ער זיך לײַכט מיט אַ שמײכעל פֿערבױגען
פֿאַר'ן אונבעקאַנטען.

— איך בין שטענדיג גרייט אײַך צו געבען רעװאַנזש,

הער װינטער! — האָט באַלינג געזאָגט, אױפֿשטעלענדיג זיך
פֿון אָרט. — מײַנע הערען, איך דאַנק אײַך זעהר פֿאַר אײַער
גאַסטפֿרײַנדליכקײט. אַ גוטע נאַכט!

ער האָט דאָס אַרױסגערעדט במעט אונהעפֿליך, אָבער

סיט אַזאַ טראַפּט. וואָס האָט אַלעמען בעפוילען צו האָבען רעספּעקט.

האַלענדער האָט איהם פאַרגעלעגט זיין אויטאָ.

— ניין. אַ דאַנק. איך האָב מיין אייגענעם; ער וואַרט אונטען.

ער איז אַוועקגעגאַנגען עטוואָס שטייף, ווי ער וואָלט געוועזען פאַרמאַטערט, נישט שפּילענדיג זיך אין קיין העפליכקייטען. דער דינער האָט איהם צוגעפיהרט צו דער טיר פון קלוב.

— ווינטער, ביזט אַ משוגע'נער! — האָט אויסגערופען האַלענדער נאָכדעם, ווי דער אומבעקאַנטער איז אַרויס.

— אָבער וואָס איז געשעהן? — האָט ווינטער רוהיג געפרעגט.

— פרעג דיין פּאַרטנער!

— מיין פּאַרטנער איז לוסטיג. ווער האָט געוואונען מיין געלד?..

— דיין פריינד! — האָט האַלענדער געענטפערט, ווייזענדיג אויף דער טיר.

— מיין פריינד? איך זעה דעם מענש ערשט צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען. ווי אַזוי קומט ער דאָ אַהער?

— ווינטער, דו דאַרפסט אָהן צווייפעל די אַדרעס פון אַ גוטען דאָקטאָר.

— עמיל, גיב דאָס טעלעפאָן-בוך אַהער.

האַלענדער האָט אַ מיש געטהון אין בוך.

— יאָ. ד״ר יעראַב. פּסיכאָ-פּאַטאָלאָג. לודוויג-שטראַסע № 35.

— איך פערשטעה נישט דיינע שפּאַסען, מיין ליבער.

— און ווער האָט אונז אַהערגעבראַכט דעם דאָזיגען פּרעכטיגען אייזען-צחאַנציג-שפּילער? נישט דו?

— האַלענדער, דו זאָגסט ליגענט!

— לודוויג-שטראַסע 35. שנעלער, ברודער!

— געווים, דו האָסט איהר געבראַכט! — האָט אַ דריי-

מיר בעטייטערינט.

— איך ? איך ? איך דערמאָן זיך ניט. אָבער... עס
קאָן זיין !

ווינטער איז אַוועקגעגאַנגען אַ פֿערמאַכערטער און אַ
פֿערוואונדערטער האָט ער זיך געבראָכען דעם קאָפּ איבער'ן
רעטעניש, וואָס איז פֿאָרגעקומען דעם פֿערגאַנגענעם אָוועני־
אין קלוב.

ווען ער האָט זיך אינדערפֿריה אויפֿגעוועקט, האָבען זיך
אין זיין מוח אַדורכגעגליטשט שוואַכע און בלייכע ערשי־
נערונגען וועגען דעם. אַז נעכטען איז ער געזעסען מיט עפּיס
אַן'אונבעקאַנטען הער אין קאַפֿע „באַסטינא“. זיי האָבען גע־
רעדט וועגען טעאַטער. אָבער וואָס זיי האָבען גערעדט און
וועגען וועלכען טעאַטער — דערמאָנט ער זיך ניט. דאָס
דינגע נעוועב פֿון זיין געהירן האָט נאָך בעהאַלטען די ערשי־
נערונג פֿון דעם העלען ליכט, וואָס האָט איהם פֿלוצלינג
פֿערבלענדעט בעת'ן געשפּרעך. אָבער אומזיסט האָט ער זיך
געגריבעלט אין די איבערבלייבעכצען פֿון די דאָזיגע ערשי־
נערונגען, ניט קאָנענדיג מעהר איינשלאָפֿען.

עפּיס געניוערעס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען צו
דערגעהן. מעהר האָט ער ניט געדענקט.

* * *

די געשיכטע איז אויך ניט אויפֿגעקלערט געוואָרען
מיט דעם, וואָס ווינטער'ן איז אויסגעקומען איבערצולעבען
צומאָרגענס נאָכ'ן שלימזול'דיגען קאָרטען־שפּיל.

ביז אַ וויינער פֿיר נאָכמיטאָג האָט זיך איהם איינגעגע־
בען צו קריגען די גליטיגע 20 000 מאַרק און ער איז ישר־
מיט אַוועק אין האָטעל „עקסצעלסיאָר“.

מען האָט טעלעפֿאָנירט אין צימער נומער 15.

— הער באַלינג איז דאָ און בעט אייער וויזיט־קאַרטע.

— האָט דער שווייצער געזאָגט.

ער האָט געגעבען די וויזיט־קאַרטע און איז אַרויף אויפֿ'ן
צווייטען שטאָק

אינמיטן צימער איז געשטאַנען אַ מענטש. יעלעבן זיינע מער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געזעהען. עס איז געווען אַ דיקער מאַן פון מיטעלן וואוקס, אַ ראַזירטער, מיט אַ פנים פון אַן אַמעריקאַנער. ער האָט זיך חשפליך פערניינט.

ווינטער איז אַ ביסעל צומישט געוואָרען.

— עס ווייזט אויס, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות. איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען. איך האָב געוואָלט דעם נומער 15...

— דאָס איז טאַקע דאָס צימער נומער 15, — האָט יענער געענטפערט.

— הם... אויב אַזוי האָט מיר העל באַלינג פערשריבען אַ פאַלשען נומער.

— איך הייס באַלינג.

ווינטער'ן האָט אויפגעבליצט אין קאָפּ: איצט, דאַכט זיך מיר, חלום איך נישט; איך בין ביים געזונדען שכל.

— דער טעות וועט באַלד אויפגעקלערט ווערען — האָט ער געזאָגט, אַרויסנעמענדיג זיין נאָטיץ-ביכעל — איהר האָט דאָס געשריבען?

ער האָט דערלאַנגט דעם ה' באַלינג דאָס נאָטיץ-ביכעל, אין וועלכען דער אומבעקאַנטער האָט מיט אַ טאָג פריהער פערצייכענט זיין נאָמען און אַדרעס.

— ניין! — האָט געענטפערט דער דיקער מאַן.

— הייסט עס, אַז איך בין אייך נישט שולדיג קיין צוואַנציג טויזענד מאַרק פון שפילען איין-און-צוואַנציג?

— מיין צייט איז בעגרעניצט! איך ערוואַרט אַן אינ-טערעסאַנט! — האָט דער דיקער געענטפערט און אַרויסגע-נומען דעם זייגער.

— איך וועל זאָגאָרט אָפּטרעטען דעם וועג פאַר אייער אינטערעסאַנט, אָבער איהר וועט נאָך ערלויבען אייך פרעגען... עס איז נישט מיין שולד, וואָס איך שטעה אַזוי צו... מען האָט מיך אַריינגעפיהרט אין אַ טעות.

יענער האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

ווינטער האָט ווייטער געצויגען:

— אפשר קענט איהר אַ מאַן מיט גרויסע, גראָהע אויגען, אין עלטער פון אַ זעכציג יאָהר, מיט גראָהע באַקענבערד, אין אַ טונקעלען צילינדער, אָנגעטהון אין דיסקרעטע, עלעגאַנטע קליידער... ער האָט אַ גרויסע נאָז און רופט זיך באַלינג.

— אויף דעם אַלעם קאָן איך אייך ענטפערן בלויז מיט אַ „ניין“! — האָט געענטפערט דער באַלינג פון צימער 15.

ווינטער האָט זיך פערנויגט. אונטען האָט ער זיך נאָך געפרעגט, צי אין האָטעל וואוינט נישט אַמאָל נאָך אַ דער באַלינג.

— ניין!

אפשר איז דאָס צימער פריהער געוועזען פערנומען דורך אַ געוויסען באַלינג, וואָס איז אויסגעפאָהרען?

— ניין!

— קען נישט עמיצער די דאָזיגע האַנדשריפט?

— ניין!

— צום ערשטען מאָל אין לעבען קאָן איך נישט אָפּגעבען קיין געלד, וואָס איך האָב פערשפּילט אין קאָרטען! — דאָס ווינטער געזאָגט צו זיך, אַרויסגעהענדיג פון האָטעל.

אָבער איינציגווייז איז ער געוואָרען אומרוהיג.

וואָס פאַר אַ מאָדנע געהיימניספולע געשיכטע. עפּיס עהנליכעס האָט ער נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט. ער האָט געווינען און פערשפּילט — אַ סך און ווייניג. ער האָט זיך אָפּט געפינען אין שווערע דאגות און געהאַט אַ סך זאָרגען איפ'ן קאָפּ. עס איז איהם נישט געגאַנגען אין לעבען מיט איינער אַ מיידעל... ער האָט זיך אפילו איינמאָל דועלירט מיט רעוואָלווערן. אָבער דאָס אַלץ איז געוועזען קלאָר, ווי דער טאָג; מען האָט עס — קאָן מען זאָגען — געקאָנט אָנטאַפּען מיט דער האַנד...

און איצט אַזאַ מערקווירדיגע געשיכטע:

ער האָט פערגעסען, אַז ער האָט דעם הער באַלינג געטראָפען אין קלוב אַריין, ער האָט געשפּילט. ווי זיין האָב

וואָלט זיך געפֿינען אין הימעל און די פֿיס אויף דער ערד. ער איז שולדיג געבליבען צוואנציג טויזענד מאַרק דער געזיינג־נים איהם זיין פֿרעס, וואָס איז טאַקע אַ רויכטיגער. בלויז מיט'ן אונטערשיד, וואָס עס וואונט דאָרט אַנ'אַנדער באַ־לינג און ער קאָן דאָס געלד נישט אָפּגעבען!...

ווען ווינטער האָלט געהאַט אַ געליבטע, וואָלט ער זיך מיט איהר געקאָנט בעראַטען וועגען דעם רעטעניש. אָבער איצט האָט ער זיך געגראָבען דעריבער אליין, אַרומשלע־פּענדיג זיך אויף דעם לעגבאַר־פּלאַץ און אויף די פּראָמע־נאַדען, אַריינקוקענדיג אין די אויגען פֿון די אַדורכגעהער, האָפֿענדיג אין עמיצען פֿון זיי צו טרעפֿען דעם געהיימניספֿו־לען גאַסט. ער איז אַפֿילו אַריין אין קאַפֿע „באַסטינא“ און זיך צוגעקוקט צו די מענשען, וואָס האָבען זיך דאָרט גע־פֿינען. ער איז אַ ווײַלע געבליבען אין קאַפֿע, רעכענענדיג, אַז דאָ, אויפֿ'ן אָרט, וואו ער האָט געשלאָסען קאַנטשאַפֿט מיט דעם הער באַלינג, וועט ער זיך מעהר דערמאָנען וועגען איהם.

אָבער אַלץ האָט זיך געענדיגט מיט אַ פֿרוכטלאָזן גע־שפּרעך מיט זיך אליין. ער האָט זיך געפֿיהלט וואָס אַמאָל ערגער, עס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו איהם אַ קליינער אָבער בייסענדיגער אומרוה. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז עס לויפֿט אין איהם עפּיס אַ נישט זעהעוודיג געשטאַלט, וואָס האָט זיך אויסגעקליבען אַנ'אויפֿגאַבע צו שפּרינגען אויף איהם, ווי אַ מאַלפּע, און איהם אַריינשלעפּען אין אונאָנגע־נעהמע פּאַסירונגען.

ער האָט ענדליך בעשלאָסען זיך אומצוקעהרען אין זיין איינזאַמען, בחור'ישען צימער. דאָ האָט ער געטראָפֿען וואַרטען אויף איהם האַלענדער'ן.

ער האָט איהם בעגריסט מיט אַנ'אויסגעשריי פֿון דער־לייכטערונג:

דער פֿריינד האָט איהם גלייך גענומען פֿרעגען:

— נו, האָסט זיך דערמאָנט?

— אַך. ברודער. עס איז ביטער מיט מיר!

— װאָס, האָסט נישט אָפּצוגעבן די 20.000 ?
— איך האָב — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן צו דער
מאַש — שטעל דיר פֿאָר. אַז קײנער װיל זי נישט נעמען.
אין צימער נומער 15 פֿון האָטעל „עקסצעלסיאָר" װאױנט
עפּיס אַ הער באַלינג, אָבער נישט מײנער. איך קען אים
נישט. ער האָט קײנמאָל נישט געשפּילט מיט מיר אין 21
און איך בין אים נישט שולדיג. איך װעל נישט פּטור װער-
רען פֿון די דאָזיגע 20.000 מאַרק. מיר איז אָבער בעפֿאַלען
אַ שטאַרקער עגמת-נפֿש. װאָס נעהם פֿאָר מיט מיר? עמיצ-
צער דרעהט זיך אַרום מיר — און איך זעה אים נישט.
איך האָב מורא, אַז עס װעט געשעהן עפּיס ערגערס.

— קום אין קלוב אַרײן. אפשר װעט דײן באַלינג קומען
דײנט נאָכ'ן געלד.

— און דער באַלינג פֿון צימער 15 № פֿון „עקסצעל-
כיאָר"?

— מענש! מאַכסט דיר אַלײן אָן מאָדנע דאגות. קום.

— גוט... אפשר װעט יענער קומען.

אין אָװענד איז דאָס מאָל נישט צו שטאַנד געקומען
קײן שפּיל. דער נעכטיגער פֿאָרפֿאַל האָט אױפֿגערודערט אַלע
מיטגלידער פֿון קלוב אַזױ שטאַרק. אַז מען האָט זיך ערשט
נישט געדאַרפֿט אױפֿרעגן די נערװען מיט האַזאַרד. מען
האָט פֿערשיט װינטער'ן מיט פֿערשידענע עצות און אָנװײ-
זונגען.

— עמיל! — האָט עמיצער געפֿרעגט דעם לאָקאַי —
װי אַזױ האָט אױסגעזעהען זײן אומאַ?

— ערשטער קלאַס, הער באַראָן, אַ פֿערמאַכטער, אַנ'-
עלעגאַנטער, מיט אײן שפּרונג האָט ער געמאַכט פֿינף מעטער
און מען האָט אים שױן נישט געזעהען. איך האָב אים
נעקוקט אױף די פֿינגער, װען ער האָט געשפּילט. ער האָט
געהאַט אַ חזיר'יש גליק בײ הער װינטער, אָבער ער האָט גע-
שפּילט ערהליך. מען קאָן נישט זאָגען, אַז נײן! עס איז אַ
פֿאַקט!

מעהר האָט מען זיך נישט דערוואוסט וועגען פרעמדען.
קיינער האָט זיך נישט געמעלדען נישט אין קלוב, נישט בײַ
ווינטער'ן כדי איינצוקאַסירען די 20.000, אָדער געבען איהם
אַ רעוואַנזש.

אויפ'ן אַנדערען טאָג האָט ווינטער זיך בעקענט מיט אַ
פרוי, וואָס האָט אויסגעפיהרט גראָטעסק-טענץ אויף אַ שאַנ-
טען פון קאָנפּעקטען. זי האָט איהם פערזיכערט, אַז זי איז
אַ האַלבע מעקסיקאַנערין. זי האָט איהם שטאַרק אינטערע-
סירט, האָט איהם בעפרייט פון די אומאָנגענעהמע מחשבות
און, אָבער, אויך פון די 20.000 מאַרק, וואָס ער האָט נישט
געקאָנט אָפּגעבען דעם בעל-חוב.

— עס איז די פריהער-אוים בעשלאָסען געוואָרען, אַז
דאָס געלד וועט בעקומען אַ ווייבעל — האָט האָלענדער גע'-
חוזק'ט, זעהענדיג, ווי ווינטער האָט זיך צוריקגעקעהרט אין
זײַן פריהערדיגער, האַרגלאָזער שטימונג.

II

צווי וואָכען שפּעטער האָט דער קרייז מענשען, וואָס
פאַר זיי איז דאָס געווענליכע לעבען, איינדער זיי הויבען אָן
צו שפּילען אין קאָרטען, אַ געפעהרליכע לאַנגווייליגע צייט פון
בענקשאַפט צו האַלטען געשפּאַנט דאָס בלוט אין אויפרע-
גענדיגען, ברענענדיגען האַזאַרד, — גענומען לעבהאַפט שמוע-
סען וועגען עפּיס אַנ'אומבעקאַנטען, וואָס רייסט זיך אַרייַן
אין די שפּיל-הײַזער און געהט אַוועק אַ בעלאָדענער מיט
געלד.

יעדעס מאָל איז עס געווען אַנ'אַנדערער. דאָ איז עס
געווען עפּיס אַ יונגער ספאָרטסמאַן, דאָ אַ בעל-בית'ישער
בירגער פון דער פּראָווינץ, דאָ אַנ'ארטיסט, כאַראַקטעריזירט
מיט אַ בלאָנדער באָרד, דאָ אַ רויבער און מערדער, וואָס איז
ערשט אַרויסגעשפּרונגען פון דער בעשולדיגונגס-באַנק... אָפּט
אַ דעטראָנירטער פירשט... הײַנט אַ פראַנצויז און מאָרגען
אַ סוחר פון לייפּציג, וואָס זײַן אויפגאַבע איז אַר.בערצו-
פיהרען קויהלען פון סאַאר-געביט דורך דער שווייץ אין די
בייערישע פאַבריקען, אָדער מאַכען וואַלוטע-טראַנזאַקציעס

מיט ניו־יאָרק אָדער ריאָ דע זשאַנײראָ. יעדעס מאָל איז גם
געווען אַנ׳אַנדערער, אָבער די צוהיצטע פֿאַנטאַזיע האָט פֿון
די אַלע פּערשוינען געמאַכט איין סורות׳דיג געשטאַלט.
היינט עקזיסטירען שוין נישט קיין פֿערמאַכטע געזעל־
שאַפֿטליכע קרייזען. דאָס געלד איז געוואָרען דער שליסעל
צו אַלע שלעסער; פֿוטערם האָבען צוגעדעקט אַלע מעלית,
וואָס דער מענש פֿערמאָגט, די ברילאַנטענע שפּילקע האָט
פֿערבלענדעט מיט איהר גלאַנץ דעם שאָטען פֿון יעדען כאַ־
ראַקטער.
קיינער האָט זיך דערייבער נישט געפּינען זילבער לגבי
אַנדערע. דער לעגענדאַרער שפּילער האָט זיך געקאָנט ווייזען
אומעטום. מען האָט איהם ערוואַרט און מורא געהאַט פֿאַר
איהם יעדען אָוונט. ער האָט געקאָנט זיין יעדער שכן ביים
שפּיל־טיש.
די מאַכט האָט בעקומען אָנקלאַגעס נעגען אַ רויבערי־
שען שפּילער. קיינער האָט אָבער נישט געקאָנט אויפֿווייזען,
אַז ער האָט פֿאַלש געשפּילט. אָבער ער האָט געווינען שטענ־
דיג און אַזוי פֿיל. אַז קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבען,
אַז דאָס איז געשעהען אויף אַנ׳עהרליכען וועג
די טענצערין פֿון דער קאָנפֿעקטען־פּושקע האָט ווינטער׳ן
אַריינגעפֿיהרט אין אַ סך געזעלשאַפֿטען, וואו מען האָט גע־
טריבען דאָס האַזאַרד־שפּיל. ער האָט זיך דאָרט אַ סך אָנ־
געהערט וועגען דעם רויבערישען שפּילער; על פּי רוב האָ־
בען וועגען דעם לעגענדאַרישען שפּילער דערצעהלט אַקטי־אַ־
דען. דאָס איז אפשר דערפֿאַר, ווייל מענשען פֿון די קוליסען
און קינקעטען האָבען ליב זיך צו פֿערנעמען מיט ערשיינונ־
גען, וואָס זענען נישט אַלטעגליך, געוועהנליך, פּונקט ווי זייער
פּריוואַט־לעבען, און זיי זענען שטענדיג גרייט יעדעס נישט־
בעדייטענדע געשעהעניש צוצייעבען דעם גלאַנץ פֿון דער
פֿאַנטאַזיע, וואו עס ווירקען געהיימע כחות.
אָבער ווינטער איז שוין געווען פֿולשטענדיג רוהיג. זיינע
געדאַנקען זענען געווען ביים גלייכגעוויכט. ער האָט נאָך
אפֿילו געטראַכט וועגען דער געשיכטע מיט די 20.000 מאַרק.

אָבער ער האָט עס איצט גענומען פֿון דער פֿרעהליכער זייט. עס האָט איהם פֿערשאַפֿט פֿערגעניגען דאָס, וואָס דעם חוב האָט ער אָפּגעגעבען נאָר אַן אַנדערען, און ער איז דערפֿון געוועזען שטאַרק צופֿרידען. איצט, ווען ער האָט זיך אויסגע-ניכטערט פֿון דער בערוישונג, איז ער וואָס אַמאָל מעהר גע-קומען צו דער איבערצייגונג, אַז יענע נאַכט האָבען איהם זיינע פֿריינד אָפּגעטאָן עפּיס אַ געלונגענע „שפּיצעל" און בלויז דער איינציגער טונקעלער פּונקט אין דער געשיכטע איז יע-נער באַליינג; אָבער דאָ האָט ער געטראַכט, אַז ווי עמיל, דער קלוב-דינער, האָט איבערגעגעבען, האָט זיך יענער גאָר נישט אַזוי שטאַרק געפֿרעהט מיט זיין אויסגעוועהלטען מזל.

ער איז דעריבער נאָך מעהר געוואָרען פֿערוואונדערט, ווען אין אַ געוויסען טאָג האָט זיך געמעלדען צו איהם מיט אַ וויזיט אַ געוויסער הער ווענק און איהם געבעטען אויס-פֿיהרליכער צו דערצעהלען די געשיכטע פֿון יענער נאַכט אין קלוב.

ווינטער האָט עס נישט געוואָלט טאָן.

דערמאָלט האָט דער גאַסט ערקלערט, אַז ער איז אַ פּראָ-קוראָר. ער איז אויף אַ העפֿליכען אופֿן שטאַרק צוגעשטאַנען און געבעטען ערקלערונגען. ער האָט אַפֿילו געוויזען עפּיס אַ פּאַפּיר. ער האָט מיטגעטיילט ווינטער'ן, אַז ער איז דערצו בעפֿולמעכטיגט געוואָרען אַלס בעאַמטער.

ווען ווינטער וואָלט זיך לאָטש נעקאָנט בעראַטען מיט זיין פֿריינדין, די מענצערקע! אָבער איצט איז איהם אויס-געפֿאַלען צו זיצען אַליין געגענאיבער הער ווענק און אַליין רבעכען זיך דעם קאָפּ, וואָס מען האָט געדאַרפֿט דערצעהלען און וואָס פֿערהוילען.

ער האָט לעצטענס שטאַרק ליב געקריגען די מענצערין קאַראַ קאַראַזאַ און עס איז איהם שטאַרק נישט אָנגעגאַנגען אויפֿצוקאָכען אונאָנגענעהמע פּאַסירונגען און דערמיט העל-פֿען פֿערבעסערן די מאָראַל אין לאַנד.

— איהר געפינט זיך, — איהר וועט מיר מוחל זיין,
וואָס איך מיש זיך אריין אין אײַערע פערזענלכע ענינים, —
אין פרײַנדשאַפטליכע בעציהונגען מיט פריילין קאַרא קאָ-
ראַזאַ... נישט אמת ? — האָט דער נאַסט פלוצלינג אַ פרעג
געטאָן.

— המ... יאָ ! — האָט ווינטער שוואַך אָפּגעזיפצט...
אָבער וואָס האָט עס אַ שייכות...

— וואָלט איהר נישט געוואָלט מיר בעקענען מיט דער
דאָזיגער פרוי ? עס האַנדעלט זיך וועגען אַ מיסיע, וואָס די
מלוכה האָט מיר איבערגעגעבען. ווען איך וואָלט אײַך גע-
קאָנט בעטען, איהר זאָלט מיך פאָרשטעלען פאַר דער דאָ-
זיגער פרוי אַלס.... פריוואַט-פערזאָן ! איך דאַרף אײַך מסתמא
נישט פערזיכערן, אַז קײן שום שאָטען פון פערדאַכט איז
אויך נישט פאַראַן אויף אײַער גוטען נאָמען. איך האָב אויך
נישט געהערט קײן שום שלעכטס וועגען דער דאַמע. אָבער
מיט'ן טון די טובה, וואָס איך בעט אײַך, וואָלט איהר גע-
בריינגט נוצען דער מלוכה און אפשר... זיך אַליין. פון הײַנט
אָן געפינט איהר זיך דירעקט אונטער דער השגחה פון דער
פּאָליציי. איהר דאַרפט זיך נישט שרעקען. איצט איז בלויז
פאַראַן אַ חשד. מעהר נישט. יעדענפאַלס זײַט זיכער, מײַן
הער, אַז איהר וועט נישט האָבען דעם מינדסטען שאָדען
פון די לײַסטונגען, וואָס איהר קאָנט טון פאַר דער מלוכה
און פאָלק.

— ווי זאָל איך דאָס אַלץ פערשטעהן ? — האָט ווינ-
טער געפרעגט מיט אַן'אונזיכער קול.

— האָט איהר געטראַכט וועגען אײַער גליקליכען פאַרט-
נער ?

— איך וועל רעדען אָפען, הער פראָקוראָר, בלויז אַ
גאַנץ קורצע צײַט האָב איך מיך פערנומען מיט דער דאָזי-
גער געשיכטע. עס האָט זיך מיך געדאַכט, אַז עס שטעקט
דערין אַ סוד. איך האָב אָנגענומען פאַר אַ וויץ די פערזיכע-
רונגען פון מײַנע פרײַנד, אַז איך האָב יענעם מאַן אַליין גע-

פּרענגט אין קלוב — און...

— יענער הער באַלינג, וואָס האָט זיך אין האָטעל אַרויסגעוויזן פאַר אַנ'אַנדערן, ווי דער, וואָס אין קלוב מיט אַנ'אָוענד פריהער.

— יאָ, דאָס איז נאָך הײַנט נישט קלאָר פאַר מיר. מען גיט פאַלשע אַדרעסן, כדי צו מאַכן חוזק פון יענעם. אָבער דאָס איצטיגע מאָל האָט מען עס געטון, כדי היזק צו האָבן 20.000 מאַרק.

— אָבער פאַרוואָס גיט איהר נישט אַ קלער, — האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט, — אַז יענער עלטערער הער האָט געשפּילט פאַלש אויף וועלכן עס איז אופן? אפשר צוליב פאַרזיכטיגקייט, אָדער צוליב עפּיס אַ צופאַל, וואָס איהר האָט נישט בעמערקט, — האָט ער זיך בעגנוגענט מיט דעם געלד, וואָס ער האָט פון אײַך אַרויסגעריסן. ער האָט אויפגעגעבן דעם ערשטן בעסטן נאָמען, וואָס איז איהם געקומען אויפ'ן געדאַנק, און וועלכן ער האָט אפשר צופעליג געקענט. מען דאַרפט נאָר וויסן, צי יענער הער באַלינג פון דער נאָכ־מיטאָג־שעה אין האָטעל „עקסצעלסיאָר“ איז נישט אַמאָל דער געשיקט־פערמאַסקירטער הער פון דער אָווענד־שעה אין קלוב! אָבער איהר אַליין שטעלט פעסט, אַז יענער איז געווען אַ נידריגער און אַ דיקער, בעת דער פריהערדיגער האָט פערמאָגט אַ קאָרפּולענטע שיהנע פיגור... שפּילט איהר נאָך, הער ווינטער?

— אַ ביסעל... פון צײַט צו צײַט... אַמאָל דאָ און אַמאָל דאָרט....

— צוזאַמען מיט דער קאַרא קאַראַזא? איך בין בעפרײַנדעט מיט אײַנעם פון איהרע פרײַנד, מיט האָלענדער'ן. ער וועט מיך פאָרשטעלן פאַר אײַך און אזוי וועלן מיר בעגײַען אונזער קענטשאַפט, וואָס איהר פּאָליציאַנישע אויפגאַבע בעט איך מוחל צו זײַן... איך האָף, אַז מיט דער צײַט וויעל איך געווינען אײַער סימפּאַטיע!...

און ווענק איז אַוועקגעגאַנגען אין זײַן קאַנצעלאַריע.

* * *

מיט אַ חודש פֿאַר דעם דאַזיגען ווייזיט האָט וועגן איין אַ פּראָצעס, אויף וועלכען ער איז אויפֿגעטרעטען אַלס בעשולדיגער, געהאַט די מעגליכקייטען צום ערשטען מאָל מיט די אייגענע אויגען צו זעהען, ווי די תאוות צום האַזאַרד האָט, ווי אַ מגפֿה, בעהערשט כמעט די גאַנצע שטאָט. ער אַליין האָט אפֿילו ליב געהאַט דעם כשוף, וואָס דאָס האַזאַרד-שפּיל גיט דער פֿאַרשטעלונגס-קראַפֿט און די נערווען; ער האָט עס ליב געהאַט אַלס צושטרייאונג, וואָס דאָס שפּיל האָט איהם געגעבען נאָך זיין טאָג-טעגליכען אַרומקריכען צווישען ריכטער, אַדוואָקאַטען, בעשולדיגטע... אַמאָל האָט ער גע-שפּילט רעגולער, דעם אמת געזאָגט, נישט מיט קיין לייד-ענ-שאַפֿט, אָבער מיט אַן אָנגענעהם געפֿיהל, אויספּרובענדיג בעת'ן שפּילען, ווי שטאַרק עס איז די הערשאַפֿט איבער זיך, אָבסערווירענדיג מענשען און אָפּגעבענדיג זיך מיט פֿרייד דער כוואַליע פֿון גורל. וואָס האָט גערייצט די נערווען ביים גרינגען טיש.

אין פּראָצעס געגען די האַזאַרד-שפּילער האָט ער ערשט געזעהען די גרויסע געפֿאַהר, וואָס דאָס שפּילען איז פֿאַר'ן פֿאָלק. דער סוף פֿון קריג האָט נישט בערוהיגט די נערווען, נאָר פֿערקעהרט, געהאַלטען זיי אין כסדר'דיגער שפּאַנונג.

אפֿשר זענען די קריגס-בעריכטען געווען די ערשטע סיבה דערפֿון. לאַנגע וואָכען און חדשים זענען די קריגס-בעריכטען געווען אַ מין לאָטעריע־פֿאַר'ן פֿאָלק. באַלד דערנאָך זענען גאַנצע שיכטען פֿון דער בעפֿעלקערונג אַרייַנגעוואָרפֿען געוואָרען אין אַ סיסטעמאַטישער בערוישונג פֿון האַזאַרד-שפּילערייען; דאָס האָט געהאַט פֿאַר אַ ציל אויפֿצוהאַלטען די קריגס-שטימונג, די צורייצייטקייט. דער האַזאַרד האָט זיך אויך געלאָזט פֿיהלען אין האַנדעל. מען האָט נישט געוואָלט זיך האַלטען ביי דעם רוהיגען, שטענדיגען פּרייז. די פּרייזען האָבען זיך געהויבען, געוואַקעלט געפֿאַלען. מען האָט ביי סחורות געשפּילט, געווינען, פֿערלוירען, ווי די קאָרטען. די מורא'דיגע געלד-שפּעקולאַציע, וואָס איז געקומען בעת די אינפֿלאַציע-צייטען, האָט נאָך שטאַרקער און ריזיגער פֿער-

גרעסערע דעם האַזאַרד, איינרייסענדיג אַלע ירעניצען. פאַר חענק'ן איז געווען קלאָר, אַז יענע מענשען, וואָס האָבען עראשט נישט לאַנג פאַרנומען הויכע אַמטען, וואָס האָבען גענהאָפט צו קויפען פאַר געלד די נשמה פון פאָלק, זענען נישט וועניגער שולדיג געווען אין די שרעקליכע רעוואָלוציאָנען, וואָס דער קריג האָט געבראַכט אין דייטשלאַנד, ווי די פּאָליטישע בערנגונגען, וואָס האָבען זיך געשאַפען אַ דאַנק דעם ווערסייער טראַקטאַט.

אויפ'ן אָרט פון דער מאָראַלישער קראַפט פון דייטשען פאָלק, וואָס איז שטענדיג פעהיג געווען צו ברענגען קרבנות, איז געקומען אַ גאָט: געלד!! און דער מאַנן אָרום דעם גאָלדענעם קאַלב האָט זיך אָנגעהויבען. דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיטגעמאַכט דעם מאַנץ.

די מלחמה האָט אויפגעהערט. דאָס געלד האָט פאַרלוירען פון זיין ווערט, און מעהר ווי שטענדיג האָט דער קלאַנג פון געלד בעהערשט דאָס לעבען פון גאַנצען פאָלק, ווערכען מען האָט צוגענומען זיין אונגערליכען גלאַנץ און פרינאומף.

הונדערטער טויזענדער מענשען האָבען זיך צוליב דעם קריג צוגעוואוינט צו פיהרען אַ לעבען אָהן שום אַרבייט. ווייל דאָס גאַנצע לעבען אין משך פון גאַנצע יאָהרען איז געווען אַ לאָטעריע ווענען „זיין אָדער נישט זיין". מען האָט זיך צוגעוואוינט צו האָבען שטענדיג הייסע נערוועוס געשפּאַנטע נערווען. דער מוח און דאָס האַרץ זענען געווען אָפּגעשטומפּט. מען האָט זיך צוגעוואוינט צו שטעלען יעדע רגע אַלץ אויף איין קאָרט. די נערווען, וואָס זענען צורייסט געוואָרען בעת די שלאַכטען, אין לאַנג בעת'ן הונגער, אויף די פראָנטען, האָבען געפאָדערט ווייטערדיגע שפּאַנונג.

ווענק האָט אויפ'ן בראָצעס פון די האַזאַרד-שפּילער גענוי זעהען די דאָזיגע געפאַהר. זיין ערפאַהרונג אויפ'ן דאָזיגען געביט איז גרעסער געוואָרען, האָט זיך שרעקליך פאַרגרעסערט.

ער האָט געוואוסט, אַז מען האָט געשפּילט אין קעלער אויף פינף מאַרק; אויפ׳ן ערשטען שטאָק אויף פינף טויזענד, מען האָט געשפּילט אויפ׳ן הויף, ווײט פון הויף, אין דער היים. מען האָט געשפּילט מיט קאָרטען, סחורות, געדאַנקען, פרייד, שטאַרקייט און שוואַכקייט. מען האָט געשפּילט מיט׳ן נאָ־הענטסטען און מיט זיך.

עס האָבען זיך געוואָרפען אין האַזאַרד־שפּיל מענשען, וואָס זענען פון דער נאַטור נישט געניגט געווען צו האַזאַרד, וואָס זענען געוואוינט געווען צו אַ רוהיג לעבען, וואָס האָבען געקאָנט וואַרטען, אויסרויערען, אָהן היץ און אָהן שפּאַנונג.

וועגן אַליין איז געווען אַ בעאַמטער, וואָס האָט דער־גרייכט דאָס אַלץ און דרייסיגסטע לעבענס־יאָהר אויף אַ בהדרגה׳דיגען אופן; ער האָט פּאַמעליך און לאַנגזאַם גע־מאַכט זיין קאַריערע. בעת׳ן קריג האָט ער זיך געמאָלדען אַלס פרייוויליגער אין אַ פּליה־אַפּטיילונג, ווייל ער האָט געהאַט אַ ליבע צו דעם ראָזיגען ספּאָרט און אין דער נשמה האָט ער בעהאַלטען פון זיין יוגענד אַ ליבע צו געפאַהרען. די איבער־לעבונגען אין מיליטערישען דינסט זענען אַריבער און ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין פריהערדיגער בעשעפ־טיגונג מיט מעהר אימפּעט, ווי ער האָט זי פערלאָזען. דער פּראָצעס נעגען די שפּילער און די פאָלגען פון איהם האָבען איהם אָנגעשטעקט מיט דער לײדענשאַפט פון האַזאַרד.

ער איז גלייך אוועק צום מיניסטער און איהם געשיל־דערט אַלץ, וואָס ער האָט געזעהען און געהערט, און איהם געזאָגט, אַז מען דאַרף אָנהויבען אַ קאַמף אָהן רחמנות גע־גען דער נייער כאָלערע, אויב מען וויל נישט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל צופרעסען ווערען פון איהר.

דער מיניסטער האָט אַ שמייכעל געטוהן:

— אונזער פאָלק איז געזונד; איהר זענט אַ פּעסי־מיסט! — האָט ער זיך אָנגערופען.

אָבער וועגן האָט געענטפערט:

— אָבער עס איז שרעקליך קראַנק צוליב׳ן קריג! און

פון וואַנען זאָל עס גענומען ווערען נאָך אַזוי פיל יאָהרען פון אַזאַ צושטערענדיג לעבען ?

דעמאָלט האָט דער מיניסטער, וועלכער האָט זיך ניט געפיהלט זיכער, אָפּגעטרעטען, און געשאַפען דעם ניעם אַמט וועלכען וענק האָט איבערגענומען.

דער אַמאָליגער פּראָקוראָר און בעאַמטער איז אַריינגע=ריסען געוואָרען אין הו=האַ פון זיין פאַך. ער האָט עס אַוועק=געגעבען די גאַנצע שפּאַנונג פון זיין ענערגיע. ער האָט זיך נישט אויסגעקליבען אַ שעהנע קאַנצעלאַריע מיט אַ ווייכען פאָטעל, נאָר ער האָט חירקליך, מיט אַלע כחות גענומען אַר=בייטען אין קאַמף מיט דער מגפה. עס איז אויסגעקומען פאָר=צושטעלען זיך אַלס פּאָליציי=אַגענט און דעטעקטיוו. ער האָט זיך אָהן מורא אַרויסגערוקט אויף דער פאָדערשטער פּאָזיציע פון געפעהרליכע שפּיל=פּלעצער, האָט צונויפגעזאַמעלט מאַ=טעריאַלען, וואָס מען האָט געקאָנט בעקומען אין דער האַנד אַריין. אַליין האָט ער געמוזט אַליין. און דעריבער האָט ער זעהר שנעל דערקענט, ווי שוואַך עס איז זיין כח אין קאַמף מיט דער אונגעוועהנליך פערשפּרייטער מגפה און ער איז גע=פאַלען אויפ'ן געדאַנק צו שאַפען אַ וואַך פון אַזעלכע, וואָס זענען אַליין קראַנק אויף האַזאַרד.

און ער האָט אָנגעהויבען צו ווערבירען מענשען, וואָס זענען נאָך נישט געווען איינגאַנצען פערדאָרבען, נאָר האָבען נאָך געטראָגען אין האַרצען קערנדלעך פון בענקשאַפט צו אַ ריין און שעהן לעבען. ער האָט אויסגעקליבען פון זיינע אַמאָליגע חברים פון מיליטער אויך האָלענדער'ן. אָט פון איהם האָט ער זיך דערוואוסט אַלע איינצעלהייטען וועגען דער מערקווירדיגער געשיכטע מיט'ן הער באַלינג אין קלוב.

ער האָט די געשיכטע פערגליכען מיט'ן צונויפגעזאַ=מעלטען מאַטעריאַל. עס זענען כסדר אָנגעקומען ניעע אָנ=קלאַגעס אויף רויבער אין קאָרטען=שפּיל, וואָס האָבען „גע=אַרבייט" אַזוי גוט, אַז מען האָט זיי נישט געקאָנט מאַכען דעם מינדעסטען פאָרוואורף, אָבער זיי האָבען אַזוי אויסגע=לוידיגט זייערע קרבנות, אַז עס איז אוממעגליך געווען אָנצו=

נעמען, אַז זיי האָבען בלויז געהאַט „גליק״.

װענק איז אויפ'ן סמך פֿון געװיסע עהנליכע סימנים פֿון דעם אופֿן פֿון שפּילען געװען גענייגט אָנצונעמען, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גוט־אָרגאַניזירטער באַנדע. און אויב דאָ איז נישט געװען קיין באַנדע, איז ער זיכער געװען, אַז דאָרט אַרבייט אָפּ איין מענש, פֿערשטעלט אין פֿערשידענע געשטאַלטען. אָבער דער דאָזיגער איינדרוק איז ענדער געװען אַ געפֿיהלס־זאַך, װי אַ קלאָרע פֿעסטשטעלונג. צװישען אַ גאַנ־צער רייהע אַנדערע עהנליכע פֿאָרפֿאַלען איז װינטער'ס איבער־לעבונג געװען די מאָדנעסטע און זעלטענסטע, אַממעהרסטען געהיימניספֿולסטע און געפֿעהרליכסטע. אָבער װענק האָט אין איהם געזעהען אַ שליסעל צו אַלע אַנדערע רויב־געשיכטען.

* * *

נאָכדעם װי װענק איז אַװעק, האָט װינטער לאַנגע שעה'ן געקעמפֿט מיט זיך. די צודרינגליכקייט, די פֿעסטקייט פֿון פּראָקוראָר, כאָטש ער איז געװען גענוג העפֿליך, האָט גע־מאַכט אויף איהם אַ מיאוסען רושם. ער האָט פֿערשטאַנען זיינע כונות. ער האָט שוין אַליין געפֿיהלט, אַז ער פֿיהרט אַ נישט־ריכטיג לעבען, הגם די בעקװעמליכקייט דערפֿון האָט אַזעלכע געדאַנקען פֿערטריבען פֿון זיין קאָפּ.

װען די צייט װאָלט געװען אַנ'אַנדערע, װאָלט ער דאָס הילפֿלאָזע לעבען װייטער געפֿיהרט אָהן בעגרענצונג, װאָלט זיך װייטער אָפּגעגעבען די פֿערגעניגענס, ביז דאָס געזונד װאָלט נישט געמאַכט אַ סוף דערצו, אָדער ער װאָלט זיך אַרויסגעמישט דערפֿון דורך אַ'אומגעריכטער גינסטיגער פּאַרטיע, װאָס האָט זיך פּלוצלינג געמאַכט.

ער האָט זיך שנעל אָפּגעטרייסעלט פֿון זיינע ספֿקות, איז אַװעק צו זיין מענצערין קאַרא קאַראָזאַ און איהר אויספֿיהר־ליך דערצעהלט װעגען פּראָקוראָר װענק'ס װיזיט.

— װי גאָט איז דיר ליב! — האָט די מענצערין אויס־געשריגען — פֿיהר אונז נישט אַריין אין קיין בלאָטע דורך דיינע פּראָקוראָר!

— אָבער פֿאַרוואָס?... פֿאַרוואָס?!... שפּילען מיר דען פֿאַלש? שווינדלען מיר? בעטריגען מיר? טרייבען מיר ליבעליע, אָדער פּאַסקעווען מיר? מיר ערלויבען זיך בלויז צו לעבען. פֿון וואַנען שטאַמט דיין פּחד, מיין ליבע?

— אַך, גאַרדי! אַ פּראָקוראָר... פֿערטאַכטע טירען... איינער אַ העָר באַלינג... דאָס אַלץ שמעקט מיט דער תליה!

— איך האָב איהם אָבער צוגעזאָגט.

— דאָס איז נאַריש! — האָט זי אויסגערופֿען — מען האָט עס געדאַרפֿט אויסמיידען... היינט אין אָוועָנד נעהמען מיר צו די שראַמס. עס דאַרפֿט דאָרט זיין עשאַ מיט איהר פֿריינד. האַלענדער האָט מיר שוין טעלעפֿאָנירט, אַז ער וועט אויך זיין.

— איך מיין, אַז ווע‍ג וועט מיטקומען מיט איהם.

— פֿערפֿאַלען, — האָט קאַראָזאַ געזאָגט, — אַז ער וועט קומען, וועט ער זיין.

דער עלטסטער קעלנער פֿון דעם קליינעם ווייןֿלאָקאַל פֿון די ברידער שטראַס, וואָס איז מיט אַ קורצער צייט צוריק ערשט געעפֿענט געוואָרען אין דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרקגאַס און איז געווען פֿון אויסענווענדיג און אינעווענדיג בעצירט דורך ראַפֿינירטע קינסטלער — האָט אַריינגעפֿיהרט האַלענדער'ן און וועגק'ן נאָך דער קאָלאַציע אין אַ זאַל, אין וועלכען עס האָט אַריינגעפֿיהרט איין טיר, וואוהין מען האָט געמוזט געהן דורך געדרייטע טרעפּען, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין פֿענסטער.

אינמיטען פֿון זאַל איז געשטאַנען אַ גרויסער רונדינגער טיש. דער טיש איז געווען ביי די ברעגען אויסגעשניטען אין אַזעלכע לאָזשעס, אין וועלכע די געסט זענען געזעסען פֿערמאַכט ווי אין נישעס, ווייל פֿון דער רעכטער און פֿון דער לינקער זייט זענען געווען דינגע ווענדלעך. דער פּלאַך פֿון טיש איז געווען פֿון רויטען קיפּערפֿעלדער מאַרמאָר אין באַראָקסטיל. בלויז אינמיטען פֿון טיש האָט זיך געוואָרפֿען אין די

אױגן אַ ברײטער חײסער ,זונדיגער פֿלעק. לעבן די פּאַטע-
לען פֿון די שפּילער האָט זיך די פּאַרלאַנגע עטהאָס אױפֿגע-
הױבן. די װוּנדערלעכע זענען געװען אױסגעפּּעט מיט מעבי-
בלען פֿון אַן אַנגענעמער מאַלינע-קאָליר, װאָס זענען אין דער
הױך אַדורכגעשניטן געװאָרן דורך שװאַרצע אָרנאַמענט-
ליניעס. אױף אַ מעשענער שטאַנג, װאָס האָט זיך אַראָפּגע-
לאָזט פֿון סופֿיט, איז געהאָנגען נידריג צום טיש אַ שירם פֿון
געשליפֿענעם קריסטאַל-גלאָז, אונטער װעלכן עס האָבן זיך
געװיגט עטליכע צװײגן מיט בּאַרנעס, װאָס האָבן גע-
װאָרפֿן אױפֿ'ן טיש אַ שײַן פֿון עלעקטרישן ליכט. דער סו-
פּיט און די װענט זענען געװען פֿון װעלכע פּרעכטיגן, װעל-
כענעם רױטן מאַרמאָר, װאָס דער טיש.

װענק איז פֿאַרגעשטעלט געװאָרן פֿאַר דער טענצערין
קאַראָזאַ.

— איך האָב נישט געקאָנט האַלטן די צונג אונטער
די צײן, הער פּראָקוראָר, מײַן פֿרײַנדין איז אינפֿאָרמירט.
געמט עס נישט פֿאַר אומגוט... — האָט װינטער געזאָגט.

װענק האָט אַ לײַכטן שאָקל געטון מיט'ן קאָפּ, װײַזענ-
דיג, אַז ער איז אונצופֿרידן.

פֿאַר האַלענדער'ן און װענק'ן זענען געװען רעזערװירט
פּלעצער בײַם טיש. זײ האָבן זיך געזעצט. פֿאַרגײַנגענדיג זיך,
אָהן פֿאָרצושטעלן זיך.

מען האָט געשפּילט אין באַקאַראַט.

האָלענדער האָט זיך אַראָפּגעבױגן צו װענק'ן:

— בלױז דער בלאָנדער מיט דער לאַנגער באָרד איז דאָ
אַ פֿרעמדער. װײַטער זענען אַלע שטענדיגע שפּילער.

װענק האָט געװאָרפֿן אַ בליק אױפֿ'ן אָנגעװיזענעם גאַסט
און זיך געטראָפֿן מיט זײַנע אױגן. ער האָט בעמערקט, אַז
אױך יענעמ'ס אױגן האָבן זיך שטאַרק אָפּגעשטעלט אױף
איהם, אָבער ער האָט זיך תיכף געמאַכט, װי ער קוקט אין
דער הױך. אָבער יעדעס מאָל, װען ער האָט געװאָרפֿן אַ
בליק אױפֿ'ן פֿרעמדן, האָט ער געזעהן, אַז יענער מעסט

איהם ערנסט אָן.

דער פֿרעמדער האָט געשפּילט איינגעהאַלטען. קאַלט ער האָט אָפּט פֿערשפּילט. דעמאָלט האָט ווענק אויפֿגעהערט צו זיין אויפֿמערקזאַם צו איהם און גענומען זיך צוקוקען צו אַנדערע. אַלעמענס אויגען זענען געווען געווענדעט צום ווייס־ סען פֿלעק אינמיטען טיש, וואו די קאַרטען זענען געפֿאַלען. זעלטען עמיצער האָט פֿון דאָרט אַוועקגענומען דעם בליק. עס זענען געווען הערען אין פֿראַק און אויסדרעקאָלטירטע דאַמען, צו מאָדערן געקליידעט. דער האַזאַרד האָט זיך אַלעמען איינ־ געבויסען אין די קאַרקען און זיי געטריבען, ווי אַ רייטער.

— דאָ איז קיינער נישטאָ פֿון „יענע", — האָט זיך ווענק געטראַכט — סיידען דער מיט דער לאַנגער באָרד. ער האָט איהם גענומען אויפֿסניי אָנקוקען. אָבער עס איז איהם נישט געווען אויפֿפֿאַלענד קיין אַנדערע זאַך, ווי דאָס, וואָס יענער האָט שטענדיג געענטפֿערט אויף זיין בליק. ווענק האָט אויך אויפֿמערקזאַם אָנגעקוקט קאַראָזאַ'ן. ער האָט געזעהען. אַז זי האָט געשפּילט מיט הויז, זיצענדיג לעבען ווינטער'ן, פֿון וועמענס געלד זי האָט גענומען יעדעס מאָל, ווען זי האָט פֿערשפּילט. אין איינעם פֿון די שפּילער, וואָס איז געזעסען נעבען איהר פֿון דער אַנדערער זייט, האָט ווענק דערקענט— אַזוי, ווענינסטענס, האָט זיך איהם געדאַכט, — דעם בעקאַנ־ טען מענאָר פֿון דער גרויסער אָפּערע, וואָס זיין פֿאָטאָגראַפֿיע האָט ער אָפּט געזעהען אין די שוי־פֿענסטער

— איז ער אויך שטענדיגער גאַסט? — האָט ער גע־ פֿרעגט האָלענדער'ן.

האָלענדער האָט געענטפֿערט „יאָ".

ווענק האָט געוואונען אַ קליינע סומע. ער האָט געשפּילט ווייטער, ביז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ער האָט דאָ מעהר גאָרנישט וואָס צו טון. ער איז אָפּגעטרעטען זיין פּלאַץ אַנ־ עלטערען הער, וואָס איז שוין אַ לענגערע צייט געשטאַנען לעבען איהם און זיך דערעסען מיט זיינע באַמערקונגען, וועלכע קאָרט ער דאַרפֿט נעמען. ער האָט זיך איבערגעזעצט

אויף אַן'אַנדערער אָרט. נעבען דער וואַנד, אוז אַ שעה צײַט זיך צוגעקוקט צום שפּיל. דערנאָך האָט ער זיך פֿערנײַגט און אַרויס צוזאַמען מיט האַלענדער'ן. ווינטער און קאַראָזאַ זענען געבליבען. ווען ווענק האָט געמאַכט עטליכע טריט צו דער טיר, האָט ער זיך נאָך איינמאָל אימגעקוקט צום טיש.

דעמאָלט האָט זיך איהם אויפגעדאַכט, אַז דער בלאָנ־דער מיט דער לאַנגער באָרד קוקט איהם נאָך מיט זײַנע שאַרפע אויגען פונקט. ווי יענער וואָלט געפּאָרשט זײַן אַוועק־געהן, און באַלד דערנאָך האָט ער זיך מיט דראָהונג אײַנגע־גראָבען מיט'ן בליק אין קאַראָזאַ'ס פּנים. אָבער דאָס האָט אויך געקאָנט זײַן אַ ליכט־טוישונג. געפינענדיג זיך איינמען אויף די טרעפען, האָט ווענק זיך צוזאַמענגעשטויסען ברוסט צו ברוסט מיט אַ דאַמע, וואָס האָט ערשט געהאַט אָנגעריהרט מיט דער האַנד דעם פּאָרענטש. ער איז גלייך אַ צומישטער אָפּגעטרעטען, פֿערנײַגענדיג זיך טיף, ווי ער וואָלט איהר אָפּ־געגעבען לבוד. ער האָט שוין באַלד געוואָלט אַ געשריי פֿון האַלענדער'ן:

— איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזעהען קיין שע־נערע פּרוי!

אָבער ער האָט תיכף בעגריפען, אַז ער דאַרפט עס נישט טון. ווייל דאָס איז נישט גינסטיג פֿאַר זײַן אויפגאַבע. און אַ דערוואַרטעטער פֿון גלוסטונג צו דער דאַמע, האָט ער נאָך שווײַגענדיג געטראָגען אין קאָפּ דאָס בילד פֿון איהר, געהענ־דיג דורך די פֿינסטערע גאַסען פֿון דער שטאָט. אין דער היים איז ער אַרײַנגעפֿאַלען אין טיפֿען שלאָף. אָבער צוויי שאַרפע גראָהע אויגען, וואָס האָבען אויסגעזעהען עלטער פֿון דער גע־פּוצטער באָרד פֿון זײַער אייגענטימער, האָבען אין חלום אַרויסגעריסען פֿון זײַן ברוסט אַ טויז פֿון האַרצענס־בלוט.

בעת ער האָט זיך אויפגעוועקט אינדערפֿריה, האָט ער מעהר גאָרנישט געפֿיהלט שוין... אַ חוץ אַ בענקשאַפֿט נאָך אַמאָל צו טרעפֿען זיך מיט דער פּרוי, וואָס ער האָט געזעהען אויף די טרעפען...

## III

אין אָוונט האָט ווענס געמאַכט אַ וויזיט ביי בעקאַנטע, וואָס האָבען געוואוינט לעבען שטראָם׳ס נאַכט־לאָקאַל. מען האָט איהם פערבעטען ער זאָל אויסהערען אַ קאָנצערט פון איינער אַ יונגער פּיאַניסטקע. אָבער איהר טומלענדע מאָ־דערנע מוזיק האָט איהם שנעל דערעסען. אַ חוץ דעם האָט ער זיך געשפּירט מאָדנע אונרוהיג; אַ גאַנצען אָוונט האָט ער עפּיס אונבעוואוסטזיניג געפיהלט, אַז ער האָט עפּיס אַדורכ־געלאָזט ערגיץ. דער דאָזיגער גייסטיגער צושטאַנד זיינער איז פאַר איהם געווען אַזוי אונערטרעגליך, אַז ער האָט אויפ׳ן ענג־לישען אופן פערלאָזט דאָס לאָקאַל, איבערלאָזענדיג בלויז אַנ־ענטשולדיגונגס־צעטעל פאַר דער ווירטין פון הויז.

ער איז צוגעקומען צו שטראָם׳ס ווין־לאָקאַל. ער האָט שוין ניט געוואָלט אַוועקגעהן, ווי פּלוצלינג איז איהם איינגע־פאַלען אַ קוק צו טון אין די פענסטער פון זאַל, וואָס האָט זיך געפינען אויפ׳ן ערשטען שטאָק, און וואו עס איז געעפענט געוואָרען אַ נייער רעסטאָראַן און שפּיל־הויז, וואו ער האָט געשפּילט דעם פערגאַנגענעם אָוונט. די געביידע האָט געהאַט אין פּאַרטער גרויסע און הויכע פענסטער, נעבען וועלכע עס האָבען זיך געפינען פּאָרטיערען. אויפ׳ן ערשטען שטאָק זענען געווען בלויז פיר פענסטער. אָבער אַלע האָט אויסגעזעהען טויט־פינסטער. אַ געמורמעל האָט זיך אַרויסגעריסען פון זיין מויל:

— אָבער אונטער איינ, טונקעלע פענסטערלעך, בלויש־טשעט ליכט, איהר ליכט!"

ער איז אַריין אין לאָקאַל פול מיט האָפנונג, אַז ער וועט זיך דאָ טרעפען.

דער עלטסטער קעלנער איז גלייך צוגעקומען צו איהם, האָט גענומען פון איהם דעם מאַנטעל און הוט און גע־שעפּטשעט:

— ווילט איהר דעם מאַרמאָר־טיש ?

ווענס האָט אַ שאָקעל געטון מיט׳ן קאָפּ:

דער עלטסטער קעלנער איז אַוועק אין אַ זייט וועַנק און געגאַנגען הינטער איהם מיט אַ געמאָסטענעם טראָט. ער איז אַרויפגעפיהרט געוואָרען אויף די געדרייטע טרעפּען.

דעם ערשטען, וואָס ער האָט בעמערקט ביים שפּיל־טיש, איז געוועזען דער בעקאַנטער מיט דער בלאָנדער באָרד. ער איז געזעסען אין זיין פערטיפונג ברייט צושפּרייט, מיט די אויגען מיד איינגעקוקט אין איינעם פון די שפּילער. ער האָט געהאַט אַנ'אויסדרוק פון אַ בייזען רויב־פויגעל, וואָס האָט זיך ערשט מיט די נעגעל איינגעשטאָכען אין זיין קרבן און איצט קוקט ער, ווי אַזוי זי זעהט אויס. אַזוי האָט זיך וועַנק'ן געדאַכט. דאָס האָט זיך אַזוי שטאַרק אויסגעוויזען פאַר ריכטיג אַז ער איז אַזש איבערראַשט געוואָרען.

איין אָרט איז געווען פריי. ער האָט זיך געזעצט און אַרויסגענומען דעם פּאָרטפעל. עס איז איהם געקומען אין קאָפּ אַריין אַנ'אומגעשפּאַרטער געדאַנק, אַז ביים טיש קומט פאַר עפּיס ווילדעס. ער האָט מיט די אויגען אָפּגעמאָסטען אַלע שפּילער, וואָס האָבען געהאַלטען די קעפּ אַראָפּגעבויגען אין ליידענשאַפטליכער ערוואַרטונג. אַלע האָבען זיי געהאַט די אויגען אינסטינקטיוו געווענדעט צו איין פונקט. דער בלאָנדער מיט דער באָרד האָט געהאַלטען די באַנק.

ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויף וועַנק'ן. זיינע אויגען האָבען אויסגעדריקט אונצופרידענהייט, ווי ער וואָלט פונקט אָנגעטראָפען אויף אַ שטערונג. דערנאָך האָט וועַנק דייטליך געפיהלט, אַז דעם פרעמדענ'ס פּנים האָט אַ לייכטען ציטער געטאָן, און זיינע באַקען־ביינער האָבען זיך אַזוי צונויפגעדריקט, אַז די באָרד האָט זיך אַזש אויפגעהויבען אין דער הויך.

אין דער זעלבער סעקונדע האָט דער באַנק־האַלטער אויפגעדעקט די קאָרט.

עמיצער האָט זיך אָנגערופען:

— קאָהן האָט ווידער פערשפּילט.

אַלע האָבּן איצט געוואָרפֿן מיטפֿיהלענדע בּליקען אויף אַ בּלייבּען. מאַגערען יונגענמאַן, נעבּען וועלכען זיי זענען געזעסען בעת וועגק איז אַריינגעקומען. קאָהן האָט מיט אַ מיל־דען, כמעט פֿער'חלום'טען בּליק צוגעשרויפט דאָס געלד, וואָס ער האָט טאַוועקגעלייגט אויפ'ן ווייסען פֿלעק פֿון מאַרמאָר־טיש, צו דער זייט. וואו עס איז געזעסען דער בּלאָנדער.

דער לעצטער האָט זיך איינגעגראָבּען אין דעם געלד, ווי אַ רויב־פֿויגעל. קאָהן, וואָס האָט כסדר געהאַלטען אין איינ־פֿערשפּילען, האָט זיך אַריינגערוקט אינ'ם פּאָטעל, אַרוים־גענומען אַ נייע טויזענד־מאַרק־אַסיגנאַציע און זי אַוועקגע־לייגט מיט דער זעלבּער פּאַמעליכער, נישט דרייסטער און שלעפֿעריגער בּעוועגונג, ווי ער האָט פֿריהער אַוועקגעשאַרט דעם בּלאָנדען ס'פֿערשפּילטע געלד.

— וויפֿיל האָט איהר פֿערשפּילט? — האָט געפֿרעגט אַ דאַמע, וואָס איז געזעסען אויף אַ קאַנאַפּע הינטער קאָהנ'ס פּלייצעס — איהר וועט האָבּען גליק אין דער ליבּע, — אַז מען פֿערשפּילט אַזוי! איך קוק מיר צו צו אייער שפּילען, ווי צו ווישמשיגעס. איהר קאָנט שלאָגען רעקאָרד אין — פֿער־שפּילען. איהר וועט דעמאָלט זיין גליקליך אין לעבּען אַזוי שטאַרק, אַז איך אַליין...

זי האָט נישט געענדיגט; האָט זיך הויך און קליננ־גענדיג צולאַכט.

דעמאָלט האָט וועגק מיט אַ פֿרעהליכער איבּעראַשונג דערקענט אין איהר די דאַמע, מיט וועלכער ער האָט זיך נעכטען צוזאַמענגעשטויסען אויף די טרעפּען.

— זענען אַלע גרייט? — האָט אויסגעשריגען דער בּלאָנדער מיט דער באָרד מיט אַ שטרענג, האַויט קול, ווי ער וואָלט די דאַמע געוואָלט שטיל מאַכען.

קאָהן האָט איהר אינגאַנצען נישט געענטפֿערט. ווען דער באַנק־האַלטער האָט אויסגעשריגען, האָט ער בּלויז גע־מאַכט אַזאַ בּעטענדיגע, געהיימניספֿולע און הילפֿלאָזע בּע־וועגונג איבּער זיין 1000־מאַרק־שיין, ווי ער וואָלט געוואָלט

בעשוועֶרעֶן דעֶם באַנכאַט. ער זאָל צוריקקומען צו איהם.

ער האָט אָנגעקוקט זיינע קאָרטען. ער איז געוועזן אַלוין. די אַנדערע האָבען אַוועקגעלייגט די קאָרטען.

— איך האַלט ! — האָט דער בלאָנדער אַ שאַרפען זאָג געטהון.

קאָהן האָט שלעפעריג אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ :

— ניין !

ווענק האָט בעמערקט, ווי די טענצערין קאַראָזאַ'ס געפאַרבטער געדיכטער קאָפּ האָר געפינט זיך נעבען איינעם פון די שפּילער. אָבער זיינע אויגען האָבען זיך גלייך איבערגעוואַרפען אויף אַ צווייטער פרוי.

דער באַנק-האַלטער האָט געקויפט אַ פינגער און אויפגעדעקט די קאָרטען. ער האָט געהאַט בלויז פיר אויגען.

קאָהן האָט אויך אויפגעדעקט זיינע, שנעל און אַלע מיט איינמאָל. ער האָט געהאַט דריי.

— ער שפּילט ווי ער וואָלט געוועזען שכור ! — האָט געפּרומעלט ווענק'ס שכנ'טע, — מען האָט דריי און מען קויפט נישט ! דאָס איז דאָך אידיאָטיש.

דער בלאָנדער האָט, צונעמענדיג דאָס געלד, געוואָרפען אַ פּלינקען בליק צו ווענק'ן. דער פּראָקוראָר האָט זיך געפיהלט געררייצט צוליב דעם בלאָנדען, וואָס האַלט אין איין געווינען. ער האָט געשטעלט גרעסערע סטאַווקעס. ער האָט געווינען, פערשפּילט און ווידער געווינען.

אָבער קאָהן האָט יעדעס מאָל פערשפּילט. ווענק איז אומערליך געוועזן וואָס-אַמאָל מעהר אויף זיין זייט. ער האָט געשטעלט זיין געלד, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פאַנצער צו פערטיידיגען קאָהנ'ען געגען דעם בלאָנדען... ווי ער וואָלט געוואָלט איהם אַטאַקירען...

ווענק האָט געזעהען, אַז דער בלאָנדער קוקט נישט אויף קיינעם, נאָר בלויז אויף איהם און אויף קאָהנ'ען. ער האָט אָנגענומען דעם קאַמף. ער האָט זיך אַזוי לייַדענשאַפטליך אַרייַנגעוואָרפען אין שפּילען, ווי די פינסטערע קראַפט, וואָס איז

ענטשטאַנען אין זײַן בלוט נעגען דעם באַנק־האַלטער. װאַלט אױך געװאַקסען אין זײַן מוח. ער האָט אײַנגאַנצען פֿערלױ־רען די הערשאַפֿט איבער זיך. ער האָט שױן ניט געשפּילט, די אױסצופֿאַרשען און צו ענטדעקען שמיצען. ער האָט זיך אַרײַנגעלאַזט אין שפּילען. ער האָט געשפּילט פּונקט אַזױ װי אַלע מענשען, װאָס ער איז דאָ געקומען באַפֿרײַען פֿון די נעגעל פֿון האַזאַרד. ער האָט אַפּילו פֿערגעסען װעגען דער שענער פֿרױ. װען ער האָט פּאַמעליך גענומען קומען צו זיך, האָט ער זיך שטאַרק פֿערשעהמט און צום ערשטען מאָל איז איהם אײַנגעפֿאַלען אומציקוקען זיך, צי װינטער האָט איהם געזעהען אין אַזאַ מצב.

אָבער קאַראָזאַ׳ס שכן איז איצט ניט געװען װינטער. װענק האָט אומזיסט זיך אַרומגעקוקט. װינטער האָט זיך ניט געפֿינען אין זאַל. קאַראָזאַ איז געזעסען מיט עפּעס אַ פֿרעמ־דען מאַנספּערשױן הינטער די פּלײצעס פֿון אַ שפּילער, מיט װעלכען זי האָט געשפּילט בשותּפֿות. ער האָט אױפֿגעהערט צו שפּילען און באַלד פֿערלאָזט דאָס לאָקאַל און כּמעט אױף זיך אַלײן.

בעת ער האָט זיך געפֿינען נעבען דער טיר, האָט ער בעמערקט, אַז דער בלאָנדער האָט זיך אױפֿגעהױבען פֿון אָרט.

װענק האָט געהאַט בעשטעלט אַנ׳אױטאָ צו דער װילע פֿון זײַנע מוזיקאַלישע פֿרײַנד. ער האָט זיך דערמאָנט װעגען דעם ערשט דערמאָלט, װען ער איז שױן אָפּגעגאַנגען אַ שטי־קעל װעגס צו דער שטאָט. ער האָט דעריבער פֿערשנעלערט די טריט און אַהײמגעפֿאָהרען. ער האָט זיך גלײַך געלעגט אין בעט אַרײַן, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אײַנשלאָפֿען, װײַל עס האָט איהם געפּײַניגט אַ געדאַנק, אַז ער האָט ניט געדאַרפֿט אַװעקגעהן, נאָר זײַן פּליכט איז געװען צו בלײַבען און אַדורכרעדען זיך מיט קאָהן׳ען.

ער האָט זיך פֿריה אױפֿגעהױבען און אַדורכגעקוקט אַ שטױס אַקטען, די לעצטער צי מאַכען זיך אַ ביסעל ס׳געװױ־סען. אַדורכלעזענדיג די ערקלערונגען פֿון אַ סך מענשען,

האָט ער געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז אַלץ, וואָס האָבן איי־
אַזוי אויפֿן פֿעד־שפּילט, פֿאַלענדיג אַלס קרבנות פֿון אַ שולער,
האָבן זיך געמוזט געפֿינען אין אַזאַ עהנליכן צושטאַנד,
ווי קאָהן בײַם שפּיל־טיש. ווען ער וואָלט געוועזן איבערגע־
בליבן און זיך אויפֿגעפֿיהרט ווי געהעריג, ניכטער און קאַלט,
וואָלט ער אפֿשר געהאַט דאָס ערשטע מאָל די געלעגנהייט
צו פֿיהלען אויף זיך דאָס, וואָס די בעשווינדעלטע האָבן
געפֿיהלט אין דעם מאָמענט, ווען זיי זענען בעשווינדעלט גע־
וואָרען.

ווענק האָט דערפֿיהלט אַ וועהטאָג.

— איך מוז אַרבײַטען אויף אַנ'אַנדערען אופֿן! —
האָט ער געטראַכט — דער גוטער ווילען גענוגט נישט. עס
איז נישט גענוג קײן אַרבײַטסזאַמקײט. מען מוז האָבען אַ
שטאַלענע פֿעסטקײט, אַנ'אונ'בר־חמנות'דיגע דיסציפּלין און
אַ ביסעל מעהר ביטרעקײט... איך מוז אַרבײַטען מיט דער
הילף פֿון אַלע געניג, וואָס דער געגנער מאַכט... מיט מאַס־
קירען זיך, מיט שפּיאָנירען, שטעהן אויף דער וואַך... איך מוז
קענען מיך אַליין שטעלען אויף דער קאָרט... איך מוז ווערען
אַליין אַ פּולאַפּקע, די נישט אַרײַנצופֿאַלען צו יענעם... דער
הער פּראָקוראָר מוז טראָגען אַ קינסטליכע באָרד... מיט אַ
ברוינינג בעהאַלטען אין דער צוגײפֿגעקוועטשטער פֿויסט, מוז
טראָגען אַ הוט פֿון אַ דזשאָקײ, אָדער אַ פּערוק אונטער'ן צי־
לינדער א.אז.וו.... אַזוי ווי אין קינעמאַטאָגראַף!

ער האָט אין שפּיגעל אָנגעקוקט זײַן פּנים, וואָס איז
בעוועזן גלאַט ראַזירט און, מאַכענדיג פֿערשידענע מינעס, צו־
בײפֿציהענדיג ס'מויל, בלאָזענדיג מיט די באַקען, אַרויסנע־
מענדיג פֿון פּאַפּירענע טיטלעך מוסטערן פֿון בערד, איז ער
געקומען צום בעשלוס, אַז זײַן קאָפּ גיט זיך איין צו מאַס־
קירען.

צומאָרגענס אינדערפֿריה האָט ער געהײַסען זיך ברענ־
גען פֿון דער אויספֿאַרשונגס־פּאָליציי אַ גאַנצען פּאַק מיט
מאַבקעס, קינסטליכע בערד און פּערוקען, פֿערשידענע קליי־

דער. מלבושים און קאַפּעלושען. מיט דער הילף פֿון אַן׳אַלטען דע־עקטיוו האָט ער אויסגעפּרובט אַלע רעקוויזיטען, האָט זיך אויסגעלערנט קלעבען בערד, ענדערן די קאָליר פֿון פּנים מיט שמינקע, ווערען יונגער, אָדער עלטער, פֿערשטעלען זיך מיט שראַמען און נאָך פֿיל ענהליכע זאַכען. ער האָט איצט געקאָנט אויסזעהען ווי אַ סוחר פֿון דער פּראָווינץ, ווי אַ בריף־טרעגער, אַ שאָפֿער און אַ דראָזשקאַזש, ווי אַן׳אַרבייטער, אַ דינער, אַ קעלנער, אַ לאַנדווירט, אַן׳אַרבייטסלאָזער א. ד. גל.

פֿאַרמיטאָג האָט ער עטליכע שעה שטודירט אין קרימינאַל־מוזעאום, וואָס האָט זיך געפֿינען אין דער פּאָל.צייטבעבוידע. ער האָט פֿון דאָרט גענומען עטליכע פֿאָטאָגראַפֿיעס און זיך צוגעקוקט צו זיינע קונסטליכע בערד און גענומען אַרבייטען מיט פֿלייס.

אַזוי איז אַוועק דער טאָג און אין אָוונט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז געוואָרען שטאַרקער. ווירקליך, ער איז געוואָרען מוטיגער און צוגלייך בעשיידענער.

ער איז אַוועק אין שראַם׳ס שפּיל־הויז. ער האָט זיך לאַנג איבערגעלעגט, צי ער וואָלט נישט געדאַרפֿט זיך דאָרט ווייזען באַלד אין אַ מאַסקע, ענדער כדי זיך אויסצופּרובען צום ערשטען מאָל און אויסלערנען ווי צו האַלטען זיך, זייענדיג פֿערקליידעט, ווי באַלד צוצוטרעטען צו דער פֿערפֿאָלגונגס־אַקציע. איצט וואָלט ער אַמבעסטען אין אַלע שפּילהייזער פֿון דער שטאָט געגאַנגען, אָבער ער איז אַוועק צו שראַמ׳ען. דערווייל האָט איהם פֿיל מעהר געצויגען צו דער אַרבייט די האָפֿנונג בלויז נאָכאַמאָל צו זעהן דעם בלאָנדען, ווי די מעגליכקייט צו קאָנען עפּים אויפֿטון. ער האָט איצט געוואָלט אַדורכקומען מיט זיך. פֿערבעסערן די פֿעהלערן פֿון נעכטען, וואָס האָבען איהם נאָך היינט פֿערשאַפֿט עגמת־נפֿש. ער האָט געפּלאַנט צו בעקענען זיך מיט קאָהנ׳ען און אַדורכרעדען מיט איהם וועגען דעם אומגליקליכען קאָרטען־שפּיל. ער איז, אַלזאָ, געגאַנגען אַזוי ווי ער איז געווען אָנ־

עשטון.

ווען ער איז אַריין אין זאַל, איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. ווינטער האָט זיך געפינען אויפ׳ן אָרט, אָבער נישט קאָהן און נישט דער בלאָנדער זענען געקומען אין הינטיגען אָוונט. מען האָט איהם איבערגעגעבען, אַז באַלד ווי ער, ווינקע, איז נעכטען אַוועק, איז דער בלאָנדער אויך אַוועקגעגאַנגען, דאָס איז אַלעמען געוואָרען אויפפאַלענד. נאָכדעם, ווי דער בלאָנדער איז אַרוים, האָט זיך קאָהן געפיהלט מאָדנע אָפּגעשוואַכט. ער איז נעזעסען אין פּאָטער, נישט נעמענדיג מעהר קיין אנטהייל אין שפּיל און פּלוצלינג איז ער אינגאַנצען פערשוואונדען. קיינער האָט איהם נישט געקענט נעהנטער. איבריגענס איז ער אין שראַמ׳ס לאָקאַל פריהער נישט געקומען.

די דאַמע, וואָס איז געזעסען נעבען קאָהנ׳ען, האָט אָפּגעשאַצט, אַז ער האָט פערשפּילט אַ סומע פון 30 ביז 35 טויזענד מאַרק. די דאָזיגע גאַנצע סומע איז אַריבער צום בלאָנדען. אָבער ער האָט אָנגעהויבען צו געווינען ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט אַליין געהאַלטען די באַנק. מען האָט איהם נישט געקאָנט מאַכען בעת׳ן שפּילען קיין שום פאָרוואורף. דער דינער, וואָס האָט געגעבען די טאַליע קאָרטען, איז געווען אַ פערטרויאונגס־מאַן.

מען האָט גענומען אַרומרעדען דאָס געשעהעניש פון נעכטיגען אָוונט און מען האָט אויפגעהערט צו שפּילען.

קאַראָזאַ האָט זיך אָנגערופען:

— עס זענען דאָ מענשען, וואָס זענען געבוירען צום שפּילען; אַז זיי נעמען נאָר אַ קאָרט אין דער האַנד, איז עס אַ טויז. זיי קאָנען טון, וואָס זיי ווילען. דאָס גליק איז שטאַרקער פון זיי. עס איז זייער גייסט, זייער גאָט.

אָבער עשאַ האָט נישט מכּפּים געווען מיט איהר. זי מיינט, אַז יעדער שפּילער מוז אַנטרעפען אויף אַ סעריע גליקליכע שעה׳ן. זיי זענען צוגעגרייט פאַר איהם און יעדע גוטע וואָהרזאָגערין קאָן איבערגעבען, ווען די דאָזיגע צייט

הויבט זיך אָן.

דעם בלאָנדען האָט קיינער נישט געקענט. עס האָט איהם דאָ אַהערגעבּרענגט קאָהן דעם ערשטען אָווענד זענען; זיי אויך צוזאַמען אוועקגעגאַנגען. צומאָרגענס זענען זיי צו־זאַמען געקומען. מען האָט איהם אָנגענומען פאַר אַנ'עקס־פּירשט. ער האָט געהאַט אין זיך עפּיס הערשערישעס; ער איז געווען אין רעדען אַזוי קורץ און לאַקאָניש. יאָ, דאָס איז געווען אַ פּירשט, וואָס האָט פערלוירען דעם טראָן. אין דאַרפט האָבען געלד.

— עס דאַכט זיך מיר איים אַ מאָדנע זאַך, — האָט זיך ווינטער אָפּגערופען — עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב שוין אַמאָל געשפּילט מיט איהם — ערגיץ...

— נאַרישקייטען! — האָט אויסגערופען קאַראָזאַ.

אין זיין מוח האָבען זיך געוועבט אַזעלכע נישט־קלאָרע געדאַנקען: אפשר האָב איך נישט געשפּילט מיט איהם. אָבער איך האָב דאָס געפיהלט. אַז ער האָט מיך ערגיץ בע־ליידיגט, טיף און בלוטיג בעליידיגט. אָבער מיט וואָס? וואו? ווען? — ווייס איך נישט. עס דאַכט זיך מיר במעט אוים, ווי דאָס וואָלט געווען אין חלום.

— ער האָט וואונדערבאַרע אויגען! — האָט זיך דער־הערט עפּיס אַ פּרויען־קול.

דאָס דאָזיגע קול איז ווענק'ן געווען בעקאַנט. ער האָט זיך אומגעקוקט. צוליב דעם צו שטאַרק העלען ליכט, וואָס איז געפאַלען איבער'ן טיש, האָט דער נעגענאיבערדיגער ווינקעל אויסגעזעהען פינסטער, ווי אַ לאָך. ער האָט דאָרט קיינעם נישט געזעהען.

פון פינסטערען ווינקעל האָט מען זיך ווידער אָנגע־רופען:

— ער האָט געקוקט אויף קאָהנ'ען, ווי אַ רויב־חיה קוקט אויף איהר קרבן, וואָס זי האָט טויטליך צובּיסען.

ווענק האָט אויסגערופען:

— און אויך מיר האָט זיך אַזוי געדאַכט!

ער האָט זיך ענערגיש אויפגעשטעלט פֿון אָרט, איז אַוועק צום ווינקעל, אַריין אין דער נישע מיט'ן געזימס און דערפֿיהלט אַ שרעק. די, וואָס האָט געוועזן יענע שעהנע פֿרעמדע דאַמע. דאָס האָט איהם אַ פּלאַס געטוהן צום פּנים. דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אַלע הערען עס. דערמאָלט האָט ער זיך בעהערשט. ער האָט געזאָגט צו זיך:

— איך בין משוגע! איך קום פֿערפֿאַלגען פֿערברעכער און אויפ'ן וועג פֿערליב איך מיך אין... עמיצען, וועלכען איך קאָן אַמאָל מאָרגען דאַרפֿען אַריינפּאַקען אין דער תּפיסה. דאָס איז נאַריש!

ער האָט גערופֿען צו הילף זיין גאַנצע ניכטערקייט און, פֿערניינענדיג זיך פֿאַר דער אומבעקאַנטער, האָט ער גע־פֿרעגט:

— איך וואָלט זעהר ניגעריג געווען צו וויסען אויף וואָס עס שטיצט זיך אייער בעמערקונג, מיט וועלכער איך בין פֿולשטענדיג מסכים.

— מען קאָן עס אַנדערש נישט ערקלערען ווי דערמיט — האָט די דאַמע געענטפֿערט מיט אַ שמייכעל — אַז עס איז פֿאַרהאַן אַן'אונגעוועהנליכע אינערליכע האַרמאָניע צווי־שען מיר און דעם הער פּראָקוראָר.

— פּראָקוראָר! — ווענס איז איבעראַשט געוואָרען; איז ער אויך דאָ בעקאַנט? אַהאַ, דאָס איז צוליב דער קאַ־ראָזאַ! דער פּראָקוראָר, דער היטער פֿון אָרדנונג, דער נקמה־נעמער פֿון פֿערגוואַלדיגטען געזעץ, קומט אַליין אויף אַזאַ אָרט. דאָס איז קאָמיש! אַה, די דאָזיגע קאַראָזאַ. ער האָט אַרויסגעקוקט פֿון דער נישע אין דעם פֿייערדיג־בעלויכטענעם זאַל. די געפֿאַרבטע פּרוזור פֿון דער מענצערין האָט גע־גלאַנצט צווישען די קעפּ פֿון די שפּילער.

— אַך, דו! — האָט אַ שטים גערעדט אין איהם, — דו ווילסט האַלטע מאַכען די פֿריכט פֿון מיין אַרבייט, דו...

און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט דעם בליק, וואָס דער

בלאָנדער האָט געוואָרפען אויף איהם אין ערשטען אָוונט.
און ער האָט פֿערענדיגט:

— דו בּיזט זיינס אַ שיתּפ'טע! און דער שייכות צווי־
שען איהר און איהם איז איהם געוואָרען קלאָר. קאַראַזאַ האַט
געבּרענגט קרבּנות דעם בּלאָנדען. ער האָט זי געדראָהט איי־
געדאַנק:

— הוט דיך, איך שטעה אויף דער וואַך.

— אונזער האַרמאָניע. דאַכט זיך מיר. בּעאונרוהיגט
אייך? — האָט די דאַמע געפֿרעגט, איבּערריסענדיג דעם
שטראָם פֿון זיינע געדאַנקען.

— ווירקליך... אויף אַ מאָמענט זענען מיינע געדאַנקען
אַוועקגעפֿלויגען פֿון דאַנען נעמט עס ניש פֿאַר אומגוט,
גנעדיגע פֿרוי, — האָט ווענק געבּעטען. — עס איז אונפֿער־
שטענדליך, וואָס אַ פֿרעמדע קראַפֿט קאָן אָפּשוואַכען דעם
רושם, וואָס אייער נאָהנטסקייט רופֿט אַרויס. אָבער עס איז
קלאָר, אַז...

ער האָט נישט געענדיגט. צוויי זאַכען האָבען זיך פּלוצ־
לינג אַריינגעריסען אין זיין מוח. די דאָזיגע פֿרוי איז דאָך
אַנ'אויסגעצייכענטער אָבּסערוואַטאָר. ווען ער וואָלט געקאָנט
אין איהר האָבען אַ מיטהעלפֿערין! אָבער די צווייטע מיי־
נינג האָט אויפֿגערודערט זיינע מחשבות אין אַ ברייטערען
קרייז, אָנצינדענדיג ס'בּלוט: וואָלט נישט בּעסער געווען אָנ־
שטאָט צו זוכען, פֿאָרשען, שלייכען זיך בּימרע צווישען פֿער־
דאָרבּענע מענשען, אַרויס פֿון דעם אַלעם און בּלויז ליבּען
די דאָזיגע פֿרוי? זי איז שעהן ווי אַ קעניגין! זי זעהט
אויס שטאָלץ, ווי אַ געטין!

פּלוצלינג האָט ער דערפֿיהלט, אַז איהר האַנד האָט זיך
זעכט אָנגעשפּאַרט אויף זיין אַקסעל.

— כ'בּעט אייך, זייט שטילער, — האָט זי אַרויסגערעדט
דורך די ציין.

און ווענק האָט דערזעהען, ווי דריי הערען זענען אַריין
אין מיטען העלען צימער. פֿון פֿאָרענט איז געגאַנגען אַ יונ־

גערמאַן. וועלכען ער האָט געקענט פֿון זעהען; מיט עטליכע טעג צוריק איז ער געווען אויף אַן׳אויסשטעלונג פֿון פֿוטו־ריסטישע מאָלער און איין מענש האָט איהם פֿערוואונדערט דערמיט, וואָס ער האָט געקויפֿט דאָס מאָדערנסטע בילד, וואָס פֿוטוריסטען קאָנען נאָר מאַכען. ער האָט זיך געפֿרעגט, ווי דער קויפֿער הייסט. דער וועכטער האָט איהם אינפֿאָרמירט:

— גאָף האַאַזע.

און טאַקע דער ערשטער פֿון די דריי הערען איז דאָס געווען דער גראַף האַאַזע, וואָס האָט דעמאָלט געקויפֿט דאָס פֿוטוריסטישע בילד.

— הער פּראָקוראָר — האָט געשעפּטשעט אַ פֿרויען־שטימע — וואָלט איהר מיר נישט געוואָלט טון אַ גרויסע טובה?

— איך בין צו אייער דינסט, מאַדאַם.

— הער פּראָקוראָר, איך וויל פֿערלאָזען דאָס דאָזיגע לאָקאַל, אָבער אַזוי, אַז... קיינער זאָל מיך נישט זעהען. קענט איהר מיר נישט העלפֿען דערין?

— יאָ! האָט װענק געענטפֿערט.

— ווי אַזוי וועלען מיר דאָס מאַכען?

— זעהר איינפֿאַך. זעהט איהם דעם צוגאַנג צו די טרעפּען. מיר האָבען בלויז עטליכע שריט אַהין. בעמערקט די טיר נום. פֿדי איהר זאָלט טרעפֿען אין דער פֿינסטער. איך האָב זיך ערקונדיגט, ווי אַזוי עס פֿונקציאָנירט דאָ די עלעקטרישע איינריכטונג. דער מעכאַניזם געפֿינט זיך הינ־טער ד טרעפּען. איך געה דאָרט אַהין, וועל אַ דרעה טון און איהר וועט אויסנוצען די פֿינסטערניש און זיך אַרויסגליט־שען. אַז איהר וועט האָבען אַרויסגעגאַנגען, וועל איך שטעהן אויפֿ׳ן וועג און שטערען יעדען איינציגען, וואָס וועט וועלען אַראָפּ אויף די טרעפּען, כדי אייך צו פֿערפֿאָלגען, אָדער ער וועט וועלען צו פֿריה אָנצינדען דאָס ליכט.

— אויסגעצייכענט, איך דאַנק אייך!

די פּליטה האָט זיך איינגעגעבען. אַז די דאַמע האָט

בעווינזען אראָפּצוקומען אינמען, האָט ווענק אויפגעדרעהט דעם קאָרעק און צוריק אַריין און זאַל מיט א שמייכעל.

— איך האָב בלויז געמאַכט א שפּאַס, מיינע הערען! איהר וועט מיר מוחל זיין.

מען האָט געלאַכט אַרום און אַלע זייטען. אָבער די מענגצעריין קאראָזא איז געשטאַנען א בלייכע נעבען די מרעפּען, וואוהין זי איז פלינק אַהינגעשפּרונגען און מאָמענט, ווען עס איז געוואָרען פינסטער. זי איז אָבער שנעל געקומען צו זיך, אַוועק צו ווינטער'ן און געבעטען ער זאָל זי אַריינפיהרען. ווענק איז מיט מיט זיי.

און מאָמענט, ווען ער האָט געוואָלט אַרויסגעהן דורכ'ן עס־זאַל, האָט ער בעמערקט, ווי דער עלטסטער קעלנער האָט דערלאַנגט ווינטער'ן עפּיס א בריוו און יענער איז צו א לעדיגען טיש. אונטער'ן שיין פון דער לאָמפּ אויפגעריסען דעם קאָנווערט. פון וועלכען ער האָט אַרויסגענומען א קליין צעטעלע.

דערנאָך האָט זיך ווענק'ן אויסגעדאַכט, אַז עפּיס א גרויס געזעהענער שווערער קלאַפּ האָט ווינטער'ן א וואָרף געטהאָן אויף דעם שטוהל. קאראזא איז צו צו איהם. ווינטער האָט צוקנוידערט דאָס צעטעלע, עס אַריינגעשטופּט אין דער מאַש. איז אויפגעשטאַנען און צוריק אַוועק צו ווענק'ן.

זיי זענען אַראָפּ אויף דער גאַס און זיך צוגאַנגען. אָבער ווינטער איז נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צו ווענק'ן און איהם געזאָגט מיט א ציטערדיג קול:

— איך מוז מיט אייך רעדען. נאָך היינט ביינאַכט. קאָנט איהר מיך אויפנעמען ביי זיך אויף א שעה? דאָס איז שרעקליך! מען פערפאָלגט מיך!

— ווען איהר! — האָט ער געזאָגט און א שעה אַרום און מיט פערצווייפלונג האָט ער א וואָרף געטהון א קאָנווערט אויף ווענק'ס טיש. ווענק האָט מגעפענט דעם קאָנווערט און אַרויסגעצויגען א צעטעלע. עס איז געווען דערויף אויפגעזע.

שרײַבען:

איך בין שולדיג דעם הער באַלינג
20.000 מאַרק. (צוואַנציג טויזענד),
וואָס איך וועל בעצאָהלען דעם 21. נאָוועמבער
4 נאָכמיטאָג. בערנאַרד ווינטער

— מײַן אײַגען צעטעלע! — האָט ווינטער מעכאַניש אויסגערופען, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבען:
— דרעהט עס איבער!
ווענק האָט אויף דער אַנדערער זײַט איבערגעלייענט:
„איך וואָרען אײַך. בלויז מײַן זאַך איז עס, וואָס איך האָב די 20.000 מאַרק נישט אײַנקאַסירט. שפּיל איז שפּיל! דער ענין געהער בלויז צו מיר און צו אײַך און קײַן שום פּראָקוראָר האָט זיך דאָ נישט אַרײַנצומישען".
ווענק איז געווען אויפגעטרייסעלט.
— אַזוי, אַזוי, אַזוי, — האָט ער כסדר איבערגע'חזר'ט און נישט געפינען קײַן אַנדער וואָרט, וואָס זאָל בעצייכנען דעם שטורעם, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען אין אים.
און אין אַ סעקונדע אַרום האָט ער, ווי נאָך אַ געדאַנקען-קאַמף, אויסגערופען:
— מיר זענען געזעסען לעבען אים! איך און איהר! מיר האָבען אים געקאָנט כאַפּען פאַר דער האַנד — איך און איהר! איהר פערשטעהט?
— איך בין פערפאָלגט! — האָט ווינטער געשעפּטשעט — טויב צו עפּיס אַנדערש. אַ חוץ צו זײַנע זאָרגען.
— אָבער פערשטעהט דאָך, מײַן הער! ווייסט איהר, ווער עס איז דאָס דער באַלינג? אײַער אַלטער בעריהמטער מאַן?... דאָס איז דער מענש מיט דער בלאָנדער באָרד — דער, וואָס איז געווען אין שראַמ'ס לאָקאַל. דאָס איז אײַער פאַלינג! הימעל!... הימעל! מיר האָבען אים געהאַט בײַ דער האַנד... מען האָט אים בלויז געדאַרפט אָנכאַפּען בײַם קאַרק.

ווינטער האט בריוו געעפענט דאָס מויל. איצט האָט ער פערשטאַנען. פאַרוואָס דער בלאָנדער האָט איהם אויסגעוויזען אַזוי בעקאַנט: די דאָזיגע גרויסע גראָהע, פרעכע אויגען!

— יאָ, — האָט ער אַרויסגעמורמעלט, — דאָס איז ער. דער זעלבער!

— ער האָט זיך אונז אַרויסגעגליטשט, — האָט ווענק געשריגען. ער וועט שוין מעהר נישט קומען צו שראַמ'ען. און איהר, הער ווינטער, מוזט זיך ווייטער געפינען אונטער אונזער אויפזיכט. אָבער זייט טעטיג מיט אונז צוזאַמען און בעמיהט אייך שטענדיג פאָרזיכטיג צו זיין!

IV

ווינטער איז אַרוים. ווענק, געפינענדיג זיך אַליין אונטער'ן רושם פון די איבערלעבונגען אין היינטיגען אָוונד, האָט געטראַכט:

פאַרוואָס איז די דאָזיגע פרוי אַרוים אויף אַזאַ געהיימניספולען אופן? אפשר האָב איך ווידער עפיס פערנאַכלעסיגט? אפשר האָב איך, העלפענדיג איהר ענטלויפען, אַליין אויסגעשטרעקט די האַנד געגען מיר און מיין אַרבייט?

זיין אויפרעגונג איז געוואַקסען. ער האָט זיך בעמיהט צו בעקעמפען דעם צווייפעל וועגען דער דאָזיגער פרוי. ניין! ניין! — ער האָט עס געפיהלט — ער קאָן זיכער זיין אין איהר.

די מעהרערע ידיעות וועגען ווינטער'ן און דעם געהיימניספולען שפילער און אַלע געשעהענישען אַרום זיי האָבען צוריינצט זיין פאָרשטעלונגס-קראַפט און געמאַכט זיין מח מאָדנע פרוכטבאר מיט איינפאַלען. ער האָט געוואוסט, אַז איצט וואַרפט זיך אַרוים אין קאַמף זיין קערפער, זיין פאַנטאַזיע, די נערווען, דער חוש פון אַן'אויספאָרשער, זיין ענערגיע, אויסדויער, סאַנטשאַפט צווישען מענשען; און ער איז געוועזען זיכער אין זיין נצחון.

פון זיין מויל האָבען זיך געקרייזעלט שנורלעך רויך פון

טאַבאַק; זיי האָבען זיך געצויגען פֿון זיין צוואַר און געבליבען הענגען איבער איהם. אין בלוט האָט ער דערפֿיהלט דעם פֿריהלינג מיט זיינע פּלוצלינגע דונערען, שטורעמס און זון־העלקייט. די מוסקולען האָבען איהם געציטערט, ווען ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט די זיגערישע קאַמפֿען מיט די בלינדע ריזען, וואָס האָבען געוואָלט דערשטיקען זיינע נאָהענטסטע. ער האָט שוין געכאַפּט איינעם מיט אַ קינסטליכער רויטער באָרד, וואָס האָט פֿערשטעלט דאָס געזיכט פֿון פֿערברעכער.

פֿון דער שטאָט, וואָס איז געווען פֿערזונקען אין שלאָף, האָט זיך אַריינגעריסען אין זיין צימער דאָס גאַנצע איצטיגע לעבען מיט זיין געוואַלדיגער תאוה צו נייע שפּאַנענדע נערווען־ציטערען, וואָס האָט ווי אַן עלעקטרישע כוואַליע געשטראָמט איבער די גלידער און גורם געווען פֿערברעכענס פֿון האַזאַרד, מאָרד און זנות. כדי בלויז איין ריז פֿון זיי אַראָפּצושליידערן פֿון זיין פֿערברעכערישען וועג, דאַרפֿט די גערעכטיגקייט האָבען אַ מאַן מיט אַ גרויסער מביציע, זעלבסט בעוואוסטזיין, אינטעליגענץ, ווילען און קראַפֿט. אויב מען האָט איהם אויסגעקליבען, איז ער גרייט אָנצונעמען די שליחות. אָט טאַקע שטעהט ער אָהן שום צווייפֿעל אין זיין זין.

רעדענדיג מיט זיך אַליין אין דער העכסטער התלהבות, האָט ער נישט געפֿרעגט, צי דאָס זאָל זיין זיין דינסט פֿאַר דער נייער נאָך־מלחמה'דיגער דעמאָקראַטיע, וואָס האָט בעהערשט אייראָפּא. ער האָט ווייטער נישט געפֿאָרשט, צי ער האָט שוין ווירקליך געפֿינען דעם ציל, פֿאַר וועלכען ער וואַרפֿט זיך אין קאַמף. ניין — האָט ער אויסגערופֿען — גערעכטיגקייט הייסט נישט כאַפּען אַ פֿערברעכער און איהם אַריינוואַרפֿען אין תפיסה. עס איז דאָ עפּיס מעהר, ווי די איינפֿאַכע פֿרייד פֿון נצחון; עס איז דאָ אַזוינס, וואָס מען קאָן בשום אופֿן נישט אויסדריקען מיט ווערטער.

פֿון דער היינטיגער נאַכט אָן האָט דער פֿערברעכער אויפֿגעהערט צו זיין פֿאַר'ן הער פּראָקוראָר אַ מענש פֿון אַ

נידריגען מין. ער איז געוואָרען פאַר איהם אַ מאַן מיט ריינע תאוות און חושים. וואָס זענען אויסגעהאַרעוועט געוואָרען אין גיהנום׳דיגע נעכט, אַ מאַן, וועלכען דער דעמאָן פון בייזי־קייט ווארפט אַריין וואָס אַמאָל מעהר אין אָפּגרונד.

זיין פאַנטאַזיע האָט זיך וואָס אַמאָל מעהר איינגעזויגען אין דעם קאַרק פון בלאָנדען מאַן. ער האָט דערפיהלט אין איהם אַ גרויסען רינג־קעמפּער. בעפרייען די מענשהייט פון אַזאַ געשפּענסט — דאָס איז זיין אויפגאַבע, זיין ציל און ווילען!

צוזאַמענגענומען האָט וועגק אַרויסגעקריגען פון ווינטער׳ן אַ רשימה פון אַלע געהיימע שפּיל־הייזער אין דער שטאָט, וואָס זיינע אַדרעסען האָט ער געקאָנט בעקומען מיט דער הילף פון דער קאַראָזאַ, וואָס איז געווען זעהר גוט בעקאַנט אין דער דאָזיגער וועלט. אָבער צוגלייך האָט ער איהם געמוזט געבען זיין וואָרט, אַז ער וועט יענער דאַמע נישט דערמאַנען, אַז ער האָט בעקומען אַזאַ רשימה.

יעדען אָוונט האָט ער בעזוכט עטליכע שפּיל־הייזער. ער איז דאָרט אַריינגעקומען פערקליידעט אַלס רייכער פּראָווינצער תבואה־סוחר. די דאָזיגע מאַסקע האָט ער זיך אויס־געקליבען אַלס אָנהויב. ער האָט געהאַט אַ סך מוסטערן פון קרימינאַל־מוזעאום און ער האָט נאָר געדאַרפט זיך גוט גרימירען.

א דאנק אשקענאזי׳ן האט ער וועהאט עטליכע מיטהעל־פער, וועלכע ער האט געבעטען, זיי זאָלען פערשפּרייטען קלאנגען וועגען איהם, אז ער איז אן אָנגעזעהענער סוחר פון דער פּראָווינץ און איז געקומען מיט א זמאַניע א לעב־טוי אויפ׳ן בריטסוין שטייגער. ער האט גערעכענט, אז דער־[illegible] וועט ער צוציהען צו זיך אין די נאכט לאָקאַלען די גרויסע שפּילער און אפשר אמאָל דעם, וועלכען ער זוכט. ער האט געהאַפט, אז מיט דעם נאָמען אַלס רייכען מאן, וועט ער פאנגען די פלעדערמויז, ווי דאָס ליכט פון א לאמפּ. פון צייט צו צייט האט ער געשפּילט ערגעץ א האַל־

בע שפת, האט זיך פערלאזט אויפ׳ן גורל פון די קארטען און געווינענדיג איין אוועגד א גרעסערע סומע האט ער דאס געלד צוזאמגענומען ווידער אריינגעווארפען אין שפּילען. ער האט דערביי קיינמאל נישט פערלוירען דעם ניכטערן בליק אויף זיך און אויף זיינע שכנים, און זיין מוח האט, בעת ער האט געשפּילט אין קארטען, געארבייט שארף, פון וועלכען ער איז שטארק געווען צופרידען.

ווען ער האט איינמאל אין אן אוועגד פון דער צווייטער וואך, זינט ער האט אנגעהויבען די אויספארשונגס-ארבייט, זיך געפינען אין א געוויסען שפיל-הויז אין צענטער שטאט, וואו ער האט אויסגעפארשט אלע מענשען, וואס זענען דא געקומען האט ער בעמערקט הינטער׳ן טיש עפּיס אן אלטען הער, וועלכער האט געטראגען אונגעוועהנליכע ברילען מיט איינרעמערס פון הארן-ביין. די דאזיגע ברילען זענען געווען אויסגעוואקסענליך גרויס. און א דאנק דעם האט דער מאי געקריגען דעם צונאמען פראפעסאר. הען דער דאזיגער אלטער הער האט אויסגעטון די ברילען האט ער זיך בענוצט מיט א פערכטיגען מאנאקל.

בעת די ברילען זענען געלעגען אויפ׳ן טיש האט זיך וועגק גוט געקענט צו זיי צוקוקען. ערשט איצט האט ער בעמערקט אז זיי זענען נישט פון הארן, נאר אויסגעשניטען פון שילדקרעט. דער אלטער הער האט זיי באלד אריינגעלעגט אין א פוטעראל, וואס איז געווען בעצויגען מיט דעם געלען לעדער פון א האי-פיש. ער האט בעוועגט מיט די הענד מיט אן אונגעוועהנליכער לאנגזאמקייט, וואס האט וועגק׳ן געגעבען צייט צו פארשען.

דאס זענען דאך כינעזישע ברילען! — האט ער אין א ווילע ארום געזאגט צו זיך, דערמאנענדיג זיך אין כינא, וואס ער האט אמאל בעזוכט נאך פאר׳ן קריג. די ערינערונג וועגען דעם דאזיגען לאנד איז געווען אזוי שטארק, אז ער האט די לעצטע ווערטער ארויסגערעדט גאנץ הויך.

דער פראפעסאר, וואס איז געזעסען געגען איבער

איהם, האָט בּעשטעטיגט מיט אַ קאָפּ-בּעוועגונג. זיינע ווערטער דערנאָך האָט ער מיט אַ האַרט קול, וואָס האָט מאָדנע גע־קלונגען פאַר ווענק'ן איז נישט געווען אין הספּק מיט דעם אַלטענס צעקנייטשטע ליפּען צוגעבּען.

— יאָ, זיי שטאַמען פון טסין-נאַן-פוּ!

אונטערשטרייכענדיג און אַקצענטירענדיג, האָט ער איבּערגע'חזרט:

טסי... נאַן... פוּ...

ער האָט אַרויסגערעדט אַזוי לאַנגזאַם, ווי דער נאָמען פון דער שטאָט וואָלט געווען עפּעס אַ ליד פול מיט קלאַנג און פון די דריי זילבּען איז געפלאָסען די ערינערונג וועגען כינאַ, וואָס האָט איהם אָנגעפּולט מיט פרייד. אין דער זעלבער צייט האָט ער אַ קוק געטון אויף ווענק'ן, פּונקט, ווי ער וואָלט איהם מיט די אויגען, וואָס זענען פערגרעסערט געוואָרען דורכ'ן גלאָז, דערלאַנגט אַ קלאַפּ.

ווענק האָט בּאַלד דערשפּירט אַ מאָדנע געפיהל צום פּראָפעסאָר.

— טסי-נאַן-פוּ! — האָט זיך נאָכאַמאָל דערהערט דאָס האַרטע קול, ווי ער וואָלט די ווערטער צוגעגעבּען אַ בּעזונדערע בּעדייטונג; יאָ, עס האָט אויסגעזעהן, ווי דער אַלטער גאַסט וואָלט אַרויסגערעדט די דריי זילבּען מיט אַן אונפערשטענדליכען צוועק, וועלכען ווענק האָט נישט געקענט וויסען.

אינסטינקטיוו האָט ווענק זיך אַ כאַפּגעטון בּיים הינטערשטען טייל פון קאָפּ און זיך אומגעקוקט. האָט ער געזוכט דעם ציל פון די דריי זילבּען? האָבּען די דריי זילבּען, וואָס זענען פרעמד און קומען פון אַ פרעמד מויל, ווי רויטע קוילען, דערגרייכט זייער ציל.

ווען ווענק האָט זיך אַזוי אומגעקוקט, האָט ער דערזעהן, ווי הינטער די פּלייצעס פון אַ שפּילער, וואָס איז געווען זיין שכן, זיצט די דאַמע, וועלכער ער האָט אין שראַמס לאָקאַל געהאָלפען ענטלויפען. עס האָט זיך איהם געדאַכט,

אַז זי קוקט אויף איהם מיט חוזק. ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי ער זאָל זיך האַלטען צו איהר. אָבער דאָ האָט ער דערזעהן, אַז מען דערלאַנגט איהם קאָרטען. ווען ער האָט זיך אויסגעדרעהט צו נעמען די קאָרטען האָט ער זיך גע־פיהלט שלעפעריג. ווי אין אַ נעפּעל האָט ער דערפיהלט, אַז דעם פּראָפעסאָר'ס שטיינערנע אויגען זענען שולדיג אין זיין שלעפעריגקייט; ער האָט פערגעסען וועגען דער שעה־נער פרוי.

די שלעפעריגקייט, אין וועלכען ער איז אַריינגעפאַלען, האָט איהם איבערראַשט. ער איז געזעסען, ווי אַ פערשטיי־נערטער אויפ'ן אָרט און געקוקט אויף דעם געלען לעדער פון דער כינעזישער שקאטולקע צו די ברילען.

עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דעם פּראָפעסאָר'ס אויגען, וואָס זענען פערגרעסערט געוואָרען דורך די גלע־זער רוהען אויף איהם שווער, ווערענדיג ברייטער און ברייטער, און עס פליסען דורך נעפעלדיגע זכרונות וועגען עפּעס אַ רייזע־טאָג אין כינע. ער האָט זיך דערמאָנט אַן פריהמאָרגען אויפ'ן וועג צום לאַנד פון דער געלער ראַסע — אָט זעהט ער איצט זיין קאַיוטע אויף דער שיף — ער זעהט דעם שמאָלען ברעג ביים ים, ווי אַ שמאָלער פּאַס צווישען הימעל און ערד. דאָס איז דער פּאָרט יאַנטסעקיאַן... יאָ, דאָס איז דער פּאָרט יאַנטסעקיאַן...

— וויפיל שטעלט איהר? — דערהערט וועגן עפּעס אַ שטימע, און ווי אין חלום רופט ער אויס:

— הונדערט מאַרק... און די זכרונות פון כינע ווע־בען זיך אין זיין קאָפּ אַלץ ווייטער. ער האָט געוואונען און דאָס געוואונענע איבערגעלאָזט אויפ'ן טיש אלס איינשטע־לעכץ. ווען האָט געפיהלט, אַז ער ווארט בלויז אויף דער מינוט, ווען דער אַלטער פּראָפעסאָר וועט נעמען די באַנק. ער האָט זיך געפרעגט:

— פאַרוואָס ווארט איך דערויף? עס איז מאָדנע, וואָס איך ווארט דערויף!

חשנק האט זיך פערטייטשט, אז ער חארט דערויף בלויז דערפאר, חייל דער פראפעסאר איז מיט זיינע כינע-זישע ברילען אנ׳אונגעוועהנליכער מענש אויף דעם דאזיגען ארט, און אלס מאן פון א ווייט לאנד אינטערעסירט ער איהם מעהר, ווי אלע אנדערע.

דא האט דער אלטער פראפעסאר איבערגענומען די באנק און ווענק האט זיך דערפיהלט, ווי בעפרייט... בע-פרייט פון דער אונזיניגער און אוננאטירליכער אנשטרענ-גונג. איצט וועט אלץ זיין אין ארדנונג — האט ער זיך געטראכט. ער האט געשטעלט א קליינע סומע, ווי ער האלט געוואלט דערמיט זאגען, אז ער האלט זיך נישט פאר קיין געגנער פון באנק-האלטער און בלויז פרא פארמע שטעלט ער ווי די אנדערע געסט א סומע.

ער האט געוואונען. ער האט געהאט אכט דאמאלט האט ער זיך איבערצייגט, אז ער האט איינגעשטעלט א גרעסערען באנקנאט, ווי ער האט געהאט בעשלאסען. איצט האט ער ווידער דאס געוואונענע מיט דער סטאווקע נאכא-מאל געשטעלט.

ער האט געקריגען א קענוג און א פינפמעל. ביי פינף אויגען האט ער קיינמאל נים געפלעגט צו קויפען קיין קארט. די דאזיגע געוואונהייט איז געווען אזוי איינגעבירגערט ביי איהם, אז ווען מען האט איהם געפרעגט „יא“ אדער „ניין“, האט ער געשוויגען.

— איהר נעמט? — האט ער פלוצלינג דערהערט א צושטריימער. די שטימע, וואס האט דאס ארויסגערעדט, האט געקלונגען פול מיט קראפט. זי האט געקלונגען ווי א שארפע דראהונג. און כאטש ווענק האט נישט געזעהען, האט ער פערשטאנען, אז דאס קול קומט פון מויל, וואס האט ארויסגערעדט די ווערטער „טסי-נאן-פו“....

און א מבולבל׳ער האט ווענק געשעפטשעט:

— ביטע.

אבער אין דער זעלבער מינוט האט ער געפיהלט, אז

ער האט מעהר נישט געוואלט קיין קארטען. אבער עס איז שוין געווען צו שפעט ער האט ווידער בעקומען א פינפטעל און צוזאמען מיט די פריהערדיגע קארטען איז עס געווען אכצן ווערט.

דער באנק-האלטער האט געקריגען א פינפטעל מיט א דאמע און האט מעהר קיין קארטען נישט צוגענומען, און דעריבער האט ער געווינען.

— דער סוחר פון דער פראווינץ פערשפילט! — האט וועגס דערהערט רעדען. די ווערטער זענען געקומען פון א פרוי.

די דאזיגע פארביי-געהענדיגע בעמערקונג האט וועגס'ן פרואיינדערט. ער האט זיך אויסגעדרעהט און געווארפען א בליק אויף פינסטערע ווינקעל. ער איז געווארען אונרוהיג. ער האט געפיהלט, ווי טונקעלע פליגלען שוועבען פאר זיינע אויגען.

— פליגלען פלאטערן... — האט ער געטראכט, נעמענדיג א קארט. ווירקליך, ער האט זיך געפינען, ווי אין א פויגעל-שטייג. ער האט בעקומען א זעכצעהנטעל.

— דאס איז גארנישט — האט עמיצער א שטים גערעדט אין איהם, כאטש ער איז געווען זיכער, אז ער געווינט. אבער וועגס האט זיך איצט איינגעשפארט און דייטליך געזאגט:

— ניין. איך נעם נישט!

און עס האט זיך איהם געדאכט, ווי די אויגען קריכען איהם ארויס פון שטערען — אזוי שווער איז איהם אנגעקומען צו זאגען:

— איך נעהם נישט!

עס האט זיך איהם געדאכט, ווי דינע שטאל-ווימפלען בויגען זיך פאר זיינע ברעמען און ווילען זיי פערמאכען. דעמאלט האט ער, אנשטרענגענדיג זיין ווילען אויף דאס העכסטע, רעזיגנירענדיג פון זיין אונגאנטירליבער מידקייט, בעמערקט, אז דעם בראפעסאר'ס האנד ליגט אויף דער טאליע

קאַרטען. זי האָט אָנגערירט מיט אַ לייַכטען ציטער די אויס־
בערשטע קאָרט, וואָס ער האָט שטאַרק געוואָלט דערלאַנגען
איהם, וועניק'ן, און פון דער דאָזיגער האַנד איז גלייַכצייטיג
געגאַנגען צו איהם אַ געהיימניספולער, הייסער שטראָם. וואָס
האָט איהם געוואָלט צווינגען, אַז ער זאָל נעמען די קאָרט,
לאָטש ער האָט שוין אַרויסגערעדט: „ניין, איך נעם נישט!“
די דאָזיגע איבערראַשענדע דערקענטניש האָט איהם
צוריקגעקעהרט זיין ניכטערן, קלאַרען צושטאַנד. ער האָט
זיך דערפיהלט אויפגעטרייסעלט. פונקט ווי פון זיינע אויגען
וואָלטען אַוועקגענומען געוואָרען די קיילער, וואָס האָבען
געדאַרפט בינדען זיין גייסט. ער האָט אָנגעקוקט דעם פראַ־
פעסאָר מיט אָפענע אויגען, און אין זיין הארצען איז געוואַק־
סען אַנ'אונפערשטענדליכער, ביטערער און אויפרייצענדער אונ־
צופרוי. ער איז שוין כמעט גרייט געווען צוצושפרינגען צו
איהם און מיט ציטערדיגע פינגער איהם אויסקרייסען די
טאַליע קאָרטען.
— איהר נעמט! — האָט ער דערהערט בעפעהלעריש
אויסרופען דאָס הארטע קול. עס איז געווען דאָס זעלבע קול,
וואָס וועניק האָט פריהער געהערט.
דערמאָלט האָט וועניק הויך און מיט כעס געענטפערט:
— ניין, איך האָב שוין געזאָגט, אַז ניין.
די פערגרעסערטע אויגען דורך די גלעזער פון די ברי־
לען האָבען זיך אָפגעשטעלט אויף איהם מיט איין קורצען
בליק. דערנאָך זענען זיי אָפגעשפרונגען, ווי די הינד פון אַ
שטאַרקערען בעפאַלענעם. דער אַלטער העט האָט זיך אַ ביסעל
אַפּוירגערוקט מיט'ן גוף, געבעטען וואַסער און קאָניאַק און
געזאָגט, אַז ער וויל איבעררייסען דאָס שפיל און אָפטרעטען
די באַנק. ער האָט ערקלערט, אַז ער איז פלוצלינג שוואַך גע־
וואָרען...
מען האָט זיך פערנומען מיט איהם, אַרומרינגלענדיג
זיין שטוהל.
וועניק איז געבליבען אויפ'ן אָרט. עס האָט איהם בעו־

רוישט דער געדאַנקמער שייכות צווישן זיין איבערלעבונג און דעם אַלטען׳ס פּלוצלינגער אָפּגעשוואַכטקייט. איז דאָ באמת פאַרהאַן אַ צוזאַמענהאַנג ? ער האָט זיך פּלוצלינג דער־פילט פאַראַנטוואָרטליך דערפאַר, וואָס דעם אַלטען איז נישט גוט געוואָרן. ערגיץ אין זיין מוח אונטער־בעוואוסט־זיין האָט זיך געוויזען אַ בילד פון אַ קאַמף, וואָס ער האָט געפיהרט מיט יענעם און דער רעזולטאַט פון קאַמף איז דאָס, וואָס דער אַלטער איז פּלוצלינג אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ער האָט זיך איבערגעלעגט, ווי אַזוי ער זאָל איהם העלפען...

ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנד אין וועסטען־קעשענע און אַרויסגענומען פון איהר אַ פלאַקאָן מיט ענגליש וואַסער. ער האָט עס אויפגעעפענט און זיך אָנגערופען :

— אפשר ווערט העלפען ענגליש וואַסער ? איך האָב עס פונקט...

אָבער דעמאָלט איז ער ערשט־מוינט געוואָרן — דער אַלטער האָט זיך מעהר נישט געפינען אין זאַל.

דאָ האָט זיך צוריקגעקעהרט צו איהם דער פרוהערדי־גער אונצופרידענער מיט נאָך אַ שטאַרקערער קראַפט. ער איז שנעל אויפגעשטאַנען און זיך אַדורכגעשטופּט צווישען די שפּילער ביים טיש. ער האָט געוואָלט נאָכלויפען דעם מאַן און איהם אָפּשטעלען. אַיינער האָט אַרויפגעלייגט אויף איהם די האַנד און געזאָגט, אַז ער, חענק, איז שולדיג, וואָס דעם אַלטען דער פראָפעסאָר איז פּלוצלינג נישט גוט געוואָרן. אָבער חענק האָט שנעל אַריינגעשטעקט די האַנד אין דער ברוסט־טאַש און אָנגערירט זיין רעוואָלווער. די קאַראַוואַ איז איהם ענטקעגענגעקומען. ער איז פאַרביי פאַר איהר, מיט־שלעפּענדיג האַסטיג דעם אָנפאַלער. מיט דער פרייער האַנד האָט ער, בעווגצענדיג זיין גאַנצע קראַפט, אַראָפּגעוואָרפען פון זיין אַקסעל די פרעמדע האַנד. אַ בעפרייטער איז ער שנעל אַריין אין קאָרידאָר, וואָס איז געווען לאַנג און פינסטער און האָט אַרויסגעפיהרט פון הויז. קוים איז ער אַריין אין קאָ־רידאָר האָט ער דערהערט טריט הינטער זיך ; ער איז שנעל

געלאָפֿן, פֿערהאַקט די טיר, וואָס ער האָט געמוזט אדורכ-
געהן און באַלד האָט ער זיך געפֿינען אין ראָג, וואו די אויטאָ-
מאָבילען שטעהען.

און ליכט פֿון לאַמטערן האָט ער נאָך געקאָנט זעהן
דעם אַלטען הער, וואָס איז שוין איצט נישט געווען איינגע-
הויקערט; מיט אַ פֿלינקער בעוועגונג איז ער קרעפֿטיג און
געשיקט אַריינגעשפּרונגען אין אויטאָ.

ווענק׳ן האָט זיין שאָפֿער בעמערקט. ער איז צו צוי
איהם און דער פּראָקוראָר האָט אַריינגעטאַנצט.

— שנעל הינטער יענעם אויטאָמאָביל! — האָט ער
שיטל געזאָגט.

זיי זענען איהם נאָכגעפֿלויגען. דעם פּראָפֿעסאָר׳ס אויטאָ
איז געווען אַ גרויסער מיט אַ ריזיגען מאָטאָר. עס איז געווען
נישט שפּעט און אָוועגד און עס האָט געהערשט אַ שטאַרקע
בעוועגונג אין די גאַסען. יענעם׳ס אויטאָ האָט דעריבער ניט
געקאָנט פֿאָהרען מיט דער גאַנצער גיכקייט. בײדע אויטאָ-
מאָבילען האָבען זיך דעריבער גאָר גיך געפֿינען נאָהנט איי-
נער צום אַנדערען. זיי האָבען זיך באַלד אַריינגעפֿלאָכטען אין
אַ קייט פֿון אויטאָס און קאַרעטעס. וואָס זענען געקומען פֿון
טעאַטער און ווענק האָט געקענט. נישט ציהענדיג אויף זיך
קיין פֿערדאַכט, צופֿאָהרען ביז צום האָטעל „פּאַלאַסט“. דא
האָט זיך דעם פּראָפֿעסאָר׳ס אויטאָ אָפּגעשטעלט. איידער
ווענק׳ס שאָפֿער האָט איינגעהאַלטען דעם מאָטאָר, האָט ווענק
דערזעהען, ווי יענער איז גיך אַריינגעלאָפֿען אין קאָרידאָר
פֿון האָטעל, אומקוקענדיג זיך אויפ׳ן וועג. ווענק איז שנעל
אַריין נאָך איהם.

דער צופֿאַל האָט איהם געטאָן אַ טובה. עפּיס אַ גרעסערע
קאָמפּאַניע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פֿון האָטעל, האָט איהם
פֿערשטעלט פֿאַר׳ן פּראָפֿעסאָר. ווענק האָט געזעהען, ווי יע-
נער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פֿענסטערל פֿון ביוראָ און
מיט היץ געעפֿענט אַ דעפּעשע. וואָס מען האָט איהם דער-
לאַנגט. ער איז געווען אַריינגעטאָן אין לייענען.

ווענק האָט נעהאַט גענוג צײַט. כּדי אויסצוקלײַבן זיך אַנ׳אָרט, וואו מען זאָל גוט זיך צוקוקען. ער האָט פֿון דאָרט אויס בעמערקט, אַז לײַענענדיק די דעפּעשע, האָט דער פּראָ־פֿעסאָר פֿאַר׳גנבֿ׳עטערהייט אויסגעפֿאָרשט דעם קאָרידאָר. דערנאָך איז ער שנעל צו צו דער ווינדע. האָט פֿלינק אויפֿגע־פּראַלט די טיר און אַרויף אין דער הויך. אָבער ווענק האָט געהאַט גענוג צײַט צו זעהן, אַז אין דער ווינדע האָט זיך געפֿינען אַ יונגעל צום בעדינען.

ער האָט געוואַרט. אַז אויף אַ קלײנער בעלויכטענער טאַבעל וועט אויפֿבליצן דער נומער פֿון שטאָק, וואו די ווינ־דע האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געזעהן, אַז זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿ׳ן ערשטן שטאָק. דעמאָלט האָט ער אַ קלונג געטאָן אויפֿ׳ן ווינדע־פֿיהרער:

— אויפֿ׳ן ערשטען שטאָק! — האָט ער אויסגערופֿען צום יונגעל

זײַ זענען אַרויף אין דער הויך.

— איז נישט דער הער, וואָס איז אַקאָרשט אַרויפֿגע־פֿאָהרען, פֿון נומער 15? — האָט ער געפֿרעגט.

— ניין, גנעדיגער הער, — האָט דאָס יונגעל געענט־פֿערט. — דאָס איז דער האָלענדישער פּראָפֿעסאָר פֿון נו־מער 10.

— אַך, איך האָב געהאַט אַ טעות! אַ דאַנק — האָט ווענק געזאָגט.

פּאַמעליך איז ער אַדורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר. ער איז פֿאַרבײַ דעם נומער 10; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט, האָט זיך פֿאָרזיכטיג אַראָפּגעבויגען, זיך צוגעהערט, אָבער דאָ האָט ער געהערט אַ שאָרך, ווי מען וואָלט געגאַנ־גען די טיר עפֿענען. ער האָט זיך אָפּגערוקט, זיך אַראָפּגע־בויגען, ווי ער וואָלט זיך באַפּראַוועט די הויזען, און זיך אויסגעדרעהט.

ווען ער האָט זיך דערנאָך, ווי די טיר האָט זיך צוגע־

מאָל. אויסגעדרעהט, האָט ער געזעהן שטעהן געבען צוי־מער נומער 10 א פאָר אַלטע קאַמאַשען.

ער איז געבליבען שטעהן און געפּאַסט אַנ'אונגעוועהנ־ליכען בעשלום. ער האָט געוואָלט אָנקלאַפּען אין צימער נו־מער 10 און פרעגען דעם אַלטען הער, צי עס איז איהם שוין בעסער געוואָרען. ער האָט איהם אַזוי נאָך געוואָלט צוטומ־לען. ווייל ער האָט געהאַלטען, אַז דער דאָזיגער מאַן איז שוין אַ פּראָדוקט צו אָרעסטירען.

דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם אויסגעוויזען צו זיין אַ ריכטיגער, הגם אַ דרייסטער. אָבער ווען ער האָט זיך אָראָפּ־געבויגען צו דער פאָדלאָגע און דערזעהען, אַז די קאַמאַשען זענען אַ פּאָר דאַמען־שיך, דעמאָלט איז ער מיט זיין בעשלוס שוואַכער געוואָרען, איז אַראָפּגעגאַנגען אונטען און אַרויסגע־פאָדערט דעם פערוואַלטער פון האָטעל. ער האָט איהם געוויזען אַ ציינכען, ווער ער איז, און געבעטען ער זאָל איהם אי־בערגעבען, ווער עס איז דער לאָקאַטאָר פון צימער נומער 10.

מען האָט געבראַכט דאָס איינמעלדונגס־בוך פון האָטעל

— צימער נומער 10, הער פּראָקוראָר, — ביטע קוקט נאָך — פּראָפעסאָר גרוד, האַג, האָלאַנד.

— לויט איינער איינמעלדונגס־בוך וואוינט ער אַליין?

— יאָ.

— וואוינט ער שטענדיג אַליין, אָדער בלויז איצט? געמט ער נישט אויף ביינאַכט קיין דאַמען.

— ווי אַזוי, הער פּראָקוראָר? ! מיר גאַראַנטירען. פאַר אַזעלכע זאַכען איז אונזער האָטעל זעהר שטרענג.

— אויב אַזוי האָט איינער גאַסט, הגם ער איז נישט קשה'דיג דיק, זעהר קליינע פיסלעך.

— איך פערשטעה נישט, הער פּראָקוראָר.

— דאָס הייסט, אַז ער טראָגט דאַמען־שיך.

— דער הער פּראָקוראָר האָט ליב צו שפּאַסען.

— קומט מיט מיר, הער דירעקטאָר.

ביידע זענען אַרויף אין דער הויך. פֿאַר'ן צימער נומער 10 זענען אַלץ געשטאַנען די דאַמען־שיך מיט הויכע קלעצ־לעך. עלעגאַנטע לעטשלעך פֿון העלען חורשען־לעדער.

ווענק האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און געעפֿענט די טיר, נישט אָנקלאַפּענדיג. ער איז שנעל אַריינגעשפּרונגען. דער האָטעל־דירעקטאָר איז אַריין הינטער אים. אָבער דאָס צימער איז געווען ליידיג. ביידע פֿענסטער זענען געווען פֿאַר־מאַכט. עס האָט געברענט ליכט. דאָס באָד־צימער דערנע־בען האָט נישט געהאַט קיין פֿענסטער. עס איז אין ערגיץ נישט געווען קיין צייכען פֿון אַ מענש. דער פּראָקוראָר איז שנעל אַראָפּ אויף דער גאַס. דער אויטאָ פֿון אונבעקאַנטען האָט זיך שוין נישט געפֿינען.

ער האָט פֿעראָרדענט דעם דירעקטאָר זיך צו דערווי־כען, ווער עס האָט פֿערלאָזט דעם האָטעל אין די לעצטע צעהן מינוט.

— בלויז דער ביוראָ־שעף! — האָט געענטפֿערט דער שווייצער.

אָבער אין דער זעלבער סעקונדע האָט זיך באַוויזען דער ביוראָ־שעף, וואָס האָט געוואָלט אַרויס אויף דער גאַס. דער שווייצער האָט אים אָנגעקוקט אַ ערשטוינטער.

— אָבער איהר זענט דאָך ערשט אַרויס אויף דער גאַס!

— האָט ער אויסגערופֿען.

— איך? ביז צו דער לעצטער רגע האָב איך זיך גע־פֿינען אין ביוראָ! — האָט דער שעף פֿערזיכערט.

דאָ איז ווענק'ן אַלץ קלאָר געוואָרען... און ער האָט מעהר נישט געפֿאָרשט. די פֿאַקטען האָבען גערעדט פֿאַר זיך. דער אַנטלאָפֿענער האָט זיך אויף אַ נויט־פֿאַל אָנגעגרייט אַ מאַסקע פֿון אַ מענש, וואָס איז באַקאַנט אין האָטעל. ער האָט אַרויסגעשטעלט דאַמען־שיך פֿאַר דער טיר, ווייל ער האָט ריכטיג אויסגערעכענט, אַז ווענק וועט אײַדער ער וועט אַרײַנ־פֿאַלען אין צימער נומער 10, דערזעהענדיג אונערוואַרטעט

די דאַמען־שניר, צוויי אַראָפּ אין האַמעל־ביגראָ, זיך אויס־
פּרעגען. און די דאָזיגער צייט האָט ער ניט אויסגעניצט.
ווענק האָט דאָ געהאַט צו טון מיט אַנ׳אמת׳ן מייסטער. ער
האָט בעוואונדערט דיים שאַרפּן פֿערשטאַנד און דעם ריזי־
גען חפֿרים. מיט וועלכען יענער האָט געאַרבעט. ער האָט
זיך דערמאָנט דעם העטר באַלינג און דעם בלאַנדען מיט דער
באָרד, מיט וועלכען ווינטער האָט זיך צוגעטראָפֿען.

אויפֿ׳ן וועג אַהיים און דערנאָך ביי זיך אין וואוינונג האָט
זיך ווענק מיט אַלע כחות געפּרובט דערמאָנען, וואָס עס איז
איהם געבליבען אין זכרון וועגען יענעם בלאָנדען מאַן און
וועגען פּראָפֿעסאָר. אָבער אַ מאָרגען זאָר. אויף וויפֿיל ער האָט
זיך געניי און דייטליך געקאָנט דערמאַנען אַלץ, וואָס דער
בלאָנדער האָט געטון אין שראַמ׳ס נאַכט־לאָקאַל, אַזוי קנאַפּ
האָט ער זיך געקאָנט דערמאָנען דעם איינדרוק און דאָס
אויסזעהען פֿון דער בעגעגניש מיט׳ן פּראָפֿעסאָר. כאָטש דאָס
לעצטע איז געשעהען ערשט מיט אַ שעה צוריק.

אַ חוץ דעם איז ער געוואָרען זעהר שלעפֿעריג. ער האָט
געפֿיהלט אַ בעדערפֿניש זיך אויסצורוהען, פּונקט, ווי ער
וואָלט ערשט איבערגעלעבט עפּיס אַ געפֿעהרליכע אַוואַנטורע,
וואָס האָט איהם אַ גאַנצען טאָג געריסען די נערווען. ער
האָט זיך אויסגעטון. עס איז איהם בעפֿאַלען אַנ׳אומעכטיג־
קייט, ווי נאָך אַ שטאַרקען בלוט־אָפּפֿלוס. ער האָט זיך גע־
פֿיהלט אין אַנ׳עהנליכער שטימונג, ווי נאָך יענע סטודענטען־
דועלען, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט מיט לאַנגע יאָהרען
צוריק. די זעלבע נערווען־אָפּשוואַכונג, וואָס איז געקומען
נאָך אַ בלוט־פֿערלוסט, האָט איהם איצט גענומען אין איהר
מאַכט.

ער האָט זיך איבערגעגעבען דער דאָזיגער אומעכטיג־
קייט און איינגעשלאָפֿען, פֿערגעסענדיג אפילו זיך אויסצוטון
אינגאַנצען. און ער האָט געחלומ׳ט דערוועגען, אַז נעבען
איהם הויבט זיך אויף עפּיס אַ געבוידע פֿון אַ שלאָס אין

נעפּעל, וואָס איז פול מיט געהיימנישען און ער האָט גע־
זעהען אין שלאָף, אַז אין די פערבּשופּ'טע קלאַנגען „מבּוי־
גאַן־פוּ", אויב מען פערשטעהט זיי, ווי עס האָט געמיינט
דער האַגער פּראָפעסאָר — שטעקט דער שליסעל, מיט וועל־
כען מען קאָן עפענען דעם פערבּשופּ'טען שלאָף

* * *

די ווייטערדיגע אָוועגדען איז וועגק שוין ניט געגאַנגען
אין די שפּיל־נעסטען. אַלס זיין איינגענער שאָפער, אַנגעטין
אין אַ לעדערנער קורטקע מיט אויערען־לאַפּען איז ער אַרומ־
געפאָהרען די שטאָט, אָפּגעשטעלט זיין אויטאָ נעבען בּע־
קאַנטע לאָקאַלען און פון זיין זיץ־אָרט האָט ער זיך צוגעקוקט
צו די אַריינגעהענדיגע און אַרויסגעהענדיגע געסט.

איינמאָל, בּעת ער איז אַוועק אין דער ריכטונג פון איי־
נעם פון די ערשט־ראַנגיגסטע לאָקאַלען און פאַמעליך גע־
פאָהרען אויף דער דיענער־גאַס, האָט איהם אָפּגעשטעלט
עפּי סאַ צוזאַמענגעלויף אויף דער גאַס. יוען ער האָט גע־
וואַרט, אַז דער צוזאַמענגעלויף זאָל זיך פונאַנדערגעהן און
ער זאָל קאָנען ווייטער פאָהרען, האָט ער אַ ציטער געטון. ער
האָט געזעהען איהם — דעם בּלאָנדען! ער איז געווען אויס־
געדרעהט צו איהם מיט די פּלייצעס און האָט געקויפט צי־
גאַרען. יאָ, ע סאיז ער. ער האָט לאַנג און פאַמעליך אויס־
געקליבען ציגאַרען, ווי ער וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון דער
געפאַהר, וואָס דראָהט איהם. זיין אויטאָ איז געשטאַנען פאַר'ן
געוועלב. וועגק האָט דעם אויטאָ גענוי אָנגעקוקט. ער האָט
איהם ניט געקענט. ער האָט זיך פערשריבּען זיין נומער.

דער שאָפער איז אַראָפּ פון אויטאָ, כדי עפּיס צו פער־
דרעהען אַ שרויף בּיים מאָטאָר. וועגק, וואָס איז געשטאַנען
נעבּען איהם, האָט איהם געטופּען. אָבּער דער שאָפער, אָנ־
קוקענדיג איהם, האָט געטון אַ מאַך מיט דער האַנד, אַלס
צייכען, אַז ער קאָן ניט רעדען, ווייל ער איז אַ שטומער.

דער מאַן אין געוועלב האָט גענומען זיין פּאַקעט און

זיך געלאָזט צו דער טיר. ווענק האָט דערזעהן זיין פּנים.
אָבער עס איז געווען אַן אַנדער פּנים, אַ פּנים, וואָס ער האָט
נאָך קיינמאָל נישט געזעהן. מענשען האָבען זיך פֿערבייגנגע=
גליטשט צווישען איהם און דעם פֿרעמדען, שטערענדיג ווענק'ן
צו אָבסערווירען. ער האָט איהם נאָך געזעהן אַ סעקונדע.
אַ גאַנצע רייה אויטאָס האָבען זיך אַ ריהר געטהון. דער אויי=
טאָ, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר איהם, האָט זיך אַ לאָז געטהון
מיט'ן גאַנצען אימפּעט, זיך אַרויסגעגליטשט פֿון דער לאַנ=
גער רייה אויטאָס און אַוועק אין אַ זייט.

ווענק האָט זיך געלאָזט לויט דער שפּור פֿון אונבעקאַנ=
טען. יענער אויטאָ, אַרויסדרייענדיג זיך פֿון דער רייה, האָט
זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פֿון דער מאַקסימיליאַן=גאַס.
ווענק האָט איהם נישט געקאָנט דערגרייכען. די גאַס איז
געווען אַ פּוסטע. ער האָט, פֿאָהרענדיג נאָך אויף דעם מאַק=
סימיליאַן=פּלאַץ, געזעהן ווי יענער אויטאָ האָט זיך שוין
אַריינגעדרעהט אין דער ווידענמעריער=גאַס. אַזוי איז ער
געפֿאָהרען, בלייבענדיג שטענדיג פֿון הינטען, דורך דער גאַנ=
צער גאַס, און אַ דאַנק דער קלאָרער נאַכט האָט ער דעם
פֿערפֿאָלגטען נישט פֿערלוירען פֿון אויג. ווען ווענק איז אָנגע=
קומען אויף דער מאַקס=יאָזעף=בריק האָט ער בעמערקט, אַז
יענער אויטאָמאָביל, אַרומקרייזענדיג מיט גערודער איין זייט
פֿון פֿרייען פּלאַץ ביי דער איזאַרא, האָט זיך מיט אַ [illegible]
געלאָזט אויף צוריק, אַדורכפֿאָהרענדיג זיין אויטאָ. ער איז
צוריק אויף דער ווידענמעיער=גאַס, וואָס ער האָט ערשט
געהאַט אַדורכגעפֿאָהרען.

דאָס האָט, פֿערשטעהט זיך, אויסגעקוקט פֿערדעכטיג
און ווענק האָט זיך מיט אַלע כחות בעמיהט נישט אַראָפּצו=
לאָזען פֿון אויג דעם אויטאָ. ער איז אויך צוריק אויף דער
בריק. יענער האָט ווידער זיך געלאָזט אויף דער מאַקסימי=
ליאַן=גאַס. איצט האָבען איהם איבערגעשניטען דעם וועג אַ
סך וועגען און ווענק'ן האָט זיך איינגעגעבען איהם צו דער=
יאָגען.

דער פֿרעמדער אוּיטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר'ן
טעאַטער „וואַריעטע“ אויפֿ'ן אָרט, וואָס איז בעשטימט גע-
ווען פֿאַר אויטאָמאָבילען. ווענק איז אַרויסגעשפּרונגען אויף
דער צווייטער זייט טראָטואַר. דער פֿרעמדער, וואָס איז
אַרויס פֿון יענעם אויטאָ, איז אַריין אין פֿאָדער-זאַל פֿון
טעאַטער. און אין דער איצטיגער רגע האָט ווענק ווידער דער-
פֿיהלט אַ ציטער איבער'ן גאַנצען לייב: און דאָך איז עס ער,
דער מאַן מיט דער בלאָנדער באָרד! — ער!

מיט ברענענדיגע נערווען האָט זיך ווענק אַדורכגעשטופּט
צווישען המון און אויך אַריין נאָך דעם פֿרעמדען אין פֿאָיע
פֿון טעאַטער. ער האָט איבערגעיאָגט דעם פֿרעמדען. דאָ האָט
ער זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און געוואַרט עטליכע סע-
קונדען צווישען די מענשען. דער פֿרעמדער איז אַדורך נע-
בען איהם. אָבער דאָ האָט ער דערזעהען אַ ברייט פּנים אָהן
באָרד און וואָנסעס, מיט ברוטאַלע ליפּען און גרויסע ברע-
נענדיגע אויגען. דאָס פּנים איז איהם געווען פֿרעמד. און
פֿרעמד און גלייכגילטיג האָבען געקוקט אויף איהם די גרויסע
אויגען. אַ בייזער און אַנ'ענטטוישטער האָט זיך ווענק אַוועק-
געדרוקט אין אַ זייט און שוין געוואָלט צוריק צו זיין אויטאָ.
עטליכע פֿערשפּעטיגטע טעאַטער-בעזוכער האָבען זיך פֿלינק
געוועזן פֿאַר איהם און וואָס פֿאַר אַ טומעל עס וואָלט אַרויס-
גערופֿען, ווען ער אַרעסטירט עמיצען פֿון די טעאַטער-בע-
זוכער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי אומאָנגענעהם עס וואָלט
צו וויסען, אַז די פֿאָרשטעלונג האָט זיך שוין אָנגעהויבען.
זגבער כלומר'שט אַלס פֿערברעכער.

נישט זייענדיג פֿעהיג זיך אָפּצורייסען פֿון דעם פֿרעמ-
דען, וואָס האָט איהם עטליכע מאָל ענטטוישט, האָט ער נאָכ-
אַמאָל געוואָרפֿען אויף איהם זיין בליק. ער האָט געזעהען,
ווי יענער האָט זיך צוגערוקט צו אַ גרופּע מענשען, וואָס זע-
נען אַריין אין טעאַטער, און רוהיג אַוועק אין די לאָזשעס.
עס זענען געווען פֿינף לאָזשעס אין פּאַרטער. דאָס האָט ווענק
עס איז געווען פֿינקט נײַן און די גלעקלער האָבען גענגעבען

גוט געוואַקסט. ער איז שנעל צו צו דער קאַסע און געקויפט
זשע. אין יעדער לאָזשע האָבען זיך געפֿינען פֿינף שטוהל. ער
פֿאַרבײַגעשאַרט נעבען איהם און אַרײַן אין דער גאַרדעראָבע.
אײַן פּלאַץ אין אַ לאָזשע. ער האָט געקריגען די לעצטע לאָ־
האָט עס געוואוסט פֿון פֿלאַן, וואָס איז געהאָנגען אין פֿאָ־
דער־זאַל.

ער איז פֿלינק אַרײַן אין זײַן אויטאָ, האָט זיך איבער־
געטון אין אַ פֿראַק — דער אויטאָ איז געווען אַ פֿערמאַל־
מיער — און דערנאָך האָט ער טעלעפֿאָנירט פֿון דער טעאַטער־
קאַנצעלאַריע צו זײַן שאָפֿער, ער זאָל קומען צונעמען דעם
אויטאָ און דאַן איז ער אַרײַן אין זײַן לאָזשע.

אויף דער בּיהנע איז געווען פֿינסטער, ווען ער איז
אַרײַנגעקומען. ער האָט באַלד געפּרובּט אין דער פֿינסטער צו
דערקענען פּנים'ער און אויפֿזוכען דעם אומבּעקאַנטען. אָבער
ער האָט געזוכט אומזיסט.

ווען דער נומער האָט זיך געענדיגט און עס האָט אויפֿגע־
נײַ אויפֿגעבּליצט דאָס ליכט, האָט זיך איהם אויך נישט אײַנ־
געגעבען אויפֿצוזיכען דעם פֿרעמדען צווישען די צוואַנציג
פּערזאָן, וואָס האָבען פֿערפֿולט די לאָזשעס. דאָס איז פּשוט
נישט געווען צו בּעגרײַפֿען. דער קאָרידאָר האָט געפֿיהרט
בּלויז צו די פֿינף לאָזשעס און ער איז דאָך אַרײַן אין דעם
דאָזיגער קאָרידאָר! די לאָזשעס זענען געווען הויך אַ דרײַ
מעטער.

דורך וואַנען האָט דער פֿרעמדער געקאָנט נעלם ווערען?
געפּײַניגט פֿון אַ פֿערדאַכט, צורײַצט איבער דער מאָס,
איז ווענק אַרויסגעשפּרונגען אויף דער גאַס, כּדי איבּערצו־
צײַגען זיך, צי דעם פֿרעמדענ'ס אויטאָמאָבּיל געפֿינט זיך
אויפֿ'ן אָרט. ער איז געשטאַנען, גאָט זײַן דאַנק!

ווענק האָט אָפּגעאָטעמט און בּעשלאָסען צו וואַרטען אין
זײַן אײגענעם אויטאָמאָבּיל בּיז יענער וועט זיך ריהרען. מיט
פֿערוואונדערונג האָט ער פּלוצלינג בּעמערקט, אַז דעם פֿרעמ־

ען'ס אויטאָ האָט פֿון פֿאָרענט אַ טאַקסאָמעטער־זייגער. ער איז געווען זיכער, אַז פֿריהער האָט דער אויטאָ דאָס ניט געהאַט. ער האָט דאָך איהם פֿריהער גוט אָנגעקוקט!

ער האָט אַ סך נישט געקלערט. ער האָט אַ רוף געטאָן צום שאָפֿער:

— פֿריי?

דער שאָפֿער האָט געענטפֿערט:

— פֿריי, צו אייער דינסט!

וועניק האָט זיך אַריינגעזעצט און אויפֿגעגעבן די אַד־רעס פֿון זיין וואוינונג. ער האָט געפּלאַנט אויפֿ'ן וועג צו בע־ראַטען זיך, וואָס ער דאַרפֿט ווייטער טון. דאָ האָט ער זיך אָנגעשטויסען, אַז דער שאָפֿער, וועלכער האָט אויף דער דינגער־גאַס געגעבען אַ צייכען, אַז ער איז שטום, האָט מיט איינמאָל צוריקבעקומען די שפּראַך.

דער אויטאָ איז געפֿלויגען. אינעווייניג האָט זיך גענו־מען פֿערשפּרייטען עפּיס אַ זיסער ריח. וועניק האָט געפֿיהלט, אַז דער ריח רייצט איהם די אָטעם־אָרגאַנען.

דאָס איז עפּיס פֿערדעכטיגעס!...

דער שטומער האָט גערעדט! אַ פּריוואַטער אויטאָמאָ־ביל מיט אַ טאַקסאָמעטער!.. — האָט זיך וועניק איבערגעלעגט. אָבער וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נייער דופֿט? עס האָט איהם גע־נומען ברענען אין דער נאָז און אין די אויגען־ווינקלען.

כּדי דאָס צו אונטערזוכען, האָט ער געטאָן אַ טיפֿען אָטעם די לופֿט עטליכע מאָל. דערנאָך האָט ער געוואָלט עפֿע־נען אַ פֿענסטער. ער האָט לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטען דעם פֿאַבכודנעם אַראָמאַט. פֿאַרוואָס שמעקט אַזוי? ער האָט געוואָלט אויפֿהויבען אַ האַנד, אָבער די האַנד האָט זיך נישט אויפֿגעהויבען הויך, ער האָט פּשוט נישט געהאַט קיין כּח און זי האָט איהם נישט געוואָלט פֿאָלגען. און גלייכ־צייטיג האָט זיך איהם געדאַכט, אַז עפּיס אַ טונקעלער ...

פֿרעסט איהם די אויגען.

דאַן האָט איהם אַרומגענומען אַ שרעק, ווי אַ ברענענדיגער באַלאָן וואָלט צופּלאַצט געוואָרען און איהם צושניטען די געדערים. נישט קאָנענדיג זיך בעוועגען, האָט ער גענומען שרייען הויך אויפ'ן קול, האָט גענומען יאָמערן. ער האָט זיך געוויאָרפען, געשלײַדערט און געפּרובט עפֿענען די קליאַמקע פֿון אוימאַ מיט'ן פֿוס... אומזיסט!...

בלויז עטליכע סעקונדען איז ער געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע פֿון אוימאַ, פֿיהלענדיג, ווי די בליצען פֿון בעוואוסטזײַן פֿערלעשען זיך אין זײַן מוח. וואָס ווערט פֿערגאָסען מיט בלוט, און דערנאָך די בליצען אויסגעגאַנגען, אַ חלשות האָט איהם אינגאַנצען בעהערשט און ער איז געפֿאַלען מיט'ן פּנים אויף דער פּאָדלאָגע פֿון אוימאַ. און דער אוימאַ איז דערווײַל מיט אַ משוגע'נער שנעלקייט געפֿלויגען, סנאַפּטענדיג מיט'ן מאָטאָר, אויף די הינטער-גאַסען פֿון דער שטאָט...

דער שאָפֿער איז געפֿאָהרען אַ גאַנצע נאַכט מיט'ן פֿערטויבטען פּראָקוראָר, ביז ער איז אָנגעקומען קײַן שלעזיען. דאָרט האָט ער איהם אַרויסגעשלעפּט און איהם אַוועקגעלייגט ערגיץ אויף אַ באַנק. דאַן איז ער צוריק קײַן מינכען.

ער איז געפֿאָהרען אויף דער קסענגע-גאַס. דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבען עפּיס אַ זײַטיגער ווילע. אויף דעם טויער איז געהאַנגען אַ שילדעל:

**ד"ר מאַרקוזע**

פּסיכאָפּאַטאָלאָגישע קאַבינעט

און דאָ איז פּלוצלינג אַרויסגעקומען אויף דער שוועל אַ מאַן מיט אַ ברענענדען קאַ[illegible]ער, אײַנגעהילט אין אַ פּוטער.

ער איז נאָך אַדורך דעם גאָרטען, צוגעקומען צו דער פֿורטקע און אַרויס אויף דער גאַס.

— איך האָב איהם איבערגעלאָזט אין פּאַרק אין שלעז־הוים, — האָט זיך אָנגערופֿען דער שאָפֿער.

— האָסטו שוין די נאַז־פֿלאַשען אַרויסגענומען פֿון אויטאָ?

— יאָ, דאָקטאָר.

— פֿאָהר ווייטער!

אין דער זעלבער רגע האָט זיך פֿון די שאָטענס פֿון דער נאַכט אויסגעשיילט עפּיס אַ געשטאַלט, וואָס איז צוגעשפּרונגען צו די טירלעך פֿון אויטאָ און טרויעריג אַרויסגעשטאַמעלט:

— דאָס ביזט דו?

מאַרקוזע האָט ביז זיך אָפּגעטרייסעלט.

— וואָס ווילסטו? דו בעטעלסט?

דאָס פֿרויען־קול האָט מילד און טרויעריג געענטפֿערט:

— יאָ, דו ווייסט אַליין, אַז איך בעטעל... ליבע...

— דו קענסט מיין ענטפֿער.

— עס איז דאָך געווען בלויז איינמאָל! פֿאַרוואָס? —

האָט די פֿרויען־שטימע געבעטען.

מאַרקוזע האָט מיט כעס געענטפֿערט:

— געוועזען איז געוועזען — דו דאַרפֿסט זיין געהאָרכזאַם. מיין בעפֿעהל איז אַ דיזשלוליכער. עס איז גאָרנישט דאָ צווישען „ניין“ און „יאָ“. דו ווייסט פֿון נעאַרג'ן, וואָס איך פֿאָדער. נעאָרט. ווייטער פֿאָהרען.

ער איז שוין געזעסען. די פֿרוי איז אומגעפֿאַלען אויף די שטאַפּלען פֿון גאָרטען, האָט בעהאַלטען דאָס פּנים אין דער פּעלערינע און עס האָט אויסגעזעהען, ווי זי וואָלט מיט פֿייערדיגע אויגען נאָכגעיאָגט די שאָטענס פֿון דעם זיך דערווייטערנדיגען אויטאָמאָביל.

— און אויב איך קאָן איהם נישט אויפהערן צו ליי-
בען ?!

מיטאיינמאָל האָט אַ צווייטער אויטאָמאָביל זיך אָפּגע-
שטעלט. עס איז אַרויסגעשפּרונגען פון איהם עפּיס אַ מאַנס-
פּערשוין און צו צו איהר.

— וואָס ווילסטו? — האָט ער געפרעגט מיט כעס. און
דערנאָך, דערזעהענדיג ווער עס איז, האָט ער צוגעגעבען:

— אַך, דאָס ביזט דו? קאַרא! נו, נו, האָסט גערעדט
מיט'ן דאָקטאָר?

זי האָט בלויז פערצווייפעלט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

רעכנונג? שטערט מיר דער שרעק?

דאָ האָט זיך אויפגעוויקעלט פאַר איהם אַ נייער וואַלד.

— פיהל איך שרעק? — שרעק?! אויב איך פיהל
שרעק, וועל איך שוין פאַלען! ווער איז ווינטער? ווער איז
וועגק? לעבערליכע ברואים! שרעק?

ער האָט צונויפגעקוועטשט די פאַרדערדיגע געדאַנקען, ווי
אַ פויסט און זיי ווידער אַרויפגעשטופּט אויפ'ן וועג, פון
וועלכען זיי האָבען זיך אַרויסגעגליטשט...

— 100 מיליאָן גראַם איז אַ מיליאָן קילאָגראַם. יעדער
קאָנטראַבאַנדיסט ברענגט יעדעם מאָל, אָפּהענגיג פון דער
געגענד, 10 ביז 15 קילאָ. וויפיל מענשען גיב איך פרנסה בײַ
דעם דאָזיגען געשעפט? אין משך פון אַ חודש מוז די סומע
איבערגעטראָגען ווערען קײַן צפון-טיראָל, און פון דאָרט אין
דער שווייץ. דורך עסטרײַך איז די גרעניץ לײַכטער, כאָטש
דאָט דאַרף מען האָבען אַ דאָפּעלט פּערסאָנאַל. שפּעטער!
האָט אויסגערעכענט, אַז דרײַ פּראָצענט מוז אַראָפּגעהן פאַר
דער פּאָליציי פון דער באַדענער אָזיערע און פון דער מישע-
שינער גרעניץ, וואָס האָט נאָך אין פרידענס-צייט בעמערקט,
אַז עס זענען דאָ פוקסען...

מאַרקוזע'ס געדאַנקען האָט ווידער געדראָהט, אַז זיי
זאָלען זיך צופלוהען. דאַרפט ער נישט פּרובען כאַפּען אַ

ביסל שלאָף?

— וואו? — האָט ער ווידער אַריינגעשריגן אין דער־
רער צום שאָפֿער.

— אין בופֿאַלאָ!

— אַ, בופֿאַלאָ!... ביז קעטענבאַד איז נאָך דאָ 18
קילאָמעטער. צוויי שעה. אַ ביסל שלאָף וואָלט מיר שטאַרק
צו נוץ געקומען. אַ ווייניקער צוויי מוזן מיר זיין אין שאַ־
פֿען. שפּעטער מוז זיך געפֿינען אין אָפֿענבאַך און פּעש אין
לינדוי, און צווישן זיי ביידע — איך.

דערנאָך וועלן מיר זיין איז שאַלען און דערמאָלט איז
שוין היינט שלאָף נישטאָ!

אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין קראַפֿט, כּדי צו דערוו־
עגן זיך אויסצורוען. ער האָט זיך געפֿינען אונטער'ן
דרוק פֿון ווענק'ס פֿערפֿאָלגונגס־געיעג. אין האָטעל פּאַלאַסט
האָט זיך אים קוים איינגעגעבן צו געפֿינען 10 מינוט.

ער האָט פֿאַר זיך אַליין נישט געוואָלט מודה זיין, אַז
ער איז אומרוהיג. ער האָט אויסגערעכנט, אַז דער שמוגל
פֿון פֿינף מיליאָן פֿינף־ליר־שטיק פֿון איטאַליען און פֿון
צפֿון־טיראָל דורך אַרלבערג קען שוועריג בעשעפֿטיגט יעדען
טאָג אויף יעדער גרעניץ 250 מענשען. אויב מען וועט צו־
רעכענען די אויפֿקויפֿער און זאַמלער אין באַזען קומט אויס
700 מענשען. צוזאַמען מיט די פֿאַמיליעס האָט ער קרוב
פֿיר טויזענד נפֿשות אויף אויסהאַלטונג. כּמעט אַ קליינע
יישוב. אָ, אַ גאַנץ שטעטל האָט זיך געפֿינען אין זיין האַנד,
וואָס ער האָט געפֿירט אויף'ן וועג פֿון שלעכטע טאַטן, און
זיך געגליטשט אין פֿינסטערע נעכט דורך אויסגעטרוקנטע
בערג־טייכן, דורך ווילדע און קאַלטע ווינטער־וועלדער, רוי־
קענדיג זיך אַלץ פֿאַראויס אונטער'ן שטוים פֿון זיין האַמער,
צווישן אויסגעשטרעקטע ביקסן פֿון די גרעניץ־זעלנער. זיי
האָבען נישט געהאַט קיין אַנדערע געדאַנקען, ווי אַ חוץ ווע־

טאָן איהם, דעם אײנגעטונקענעם זילבערנעם מיליאָנען, זײער ברױט-געבער. זײ בעפֿעהלס-געבער, זײער מושל.

זײ האָבען רױזיקירט דאָס לעבען פֿאַר איהם, כאָטש ער האָט קײנמאָל נישט געזעהען קײנעם פֿון זײ. וואָס וואָלט ער-שט געווען, ווען זײ וואָלטען איהם פּלוצלינג דערזעהען. ווען ער וואָלט זיך בעוויזען פֿאַר זײ אויף דעם קאָנטרבאַנדע-וועג בײנאַכט, און זײ וואָלטען אין דער ערשטער מינוט גע-מײנט, אַז זײ זעהען ענטדעקט, אַרומגערינגעלט — און דאָס וואָלט געווען ער אַלײן, זײער ברױט-געבער און העה!

4000 מענשען — דאָס איז אַ גאַנץ לאַנד! אָבער אין עיטאָפּאָמאַר וועט אַזױ נישט זײן! עס וועט זײן אַנ-דערש!... בעת ער וועט פֿאָהרען רײַטענדיג דורך אַ צו-שמעטערטען אור-וואַלד, צווישען וואַלד-מענשען און די באַ-ראָסוּדען — אַזױ ווי זײ רופֿען זיך דאָרט אַנדערש — וועט ער מיט זײן מלוכּה רעגירען מיט אַ בײטש, און אײראָפּא. דער עקעלהאַפֿטער וועלט-מיל, וועט פֿערשווינדען ווערען אויף אײביג פֿאַר איהם. דעמאָלט וועט אַרום איהם נישט זײן קײן אַנדערע זאַך. אַ חוץ זײן הערשעריש וואָרט! אין עיטאָפּאָמאַר, וואו עס וועט מקוים ווערען זײן חלום, וואָס ער האָט אָנגעהױבען צו וועבען נאָך אַלס יונגעל, דער חלום, וואָס האָט איהם פֿער'כשופֿ'ט, דער חלום, וואָס האָט זיך שױן אָנגעהױבען צו פֿערווירקליכען דאָרט אויפֿ'ן אײנזאַמען גרױסען אינזעל, וועלכער האָט זיך געפֿינען אין מיטען פֿון שטורמישען אָקעאַן, ווי אַ פּרעכטיגע ווינ-שטוהל, געהיטעט פֿון די כוואַליעס. דאָרט האָט ער געהאַט מענשען אונטער זײן מאַכט, דאָרט איז די נאַטור געווען זײן אײגענטום, דאָרט האָט ער מיט זײנע זעגעל-שיפֿען בעזיגט דעם ים און מיט מוסקולען און בלוט — מענשען... בלױז די פּאַלמען אויף זײנע פּלאַנטאַציעס האָבען איהם בעפֿרידיגט און רײַך גע-מאַכט... קײן געלד האָט ער נישט געדאַרפֿט, ווײל ער איז גע-

אויך פֿרײַ ווי אַ קעניג. ווי אַ גאָט.

אָבער די מלחמה האָט איהם אַרויסגעטריבען פֿון זײַן גן־עדן און איהם ווידער געברענגט אין דעם קלײנעם, פֿערשטונקענעם, פֿערצאַלמעטען אייראָפּאַ. ער האָט שוין נישט געקאָנט לעבען אין די מערב־לענדער. ער האָט זיך דאָ געפֿיהלט, ווי אַ בהמה, געבונדען אויף'ן פּאַשע־פֿעלד, פֿערמשפּט אויף צו פֿרעסען גראָז. גראָז, וואָס איז פֿאַרגעשריבען וויפֿיל פֿערברויכט צו ווערען. נײַן! — ער קאָן אַזוי נישט לעבען. דעריבער האָט ער אונטער דער אָפֿיציעלער מלוכה געלעגט דעם פֿונדאַמענט פֿון אַן'אייגענער מלוכה מיט געזעצען, וואָס ער האָט אַליין בעשאַפֿען, מיט דער מאַכט צו הערשען איבער דעם לעבען און טויט פֿון מענשען. מיט דעם ראָזינען חעג האָט ער געפּלאַנט צונויפֿצוזאַמלען געלד, וואָס זאָל איהם געבען די מעגליכקייט צו גרינדען זײַן קעניגרײַך אין די אונשולדיגע וועלדער פֿון בראַזיליען, אין לאַנד עיטאָפּאָמאַר.

ער איז זיך אַליין גענוג געווען. וואָס זענען געווען פֿאַר איהם אַנדערע מענשען. זיי זענען צושוואוּמען געוואָרען אונטער זײַן ווילע. אָבער דאָרט, אין דער צוקונפֿט, אין עיטאָפּאָמאַר, וועט זיך שוין נישט געפֿינען קיינער, וואָס וועט זיך דערוועגען ענטקעגענצושטעלען זײַן ווילען.

— נײַן, עס איז נישטאָ קײן עצה. זײַן ווילען איז שטאַרק ווי דער טויט. די מוזט זיך אונטערוואַרפֿען. צום ווידערזעהען. איך מוז פֿאָהרען הינטער איהם...

— וואו זענען מיר? — האָט מאַרקוזע געפֿרעגט דעם שאָפֿער דורך אַ רעהר, וואָס האָט פֿערגרעסערט דאָס קול.

— הינטער לאַנדסבערג. — האָט געאָרג געענטפֿערט.

אין מאַרקוזע'ס קאָפּ זענען געוואַקסען פּלענער, ווי וועלדער, אין וועלכע ער איז געגאַנגען אויף יאַגד. זיי האָבען

ניִשט געהאַט קיין סוף. אַליין ניַיע און נײַע פּלענער זענען געוואַקסען! פּלענער זענען עס געווען און ניִשט קיין חלומות.

ער האָט אַליין זיך דאָס געפֿרעגט, דערפֿיהלענדיג פּלוצלינג אַ קאַלטען הויך, וואָס איז אַריינגעפֿאַלען אין דער פֿלאַמענדיגער לאַווע פֿון זיינע געדאַנקען.

— פֿינף מיליאָן שווייצאַרישע פֿראַנק — דאָס איז אַ סומע פֿון 25 מיליאָן ליר — פֿינף מיליאָן שטיק איטאַליענישע פֿינף־פֿראַנק־מטבעות. יעדער שטיק וועגט 20 גראַם. פֿינף מיליאָן — וועט עס גענוג זיין? די אידעע איז אַ גוטע. דער פֿערדינסט פֿון אַ מטבע, וואָס מען וועט קויפֿען ביי דעם איצטיגען קורס פֿאַר אַ שווייצאַרישען פֿראַנק, איז פֿיר פֿראַנק. דער גאַנצער ריוח בעטרעפֿט דעריבער פֿיר מיליאָן שווייצאַרישע פֿראַנק. דערפֿון געהט אַוועק דרייסיג פּראָצענט אויף אויסגאַבען. אויסגעצייכענט!... פֿינף מיליאָן צו צוואַנציג גראַם — וויפֿיל איז דאָס קילאָ? הונדערט מיליאָן גראַם? פֿאַרוואָס קען איך ניִשט איבערערעכענען אַזאַ איינפֿאַכען פּאַמעליך, אונטער דער ווירקונג פֿון די פֿאַרגעשטעלטע בילדער, איז מאַרקוזע אַריינגעפֿאַלען אין שלאָף, וואָס האָט געשמידט זיינע גלידער. ער איז געלעגען אויף די קישענס און די פֿאַנטאַזיע האָט איהם אַוועקגעטראָגען פֿון דאַנען... אַזוי איז ער אַדורכגעשלאָפֿען כמעט צוויי שעה, פֿערזונקען אין דעם שוואַרצען ים פֿון זיינע חלומות.

מיט איינמאָל האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אַ העמערל קלאַפּט איהם אויפֿ'ן מוח. אַז עס קלאַפּט איהם כסדר אויף איין אָרט. דאָס האָט איהם געפּייניגט. דאָס איז אונגעהערט! ער האָט געהאַט בלויז צוויי שעה אַדורכצושלאָפֿען זיך צווישען בוכלאַ און רעטענבאַר. ווער האָט זיך געוואַגט צו שטערן איהם, שלאָגענדיג איהם אויפֿ'ן קאָפּ?

מיט איינמאָל האָט ער זיך אויפֿגעוועקט. דאָס כלומרשטע העמערל איז געווען אַ סיגנאַל פֿון דער פֿערגרעסערונגס־ תעהר, דורך וועלכע רמען האָט גערעדט.

— וואָס איז דאָרט? — האָט מאַרקוזע אַרײַנגעשריגן אין דער רעהר.

— הינטער אונז פֿאָהרט אַנ'אויטאָ!

— האָט דער אויטאָ אַ צייכען?

— יאָ, אַ גראָהער פֿלעק אויף דער רויטער לאַמטער.

— ווי שפּעט איז?

— האַלב איינס.

— זענען מיר ווייט?

— צוויי קילאָמעטער פֿאַר רעמענבאַך!

— האַלט! עס איז שפּער!

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. גלייכצייטיג האָבען זיך פֿערלאָשען די שיין־וואַרפֿער. תּיכּף האָבען זיך אויך פֿער־לאָשען די שיין־וואַרפֿער פֿון אַנדערן אויטאָ, וועלכער איז גאָהענט צוגעפֿאָהרען און זיך פֿערהאַלטען. אַ שטים האָט אַ הוסט געטוּן.

— קומט אַהער! — האָט מאַרקוזע אויסגערופֿען.

עפּעס אַ געשטאַלט האָט זיך אַדורכגעשניטען דורך דער פֿינסטערניש. מאַרקוזע האָט אַרויסגענומען פֿון דער טאַש אַ מויזער־ברוינינג און איהם געהאַלטען גרייט. ער האָט גע־וואַרט. זיין שאָפֿער האָט אַ בליץ געטוּן מיט אַ קליינער עלעק־טרישער לאָמפּ און אין שיין פֿון ליכט האָט מען געזעהן אַ געשטאַלט פֿון אַ מאַן, איינגעהילט אין אַ מאַנטעל.

— שפּערי!

— יאָ, הער דאָקטאָר!

די האַנט האָט אָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער אין דער טאַש. עס איז געווען איבריג.

— הער, שפּערי, דו וועסט דיך דאָ אָפּשטעלען אויף אַ פֿערטעל שעה... אָדער פֿאָהר מיט אַנ'אַנדערן וועג פֿון שאָפֿען. דו מוזט דאָרט זיין באַלד נאָך מיר — באַלד נאָך מיר צווישען האַלב צוויי און צוויי. איך בעשלאָסען וויכטיגע

פֿאַרערונגען, וואָס איך וועל דיר איבערגעבען, אויב די וועלען אָנקומען אויפ'ן שווייצאַרישען באָדען. וואָס הערט זיך נאָך?

— אַלץ איז אָרדנונג. איך האָב נאָך הונדערט קילאָ־גראַם רוי־אײַזען אין אויטאָ.

— גוט. פֿאָהר. צווישען האַלב צוויי און צוויי!

זיי זענען נאָך ווײַטער געפֿאָהרען. די רעפֿלעקטאָרען זענען נאָך געווען פֿערלאָשען אַ געוויסע צײַט, כּל זמן דער שאָסעע האָט זיך דערנעהנטערט צו דער עסטרײַכישער גרענעץ, וואו עס האָבען געדרעהט מיליטערישע פּאַטרולען. און שלאַכטערם האָבען זיך די רעפֿלעקטאָרען אויפֿסניי אָנגעצונדען און אַ דאָרף האָט זיך אין אײַלעניש פֿערבײַגע־גליטשט אונטער ליכט פֿון די לאַמטערנס.

נישט ווײַט פֿון לינדו, וואו דער וואַלד גרענעצט זיך מיט אַ באַרג, האָט זיך דער אויטאָ אויפֿסניי אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז דאָרט?

— קיינער נישט, דאָקטאָר!

— וואָס הייסט? און פּעש?

— מען זעהט נישט קיינעם.

מאַרקוזע איז אומגעדולדיג אַרויסגעשפּרונגען פֿון אויטאָ.

— איך וועל איהם אויסלערנען נישט צו פֿערשפּעטיגען!

— האָט ער אַ געשריי געטאָן, — איך פֿאָדער אומבעדינגט, אַז אַלע זאָלען זײַן פּינקטליך!

ער האָט געוואַרט. מינוטען זענען אַוועק. מאַרקוזע האָט זיך מיט דער פֿויסט געשלאָגען אין מאַנטעל. מען הייבט איהם וואַרטען!... ווער הייסט איהם וואַרטען? — אַ שמוגלער! די אונגעדולד האָט איהם געברענט. ער איז געווען מיר בעליידיגט, אָנגעריהרט אין כּבוד זײַנעם. אַ שמוגלער האָט געהייסען וואַרטען איהם — דעם הער!

איז פֿינף מינוט אַרום האָט זיך אויפֿ'ן וועג געגומען דערנעהנטערן אַנ'אויטאָמאָביל. ער איז געפֿאָהרען מיט פֿער־לאָשענע רעפֿלעקטאָרען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן שאָסע.

— פּעש! — האָט מאַרקוזע אַ געשריי געטהון.

פֿון אָפּענעם אויטאָ האָט זיך דערהערט אַ שטים:

— יאָ, איך בין דאָ, פּעש, הער דאָקטאָר!

— עס איז איינס מיט 45 מינוט. איהר האָט געדאַרפֿט דאָ זיין איינס מיט 35.

— צעהן מינוט שפּילען נישט קיין ראָלע. און מיר איז שוין אויסגעקומען צו וואַרטען, — האָט מורד'יש געענט־פֿערט אַ שטים אין דער פֿינסטער.

— ווען איך וואָלט געהאַט אַ שפּיץ-רוט, וואָלט איך דיר דערלאַנגט איבער'ן פּנים! צעהן מינוט דאָס איז פֿינפֿצעהן קילאָמעטער, ווען מען פֿערפֿאָלגט, בחמה! דו פֿערדינסט דאָך מיט מיין הילף די הײַנטיגע נאַכט צוויי טויזענד מאַרק!

יענער האָט חוצפּה'דיג געענטפֿערט:

— און איהר מיט מיין הילף 20 טויזענד מאַרק!

דערויף האָט מאַרקוזע זיך אָנגערופֿען:

— נאַר, איך פֿערדין פֿינף הונדערט טויזענד! אָבער דאָס איז נישט דיין זאַך, עס איז נאַר אַ רייד, ווער עס איז דאָ אַ הער און ווער אַ דינער.

פּעש האָט שנעל געענטפֿערט:

— איהר זענט נישט מיין הער!

מאַרקוזע האָט אַזש אַ שפּרונג געטהון:

— איך בין נישט... חזר איבער! — און ער האָט גע־ברומט: — מאָ, ביזט נעריכט. קענסט געהן דיין וועג. איך דאַרף דיך מעהר נישט האָבען.

און ער האָט זיך אויסגעדרעהט צו זיין אויטאָ. אָבער

ער האָט נאָך מיט כּעס און דראָהונג צוגעגעבן:
— אויב דיר וועט זיך גלוסטן צו מסר'ן אונז, דאַן
טאָרסט נישט פֿערגעסן, אַז אין אַ וואַלד וואַקסן ביימער,
און אויף'ן ערשטן בעסטן בוים וועסטו אויפֿגעהאָנגען
ווערן, ווי דיין קאָלעגע בענעדיקט. געוואָרן, פֿאָהר ווייטער.
און דער אויטאָמאָביל זיינע האָט אַ זעץ געטאָן אויף'ן
שאָסיע.

אַ ווילע אין דער געגענד פֿון קור-אָרט שאַכען, פֿערזונ-
קען אין געדיכטע גרינסען, וואָס האָט פֿערשטעלט די אוי-
סאָס. האָט זיך מאַרקוזע אָפּגעשטעלט.

די טיר צום גאָרטען איז געווען אָפֿען. נישט זוכענדיג
לאַנג האָט געוואָרג נעפֿונען אַ טונקעלע אַלעע, וואָס האָט
געפֿיהרט אין דער ווילע. די פֿענסטער זענען געווען פֿינסטער.
איידער מאַרקוזע און געוואָרג האָבען בעוויזען איבער-
צוטראָגען די שוועל, איז אָנגעקומען שפּערי.
אַז מאַרקוזע האָט פֿערמאַכט די טיר און אָנגעצונדען
ליכט אין קאָרידאָר, האָט זיך איהם געוואָרפֿען אין די אוי-
גען דאָס, וואָס שפּערי איז געווען אָנגעטאָן אין די קליידער
פֿון אַ גלח.

— דאָס איז דערפֿאַר, — האָט שפּערי געזאָגט מיט
אַ שמייכעל, — ווייל איך האָב היינט אויף דער שנעל גע-
מוזט האַרטען אין דער שווייץ, און יענער זייט אין רהיינטאַל
איז אַ מלבוש פֿון אַ גלח זיכערער, ווי אַ געפֿעלשטער פּאַס.
מיין פּאַס געפֿינט זיך סט. גאַלען. איהר ווייסט דאָך, אַז
איך מוז דאָרט פֿריהער אהינפֿאָהרען. איך האָב אָבער ביי
קכאַווער'ן די לוסטעם. ער האָט זיי מיר געבראַכט קיין
אַלט-שטעטין. מען קען זיי דאָך נים שיקען מיט דער פּאָסט.

באַלד דערנאָך זענען זיי געזעסן אין גרויסן שפּיי־צימער ביי אַ געדעקטן טיש. געאָרג האָט דערלאַנגט דאָס נאַכט־עסן, וואָס ער האָט געבראַכט אַזש פון מינכן. נאָך עסנ־ייג האָט מאַרקוזע זיך אָנגערופן.

— מיר וועלן ליקווידירן אויף דער באַדענער אַזיערע. די פערלוסטן זענען פינף פּונקטן העכער, ווי אויף דער יבשה. דאָס זאָגן די ברייף, וואָס איהר האָט מיטגעבראַכט. איך האָב באַפוילן צו קויפן זיבן מיליאָן פינף־ליר־מטבעות. איהר וועט אַוועק קיין צפּון־טיראָל און דורך אַרל־בערג אַריינקריגן זיך אין דער שווייץ. איהר זאָלט אַזוי טון, שפּערי, געדענקט, אַז אונזער איטאַליענישער שותף אין מעראַן איז דאלבעלי. איהר מוזט אַרויספאָהרן מאָרגן אין דער פריה. איך גיב אייך אַ חודש צייט. מיט דער דאָזיגער סומע וועלן מיר אָנהויבן אונזער טעטיגקייט אויף אַ נייעם באָדן. אין שווייץ איז איצט אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ שטרענג געזעץ געגען דעם אַריינפיהר פון זילבער. דעריבער איז די קאָנקורענץ ביים איינקויפן שוואַכער. מען קריגט געקויפט גענוג זילבערנע מטבעות צו פינף ליר אין איטאַליען. איך האָב געפּרובט מיט פראַנצויזישען זילבער־געלד. אָבער זינט דעם ווערסייל־ער שלום־טראַקטאַט האָט זיך אין אונזער מסחר אַריינגעקריגען אַן־אונטערטרעגליכע באַנדע; זיי לאָזט קיינעם גאָרנישט קויפן, ווייל דאָס זענען נישט קיין אַלטע סוחרים. האָסטו עס פערשטאַנען?

שפּערי האָט שטיל געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געדרע־לענט אין דער שטיל.

— וואַרט נאָך מיט'ן רעכענונג, ביז איך וועל אַלין האָ־בען געזאָגט — האָט מאַרקוזע שטרענג אַ זאָג געטון.

שפּערי האָט איהם אָנגעקוקט אַ צומישטער.

מאַרקוזע האָט געצויגען:

— פּעש איז אַוועק פון אונז. ווערט פעראָרדנען אין מיין נאָמען דער בעזייטיגונגס־קאָמיסיע, אַז זי זאָל איהם

גוט האָבן אויפ'ן אויג. ער איז אַ האַסטיגער, נערוועזער מענש. אויב ער וועט אַרויסווײַזן די מינדסטע כּוונה אַרויסצוטרעטן געגן אונז, טאָר מען נישט מאַכן מיט איהם קײן גרויסע צערעמאָניעס. דו וועסט איהם אויפהענגען, ווי בענעדיקט'ן. דעם לעצטן האָט מען ביז הײַנט נאָך נישט געפינען... דאָס איז גוט... אָבער וואו האָסטו געקויפט דאָס רויה-אײַזן?

— עס איז געווען טײַער, ווי....

— איך ווײס... איך ווײס... וויפיל איז דער פּרײַז?

— פינפציג מאַרק.

— פינפציג שווײַצאַרישע פראַנק. אַזאַ פּרײַז מוזטו קריגן. טאָרסט נישט אַראָפּלאָזן, גאָרנישט!

אין דער געשפּרעך-רעהר אונטער'ן טיש האָט עס אַ פײַף געטון.

— יאָ, געאָרג, — האָט אין איהר מאַרקוזע אַרײַנגעשריגן — יאָ... גוט. דער „רהײַן" איז דאָ, שפּערי. געאָרג, איהר וועט אָנפיהרן מיט'ן מאָטאָר פון שיפל. נישט פערגעסן דעם פּאָרטפעל מיט די ווערט-פּאַפּירן. שלום! איהר פאָהרט דאָך אָהן שום געפאַהר קײן ציריך, שפּערי?...

— באַלד, ווי איך קום אַריבער די גרעניץ-קאָנטראָל פאָהר איך ווײַטער אַלס נלח.

— אויב דו פאָהרסט מיט דעם „רהײַן"-דאַמפער דאַרפסטו נישט מורא האָבן פאַר דער גרעניץ-קאָנטראָל. וועסט געמען דעם פּאָרטפעל מיט אַקטען און ווערט-פּאַפּירן און אַרײַנלעגן אין מײַן באַנק. קאָנטאָ: אינזשינער זאַלבאַך דע מאַרטע. אָט איז אַ רשימה: אַ מיליאָן דײַטשע ליקסעמבורגער, צוויי מיליאָן דײַטשע פלאָט, פינף הונדערט שטיק טויזענד-מאַרק-שײַנען. אַלץ וועסטו מיר באַלד טוישן אויף בראַזיליאַנישע מילרעיסען. דאָס איז בעסער ווי דאָלאַרען, אָדער שווײַצער-פראַנס. טײל מיט דעם דאָקטאָר עבענהיגעל, אַז די נײַע פּאַפּירן געפינען זיך אין דעפּאָזיט. איך וועל איהם תּיכּף זאָגן, אַז ער זאָל אויסנוצן די

ערשטע קאָניוקטור און דאָס אַלץ פֿערקויפֿען אויף מיל-
דעיסען... יאָ, עס איז דאָ נאָך איין שווערער ענין צו ערלע-
דיגען: בעפֿרייען די מענשען, וואָס האָבען געאַרבייט פֿאַר
מיר ביי דער באַדענער אָזיערע. אויב זיי וועלען מעהר שוין
נישט האָבען צו פֿערדינען...

— אַ סך פֿון זיי ווילען שוין מעהר נישט אַרבייטען
מיט אונז — האָט שפּערי בעמערקט.

— איך ווייס... זיי זענען שוין זאַט. פֿאַר זיי האָבען
מיר נישט וואָס מורא צו האָבען. זיי האָבען אַ דאַנק אונז
בעפֿרייט זייערע הייזלעך פֿון שולדען. אָבער די געפֿאַהר
האָט מיך שוין אויסגעלערנט צו זיין איבערגעלעגטער. אַלע
היימלאָזע מאָר מען נישט אַראָפּלאָזען פֿון אויג! אין קאָנ-
סטאַנץ איז דאָ אַ פּאַס פּולווער. דאָרט וואוינט די דאָזיגע
האַלאַטע. אויב מיר וועלען זיי צונעמען די פֿעטע פֿערדינס-
טען, וועלען זיי פּלוצלינג ווערען פּשוט'ע באַנדיטען, אין
אַלם מעג אַרום וועלען זיי אַריינגעפּאַקט ווערען אין דער
תּפֿיסה און אין צאָרן וועלען זיי פּלוידערן, וואָס מען דאַרף
נישט. שמועס נאָך אַדורך מיט געאָרג'ען, וואָס מען דאַרף
טון. ער ווייסט דאָרט מאָרגען זיין. אַמבעסטען וואָלט געווען
אַריינצוקריגען זיי אין פֿרעמדען-לעגיאָן. וועסט אויסזוכען
מאַגנאַרד'ן באַלד ווי ער וועט קומען פֿון צוריק קיין מעראַן.
נאַטירליך דאַרפֿסטו זיך נישט אָפּזאָגען צו בעצאָהלען פֿאַר
יעדען קאָפּ, וואָס וועט אָנגעמען ווערען אין אַ זעלנערישען
הויט פֿון פֿרעמדען-לעגיאָן. וועסט געבען געלד געאָרג'ן, ער
זאָל עס צוטיילען צווישען די, וואָס קומען אויפֿ'ן צעטעל...
וועסט בעפֿולמעכטיגען בעהמ'ען, ער זאָל פֿערקויפֿען די
דריי דאַמפֿערס, וואָס מיר האָבען געהן אויפֿ'ן טייך, אַ חוץ
דעם „רהיין". דער „רהיין" טראָגט נאָך אַלץ אויפֿ'ן שפּיץ
אַ פֿאָהן פֿון קעניגליך-ווירטעמבערגערישען יאַכט-קלוב. אונ-
טער דער דאָזיגער פֿאָהן קאָן מען אַלץ אָפּטון. זאָל דער
„רהיין" זיך געפֿינען נאָהנט צו אונז אויף יעדען פֿאַל. דער
דאָזיגער דאַמפֿער קאָן מאַכען צו 16 קילאָמעטער, אויב דער

מאָטאָר איז אין אָרדנונג. מיר נעהמען!

געאָרג האָט שוין געקויפט בּאַר'ן הויז. די דריי מענער האָבּען זיך שטיל אַרויסגעגליטשט דורך דער פֿענסטער־ניש פֿון פּאַרק און געקומען אויף אַ וועג. זיי האָבּען שוין געהערט דעם שטילען גערויש פֿון דאַמפּער.

— איז מיין בּעפֿעהל אויסגעפֿיהרט געוואָרען? —

האָט מאַרקוזע געפֿרעגט — געפֿינט זיך אויפ'ן דאַמפּער נאָרנישט?

— אַ חוץ דאָס רויה־אייזען — גאָרנישט!

— וואַרפֿט אַראָפּ דאָס אייזען! — איך בּין נישט קיין אייזען־קרעמער.

געאָרג איז אַרויפֿגעלאָפֿען אויפ'ן דעק פֿון דער ערשטער. דריי מענער האָבּען געאַרבּייט אין דער פֿינסטער. דערנאָך זענען אַיין אין דער שיף מאַרקוזע און שפּערי. דער דאַמ־פּער האָט זיך גלייך געריהרט פֿון אָרט. ער איז געפֿאָהרען פֿאָרזיכטיג אונטער'ן שלייער פֿון דער נאַכט. דער מאָטאָר האָט זיך קוים געוואַגט צו קלאַפּען. ליכט האָט געציטערט די קאַיוטע, און וועלכער עס האָט זיך געפֿינען מאַרקוזע, וואָס איז געווען אָנגעטון אין אַ פֿוטער. בּאַלד איז ער אַרויס אויף דער אונטערשטער פּלאַטפֿאָרם, און דערנאָך איז ער אונגעדולדיג צוגעגאַנגען צום מאָטאָר.

עטליכע סעקונדען האָט ער זיך גענומען איינהערען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער הערט הינטער זיך עפּיס אַ געדרודער. דאָס געדרודער האָט זיך אַדורכגעריסען און גע־רויש פֿון די כוואַליעס און דערגאַנגען אַזש צו זיין אויער.

— שטעה! — האָט ער בּעפֿוילען.

געאָרג האָט אָפּגעשטעלט דעם דאַמפּער. דעמאָלט האָט דאָס געדרודער אין דרויסען אויפֿגעהערט. אָבּער עס האָט זיך בּאַלד אַרויסגעוויזען, אַז דאָס געדרודער אויפ'ן טייך גע־בּען זיי הערט זיך ווידער... אַמאָל פֿון דער רעכטער זייט און אַמאָל פֿון דער לינקער זייט.

מאַרקוזע איז אַוועק אין אַנדערען עק פון דאַמפער. וואו
דאָס קלאַפּערײַ פון מאָטאָר איז געווען שוואַכער.

דערמאָלט האָט מען דאָס געדודער דײַטליך געהערט.

— מיר זענען פערפאָלגט, און אַמווענִיגסטענס, פּאַ־
טערקט — האָט ער געזאָגט צו זיך. — זאָל עס זײַן דער
פּראָקוראָר ווענק?

רוהיג און קאַלט האָט ער צוגעגרײַט זײַנע צוויי רעוואָל־
ווערען. ער האָט זיי בעטראַכט, וואָס זיי וואָלטען געטון, ווען
דער פערפאָלגער וואָלט איהם געטראָפען. ער האָט זיך בעמיהט
אין דער פינסטערניש אָנצוקוקען דאָס קליינע פעהנדעל,
וואָס האָט געפלאַטערט אויפ'ן שפּיץ פון דאַמפער. אָבער
עס איז געווען צו פינסטער.

— שפּערי! — האָט ער שטיל אַ רוף געטון.

אַז שפּערי איז אַרײַן אין זײַן קאַיוטע, האָט ער איהם
געפרעגט:

— אַלס וועד שווימען מיר? — מיר זענען פערפאָלגט,
הערסט?

— מיר פאָהרען אַלס שווייצאַרישע גרעניץ־וואַך. מען
האָט מיך געוואָרענט, אַז די דײַטשען וועלען הײַנט זײַן אין
בעוועגונג. דעריבער האָב איך געגעבען אַ בעפעהל, מען זאָל
פון דאָרט אַרויסציהען די אַנדערע צוויי דאַמפערס. אײַנער
שווימט הינטער אונז, און די צוויי איבריגע פון דער רעכ־
טער און פון דער לינקער זײַט. קיינער וועט זיך ניט אַדורכ־
שטופען צווישען אונז. איבריגענס זענען מיר שוין אויף די
שווייצאַרישע וואַסערען.

— וויפיל פערדינסטו אַ יאָהר, וואָס דו זאָרגסט זיך
אַזוי שטאַרק וועגען מײַן פּערזאָן? — האָט מאַרקוזע גע־
פרעגט מיט אַ טאָן פון שנאה און קול.

— גענוג! — האָט שפּערי געענטפערט — אָבער דאָס
איז נישט דערפאַר.

— וואָס דען — פון ליבע? — האָט זיך מאַרקוזע גע־

שוימט — האסטו בדעה צו שלאפען מיט מיר? איז דאס אנ'אויסדרוק פון מענשען־ליבע, וואס פאסט איך, שווייצא־רען, אזוי שעהן צום פנים זינט דער מלחמה?

— יא, — האט שפערי קורץ געענטפערט.

— איך האב א האלבען פירטעל מיליאן ביי מיר און פארטפעל. ווען דו וואלסט געהאט מוט מיך צו דערשטיקען, וואלסטו עס גענומען. אבער דו האסט נישט קיין מוט. דאס איז אלץ. דאס איז די גאנצע מענשליכקייט און ליבע. דאס לעצטע יאהר האסטו פערדינט ביי מיר 85667 מארק, און עפעס הינטען־ארום... איז עס גענוג, די זאלסט נישט וועלען דער'הרג'ענען קיין מענש?

— יא! — האט שפערי פראסט געענטפערט.

— רעמאלט בוזמו א קנעבעל. מיין פנעבעל. די הערסט: מיין שקלאף.

— איך הער.

— זאל איך דיר צושלאגען ס'פנים? ניין, איך וועל מיין הויט נישט אנרירען מיט דער הויט פון א שקלאף. איך וועל אויף איהר בלויז א שפיי טון.

און זעלבען מאמענט האט דער מאמאר אויפגעהערט צו ארבייטען. אויך דער טומעל פון די דאמפערס הינטער זיי איז ענטשוואונדען געווארען אויף א געוויסער צייט.

— פארוואס פאהרען מיר נישט? האב איך נישט גע־געבען קיין בעפעהל? — האט מארקוזע געפרעגט מיט צארן.

— עס זענען נישטא קיין סיגנאלען אויפ'ן ברעג.

ערשט דעמאלט האט זיך מארקוזע בעהערשט. ער איז אויפגעשטאנען, האט פערקריצט די ציין און געפרעגט:

— וואס איז געשעהען?

— מיר מוזעןווארטען. אויף סולימ'ען קאנען מיר זיך פערלאזען. עפעס האט געמוזט געשעהען.

— נו, מיר ווארטען. האט איהר געוועהר גרווט?

— יאָ. אָבער אַז עס וועט נישט קומען קיין סיגנאַל, איז בעסער צו פֿערלאָזען דעם דאַמפּער און אַריבער אויף דעם שיפֿעל. מיר קאָנען דערויף צושוואומען צו אַנ'אַנדערען דאַמ-פּער.

הינטער ראָמאַנסהאָרן האָט געוואָרפֿען אַ שיין עפּיס אַ רעפֿלעקטאָר. ער האָט געשיקט שטראַהלען אין הימעל, ווי אַ ריזיגער זייל פֿון ליכט. דער זייל איז אַראָפּגעפֿאַלען, דרע-הענדיג זיך אין דער פֿינסטערניש, ווי ער וואָלט עפּיס פֿאַר-זיכטיג און לאַנג געזוכט אין וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך ווידער גיך אויפֿגעהויבען צום הימעל און נאָך גיכער אַראָפּ-געפֿאַלען אויפ'ן אָרט, וואו מאַרקוזע האָט אָפּגעשטעלט דעם דאַמפּער.

דעם דאָקטאָר האָבען די פֿיס געציטערט פֿון אונגעדולד.

אָבער מיטאמאָל איז דער זייל ליכט געבליבען הענ-גען איבער אַ הויז אין ראָמאַנסהאָרן, דאָרט, וואו עס איז גע-שטאַנען ביים ברעג אַ גרויסע קירכע. דערפֿון האָט מאַרקוזע גע-דרונגען, אַז אַנ'אַנדערער דאַמפּער, אַ פֿרעמדער, מוז זיך גע-פֿינען ווייט הינטער ראָמאַנסדאָרף און דער וועג איז פֿאַר זיי אָהן געפֿאַהר. זייער דאַמפּער איז געבליבען אין שאָטען. אויפ'ן ברעג זענען געהאַנגען עטליכע לאַמפּען פֿון באַהן-וואָקזאַל, איינע ווייט אָפּגערוקט פֿון דער אַנדערער. זייער אָפּגלאַנץ האָט ווייט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף דעם שוואַרצען וואַסער, ווי בלייך-בלישטשענדיגע מתים וואָלטען זיך גע-וויגט אויף די כוואַליעס, דאָ אונטערטויפֿענדיג זיך און דאָ אַרויסקומענדיג אויפֿסניי.

אָבער מאַרקוזע האָט זיך איינגעשפּאַרט. ער האָט שטרענג געזאָגט:

— ניין, מיר בלייבען. זאָג דאָרט געאָרג'ן, אַז ער זאָל די לופֿט-דרוק-רעהרען אָנבינדען נעבען מאָטאָר.

אין דער קאַיוטע האָט זיך געפֿינען אַנ'אַפּאַראַט מיט גיפֿט-גאַזען. מאַרקוזע האָט אַרויסגעצויגען די קישקע. דער

ווינד איז געגאַנגען פֿון צפֿון־מזרח. דאָס איז געווען גוט, ער האָט אָנגעריים פֿאַר זיך און זיינע חברים מאַסקעס און האָט געפּרובט דעם קאָרעק אין אַפּאַראַט.

פֿון ברעג האָט זיך פּלוצלינג געוויזען ליכט, עס האָט זיך שנעל פֿערלאָשען, האָט זיך ווידער באַוויזען און צימערני־דיג האָט עס נישט אויפֿגעהערט צו לייכטען.

דער מאָטאָר האָט אויפֿסניי אַ ברום געטון. און באַלד האָט דער דאַמפֿער זיך אַריינגעגליטשט אין אַ מאָל, זיך גע־מאַכט אַ וועג צווישען געדיכטע צווייגען און ענדליך שטיל אָנגעקומען צום ברעג. דער מאָטאָר איז שטיל געוואָרען. עפּיס אַ מאַן האָט פֿון ברעג דערלאַנגט אַ צייכען.

דאָ האָט מאַרקוזע געהערט אַרויסרעדען דעם נאָמען דאָקטאָר עבענהיגעל.

— יאָ, — האָט ער געענטפֿערט — זאָל ער אַרויף דאָ אויפֿ'ן דעק.

דאָס געשטאַלט איז אַרויף אויפֿ'ן דעק.

— דאָקטאָר מאַרקוזע, דאָס בין איך, עבענהיגעל. איך קום גלייך פֿון ציריך. מיין אוימאָ איז שולדיג, וואָס סוליי האָט נישט געגעבען צו דער צייט דעם סיגנאַל. גרעניץ־וואַך־אויטאָמאָבילען שרעקען לעצטענס יעדע נאַכט אין דער גאַנ־צער געגענד אַרום. האָט איהר דערהאַלטען מיין דעפּעשע? עפּיס האָט געמוזט געשעהען. דער שרייבער האָט מיך גע־וואָרענט. ער האָט נישט געקאָנט ערקלערען, וואָס עס איז געשעהען. ער האָט זיך בלויז דערוויסט פֿון זיין ביוראָ־שעף, אַז עס איז עפּיס אָנגעקומען פֿון דער מינכענער פּראָקוראַ־טור דורכ'ן גענעראַל־קאָנסולאַט.

— אַ! — האָט מאַרקוזע אַ ברום געטון דורך צונויפֿגע־קריצטע ציין — דאָס איז שוין ווייטער דאָ דער פּראָקוראָר פֿאָן וועגק. וואַרט, הער פּראָקוראָר!...

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו עבענהיגלען.

— איך האָב זיך נאָך קיינמאָל נישט געפֿינען אויסער'ן געפֿאַהר און בין נאָך קיינמאָל נישט פֿערלוירען געוואָרען

פון איהר.

— איך מיין, אז נאָר אין מינכען קאָן מען די געפאַהר לאָקאַליזירען. מען דאַרפֿט נישט שפּעטער קאָנען זאָגען, אז צוליב מינכען איז אונז שלעכט געגאַנגען אין ציריך. פאַר ציריך זענען מיר פֿעראַנטוואָרטליך.

מאַרקוזע האָט שטרענג געפֿרעגט:

— וואָס זאָגט איהר?

— אז די זאַך איז וויכטיג פאַר אַ סך מענשען.

— פאַר וועמען?

— למשל פאַר מיר.

מאַרקוזע האָט געמאַכט אַ פעראַכטענדע בעוועגונג מיט דער האַנד, אויסקרומענדיג זיך שטאַרק. עבענהיגעל האָט, סאַפענדיג אַרײַנגעצויגען לופט.

— איך בין נישט שכור, — האָט צו אוהם געזאָגט מאַרקוזע, — ווי האָט איהר צוליב אַזאַ נאַרישקייט מיך געקאָנט בעוועגען צו מאַכען אַזאַ גרויסע רײַזע?

— איך האָב עס געהאַלטען פאַר זעהר וויכטיג אײַך פערזענליך מיטצוטיילען. הײַנט, ווען אַלע בריף אויף דער פאָסט ווערען קאָנטראָלירט און די מענשען זענען אַזוי אונ-זיכער...

— און ווער וועט מיר גאַראַנטירען, אַז איהר זענט יאָ אַ זיכערער מאַן. איהר זענט אויך אַ מענש.

— אונזערע געמײַנזאַמע געשעפטען, דאָקטאָר. איך וויל אײַך בלויז זאָגען, אַז די געפאַהר קומט פון מינכען. און דער שווייץ וואָלט איהר געוועזען זיכערער. זאַמעלט צונויף אײַערע רײַכטימער, וואָס קאָנען אײַך ערלויבען צו וואוינען אין יע-דען לאַנד, און בלײַבט בײַ אונז. דאָ וועט איהר זײַן זיכער.

— וואָס קאָנט איהר וויסען דערוועגען? איהר האָט די פערוואַלטונג איבער מײַן פערמעגען. מעהר נאַרישקײַט. בלויז די אַדמיניסטראַציע. גענוג! וואָס הערט זיך נאָך?

דער אַדוואָקאַט האָט אָפּגעגעבען אַ בעריכט פון די

לעצטע פינאַנס־אָפּעראַציעס פאַר מאַרקוזע׳ן. מאַרקוזע האָט צוגענומען די אַקטען, וואָס יענער האָט געבראַכט. דערנאָך האָט ער שפּאַצירט אַ פינף מינוט אַהין און צוריק אויפ׳ן ברעג, כדי אויסצוגלייכן די ביינער נאָך דער לאַנגער רייזע.

— איז שפּעטער נאָך דאָ? — האָט ער געפרעגט.

— דו דאַרפסט נישט פאָהרען קיין ציריך, — האָט ער זיך געווענדעט צו איהם — עבענהויגעל וועט מיטנעמען דעם פּאָרטפעל. מיר וועלען זיך צוזאַמען צוריקקעהרען קיין שאַנ־לען.

אויפ׳ן וועג צוריק האָט מאַרקוזע נישט געקאָנט איינ־זיצען אויפ׳ן אָרט. אַהין אויפהער איז ער געגאַנגען הין און צוריק אויף דעם קליינעם דעק. אַ ליכט־צייכען האָט איהם געוויזען דעם וועג. די דריי דאַמפּערס, וואָס זענען מיטגעגאַנגען, האָבען געקלאַפּט דערנעבען. זייער גערויש האָט זיך פאַר־לוירען אין דער פינצטערניש.

מאַרקוזע האָט טעלעפאָנירט דורך דער רעהר צו גע־אָרג׳ן:

— געאָרג, קאָניאַק!

שפּעטער האָט עס דערהערט און איז איבערראַשט גע־וואָרען.

אין משך פון דער האַלבער שעה, וואָס די רייזע האָט געדויערט, האָט מאַרקוזע אויסגעטרונקען דאָס פלעשעל. ער איז געווען שכור, ווען מען איז אויסגעשטיגען. ער איז גע־גאַנגען זיך וואַקלענדיג אין דער פינסטער צום הויז פאָר־אויס און די, וואָס זענען געגאַנגען הינטער איהם, האָבען לויט זיין בעפעהל, געמוזט וואַרטען פינף מינוט, איידער זיי זענען אַריין נאָך איהם.

אין עס־צימער האָט ער בעפויהלען:

— מיר טרינקען ווייטער! געאָרג, ברענג אַהער!

שפּעטער איז געווען פערזאָרגט. ער האָט געוואוסט ווי נאָך דאָס וועט זיך ענדיגען. דער דאָקטאָר איז וואָס מע־דר

ער טרינקט אַלץ ווענוגער שכור, אָבער דעמאָלט ווערט ער גרויזאַם. שפּעטער האָט זיך געמוזט אָנטרינקען ביז בעוואוסט-לאָזיגקייט. זיי האָבען געטרונקען שאַמפּאַניער, געמישט מיט קאָניאַק.

— מיר טרינקען צולאָזען געלד — האָט מאַרקוזע גע-ברומט, — דאָ אַהער! גרעסערע גלעזער! געאָרג, בעלבערם! שפּעטער, טרינק, הינטישער זוהן!... איך זאָג דיר טרינק, הונט!... גיסט אַריין אין דיין הינטישען מאָגען!

אַליין האָט ער פריהער געטרונקען.

— די האָסט נישט אויסגעטרונקען צוזאַמען מיט מיר, — האָט ער געסיקעט, זעהענדיג, אַז שפּעטער האָט נישט בע-וויזען אַראָפּצושלינגען דעם באָקאַל — נאָך איינעם! דו מוזט זויפען! איך מוז דיך זעהען טאַנצענדיג! איך מוז זעהען, ווי דו שפּייסט אויס די נשמה, די עקעלהאַפטע מענש-ליכע נבלה!

שפּעטער האָט געטרונקען. און אין זיינע אויגען האָט זיך אַלץ איבערגעדרעהט מיט די פיס אין דער הויך און אַריינ-געפאַלען אין דער טיפעניש פון אַ תהום, אין וועלכען ער איז אויך אַריינגעפאַלען.

— האָסטו געהערט עפּיס עהנליכעס? עפּיס אַ פּראָ-קוראָר וועגט!... אַ פּראָקוראָר אין מינכען! גיב אַהער דיין נאָמינ-ביכעל!... אָפּרוימונגס-קאָמיסיע... אַ בעפעהל פון גע-נעראַל... אָפּרוימען יענעם פּראָקוראָר... נו, וואַרט!... אָפּ-רוימען דעם מאַן, וואָס רופט זיך ווינטער.... ער האָט דער-ערשטער אָנגעהויבען... שפּעטער, לאַנד-קנעכט, טרינק!... גיס!... אַזוי ווי איך!... ווינטער... ווינטער... פערשרייב: געהאַרד ווינטער!... הויבערט-גאַס נומער 34. אַוועק מיט איהם! לויט דער ריי! ער — דער ערשטער! ווי איהר האָט עס שוין איינמאָל געטון. געאָרג קאָן עס מאַכען. דו וועסט העלפען! קאַראָזאַ וועט איהם ברענגען!... פער-שרייב!.. אַ בעפעהל... פון פירשט!.. טרינק!.. דאָסטו פער-

שריבען... אַ בעפֿעהל פֿון קײזער פֿון עיטאָמאַר אין צפֿון־בראַזיליען... איך וואָרט פֿון זײַן מויל און טויזענדער פֿרויען בלומינגען די לײַבער און פֿינף הונדערט מענער קאָנען נישט געבוירען ווערען !... בלויז איין וואָרט — און עס ווערט אַ גאַנצע געבײַדע !... נישט וואָג צו חוזק'ן, ווײַל איך וועל דיך מסרם זײַן מיט שטיקלעך גלאָז !

ער האָט צוהאַקט אַ גלעזערנעם פּוס. און געדראָהט שפּערי'ן מיט די שטיקלעך...

— איך האָב שוין פֿער—שרי—בען !... — האָט יענער געשקרעכצט.

— טויזענד פֿרויען און פֿינף הונדערט מענער — האָט מאַרקוזע געברומט.

— דאָקטאָר, — האָט שפּערי געפֿרעגט נישט דרייסט, און אַן'איבעררעשונג האָט בעהערשט זײַנע אָפּגעטעמפּטע שכור'ע גלידער, — איך ווײס... נישט... ווײס... נישט... ווינ־טער !.. הובערט גאָט 34... מײנסט דו עס... ערנסט, דאָק־טאָר ? זאָג !

דאָ איז מאַרקוזע, כּאָטש ער איז געווען שכור, אויפֿ־געשטאַנען, אויסגעגלײַכט זיך און אַ רישע געטון ווי אַ חיה :

— וואָס פֿאַר אַ „דו“ ? !

און מיט דער פֿויסט האָט ער שפּערי'ן דערלאַנגט אַ זעץ, אַז יענער האָט זיך אַראָפּגעקויקעלט פֿון בענקעל אויף דער פּאָדלאָגע.

— איך וויל שלאָפֿען, גענוג ! — האָט ער געשריגען, בעהערשט פֿון אַ שרעקליכען צאָרן. שפּערי'ן האָט ער איבער־געלאָזט אויפֿ'ן אָרט, אויף דער פּאָדלאָגע און אוועקגעגאַנגען.

צומאָרגענס אינדערפֿרי איז שוין שפּערי געזעסען אין עס־צימער, בעת מאַרקוזע איז אַרײַנגעקומען. ער איז שוין געווען נאָך פֿריהשטיק ; ער האָט געגעסען אין בעט.

— ווײס מיר דײַן גאָטיץ־בײַבעל ! — האָט ער שטרענג געזאָגט.

ער האָט עס איבערגעקוקט, געפֿינען ווינטער׳ס אדרעס פֿערשריבען מיט צימערנדיגע, שפּור׳ בוכשטאַבען. ער האָט שפּערי׳ן צוריקגעגעבען דאָס נאָטיץ־ביכעל.

— אין אָרדנונג! — האָט ער אַרויסגעבּרומט דורך די ציין.

שפּערי איז געקראָכען פֿאַר איהם איינגעבּויגען, ווי אַ דערשראָקענער הונד פֿאַר זיין העֶר.

דאָס האָט דעם דאָקטאָר געפּרעהט עס האָט איהם בעַ־רוהיגט און ווייכער געמאַכט. ער איז געוואָרען בערעדעווודיג שפּערי האָט דערפֿיהלט, אַז זיין העֶר איז געוואָרען צו איהם פֿריינדליכער; אַז דער גרויזאַמער ווילען פֿון דעם דאָזיגען ריזיגען מענש, וואָס איז געבליבען הענגען איבער איהם, ווי אַ האַמער — האָט געפֿינען פֿאַר איהם וואַרעמע ווערטער און איהם בעשאָנקען מיט אָנערקענונג.

שפּערי, — האָט מאַרקוזע געזאָגט — איך וועל פֿאָהרען מיט דיר קיין קאָנסטאַנץ. עס איז זעהר וויכטיג, אַז די יונגער־זאָל ביי אונז ניִשט בעגעהן קיין נאַרישקייטען.

שפּערי האָט געענטפֿערט:

— אך, אַז זיי װעלען נאָר דערזעהען דעם דאָקטאָר איז שוין נישטאָ גאָרנישט וואָס מורא צו האָבען.

ביידע זענען געבליבען אין דער ווילע אַ גאַנצען טאָג. מאַרקוזע האָט געטרונקען, אָבער דאָס אינצטיגע מאָל האָט ער יענעם נישט געצוואונגען צו שכּור׳ן מיט איהם צוזאַמען. שוין פֿאַר מיטאָג איז ער געוועזען שכּור.

שפּערי, הגם ער איז נאָך דער פֿערגאַנגענער נאַכט אַרומגעגאַנגען מיט בלייערנע גלידער און געפֿיהלט אַ גע־וואַלדיגע מידקייט אין קאָפּ און אין בלוט, האָט זיך נישט אויפֿגעהערט צו זאָרגען וועגען מאַרקוזע׳ן. ער האָט זיך בע־מיהט בסוד און מיט נאַיווע מיטלען אַוועקצושלעפּען איהם פֿון גלעזעל. אָבער מאַרקוזע האָט עס שנעל בעמערקט:

— אַוועק! העי! אַהער נאָך אַ פֿול פֿלעשעל! קיינער

האָט נאָך נישט געוואָלט, אַז איך זאָל זײַן אין כּעס.

ער האָט געמוזט טרונקען. ער האָט געטרונקען און מיט אַלקאָהאָל גרעסער געמאַכט דאָס פֿײַער פֿון זײַן בײזען, שטאַרקען גײַסט. זײַן פֿאַנטאַזיע האָט זיך געפֿינען אין אַ פֿער'שכּור'טען קרײַז פֿון אײַנפֿאַלען און פּלענער צו זײַנע גרויסע אונטערנעהמונגען, וואָס זענען נאָך געווען ווײַט פֿון דער ווירקליכקײַט. און אין טומאַן פֿון שכּרות האָט ער זיך פֿערשלאָסען אַליין, ווי אין אַ פֿער'כּישוף'טען שלאָס פֿון מוי־זענגר און אײַן נאַכט.

דאָס האָט קײנער נישט פֿערשטאַנען. דער אַלקאָהאָל איז געווען פֿאַר איהם אַ מעשׂות־דערצעהלער, אַ קוואַל, וואָס האָט פֿון דער מיפֿעניש איהם געבּרענגט לעבּענס־זאַפֿט און אויפֿגעוועקט זײַן שעפֿערישקײַט. ער האָט זיך געבּאָדען אין איהם, אַזוי ווי אַ פֿרוי אין ליבּע, ווערענדיג בּעוואוינען פֿון אַ שטענדיגער אינערליכער אויפֿגערעגטקײַט, וואָס האָט איהם כּסדר געשטופּט אויף נײַע ווענען. ער האָט אָפּגעשאַפֿט אַלע געזעצען און געלאָזט אונבּעגרענצט וואַקסען זײַן „איך“, איבּערשרײַטענדיג אַלע גרענעצען... דער אַלקאָהאָל האָט געשאַפֿען אין איהם אַנ'אייגען סיסטעם, אַנ'אייגענע וועלט און זון.

-- שפּעָרי, ווי געפֿעלט דיר אייראָפּאַ ? — האָט ער געבּרומט.

גאַנץ גוט, דאָקטאָר! — האָט שפּערי אונזיניג געענט־פֿערט.

דערויף האָט מאַרקוזע געגומען ריטשען:

— דו! איך וועל דיך נישט מיטנעמען קײן עיטאָפּאָ־מאַר, מײַן קיניג־רײַך!... אייראָפּאַ איז אַ מענדרעהעסקע! דאָ קריכט איינער דעם צווײטען אין דער הויט אַרײַן. אַלץ פּ־יכט. מאַכט זיך נידריג, בעמיהט זיך איבּערצושפּרינגען דעם אַנדערען. זיי וועלען זיך דערטרונקען אין נאַפֿט, די דאָזיגע לײַז, פּאַראַזיטען, שטינקערס, בּעקוועמליכקײַטס־זוּ

מען נישט ענדגילטיג. אַ ראַץ אין דער הויט הייסט ביי זיי
שוין אַ קראַטער! אָבער ווען איך וועל זיין אין עיטאָפּאָמאַר...
וועסטו, שפּערי, נישט קומען צו מיר! און יעצט שלאָפען...
צום ווידערזעהן!

מען האָט איהם געמוזט אַרויספיהרען. און שלאָף-צי-
מער, ליגענדיג אויף זיין בעט אַ נישט-אויסגעטוענער, האָט
דער אויסדרוק פון זיין ווילען, וואָס האָט זיך געקאָכט אין
איהם טויזענדער נעכט, אַרויסגעזעצט פון איהם; עס איז
געווען דער וויל, וואָס האָט זיינע ביידע גרינגע הענד געזאָלט
געבען אַ גרויסע מאַכט איבער'ן לעבען און טויט פון חיות,
פלאַנצען און מענשען.

אין אָוענד, ווען עס האָט גענומען ווערען נאַכט, זענען
זיי ביידע אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנץ.

מאַרקוזע איז געווען ניכטער, שווייגענדיג און פינסטער.
זיינע געדאַנקען האָבען געמאַכט אַ ווייטען וועג, און האָבען
זיך אָנגעריהרט אין זיינע נערווען. אַ גאַנצע מחנה יונגע-
לייט האָט דאָ געאַרבייט פאַר איהם זינט אַ לענגערער צייט!
פון דער דאָזיגער שטאָט אַז האָט ער אָנגעהויבען זיין נייעם
לעבענס-וועג, דעמאָלט, ווען די וועלט-מלחמה האָט איהם
אַרויסגעריסען פון די בראַזיליאַנישע אינזלען קיין אייראָפּאַ,
וואו ער איז, אָפּגעבענדיג אַנ'עקזאַמען, געוואָרען אַ דאָקטאַר
אין אַ ביירישער שטאָט.

V

ווענס האָט זיך אויפגעוועקט, פיהלענדיג, אַז עס איז
איהם קאַלט. די קעלט איז איהם אַדורך דעם גאַנצען לייב.
ער האָט אַ שטאַרקען ציה געטאָן דעם מאַנטעל, מיינענדיג, אַז
ער איז צוגעדעקט מיט אַ קאָלדרע, וואָס האָט זיך אַראָפּ-
געגליטשט פון בעט. באַלד האָט ער אָבער געזעהען די אמת'ע
לאַגע. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון דער באַנק. אַ כאַאָס
האָט געהערשט אין זיין קאָפּ. ער האָט געפיהלט, אַז עס
שטעכט איהם אין גאַנצען קערפּער. אינצווישען האָט ער בע-

לער, וואָס קראַצען די שווענדזשענדיגע הוים. אין נאַכט בראָדזשען זיי אַרום, ווייל זיי ווייסען, אַז דערפֿון שטאַרבט גריפּען זיין לאַגע. און דאָ האָט ער זיך אָריענטירט, וואו ער געפינט זיך. די לאַמטערנס פון וואָקזאַל האָבען, בעלײַכטענ־דיג די נאַכט, זיך געפינען פאַר זיינע אויגען.

ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס און כמעט אָנגע־הויבען צו לויפען, האַלב אַ פערגליווערטער. ער איז געלאָפען דאָ לינקס און דאָ רעכטס, כדי צו דערוואַרעמען זיך דעם גוף. ווי שפּעט איז?

ער האָט געוואָלט נעמען דעם זייגער. ער איז ניש‍ט גע־ווען. ער האָט איבערגעדרעהט די טאַשען. צוזאַמען מיט׳ן זייגער זענען אויך פערשווינדען דער פּאָרטפעל און דאָס נאָ־טיץ־ביכעל. זיי זענען צוגענומען געוואָרען דורך דעם אָנפאַ־לער. אַ מאָדנע זאַך... ווען האָט ער צו פערדאַנקען, וואָס מען האָט איהם ניש‍ט דער׳הרג׳עט?

פּלוצלינג האָט ער דערפיהלט אַ ווילדע אימה. ער האָט זיך געכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ און זיך צוטרודיקט די שלייפען, כדי צו דערדריקען דאָס געפיהל פון פערצווייפלונג און ספקות. מען האָט איהם צוגענומען דאָס נאָטיץ־בוך! אין איהם זענען פערשריבען געווען אַדרעסען, בעמערקונגען, בע־אָבאַכטונגען, מיטטיילונגען, אָנווייזונגען, פּלענער... פאַר אַלעם האָט ער זיך דערמאָנט דאָס ערשטע בלעטעל, אויף וועלכען עס איז געווען פערשריבען די גאַנצע אַפערע מיט ווינטער׳ן מיט די 20.000 מאַרק.

וויינק האָט פּשוט גענומען לויפען. עס איז איהם געקו־מען אַ קאָמישער געדאַנק אין קאָפּ אַריין: ער לויפט, כדי צו כאַפּען דאָס נאָטיץ־ביכעל. ער האָט זיך געריסען פאָראויס און געלאָפען, אַז דער אָטעם האָט איהם געשטיקט. עפּיס איז פון דער ווייטענס אַדורכגעלאָפען — אַ צוג?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך געפרעגט: וואָס טוט מען יעצט? געהן צום נאָהענטסטען וואָקזאַל? אָבער צו

איז איצט די צייט? אפשר איז דער זיינער פֿינף, אָדער אפשר איז גאָר איינס? ווען געהט אָפּ דער ערשטער צוג? וואַרטען... פֿיר, פֿינף שעה נעבען אַ פֿערשלאָסענעם וואָקזאַל?

און אפשר זאָל ער אויפֿוועקען עמיצען אין שלאָס, וואָס געפֿינט זיך אָט דאָרט, נישט ווייט? דאַן וואָלט ער אַלץ גענוי דערצעהלען.

ניין, עס האָט נישט קיין זין צו מאַכען אַ טומעל. דער שאָפֿער איז געווען אַ פֿערטרויאונגס־מאַן פֿון בלאָנדען. דערין איז נישטאָ קיין ספֿק. הייסט עס, אַז ער האָט איהם, ווענק׳ן, דערקענט, כאָטש ער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ שאָפֿער? האָט ער איהם באמת דערקענט, אָדער צי איז עס בלויז אַזאַ סיסטעם, וואָס בעשטעהט אין דעם, אַז יעדען איינציגען, וועלכער זעהט אויס פֿערדעכטיג, נעמט מען און מען פֿערטאַרט איהם און מען וואַרפֿט איהם אַהין בעוואוסטזיין אַרויס אונטער דער שטאָט? אפשר איז עס בלויז געווען אַ פּשוט׳ער רויב־אָנפֿאַל, בעת וועלכען מען האָט איהם מיט דעם געלד צופֿעליג אויך צוגענומען דאָס נאָטיץ־ביכעל? אפשר האָט ער, זיצענדיג אויפֿ׳ן געזעס אין אויטאָמאָביל, זיך דרימ׳ן פֿום אָנגעשטויסען אויף אַ גאַז־רעהרעל און עס געעפֿענט? עס איז דאָך נישט געווען קיין גאַז דעמאָלט, ווען ער האָט זיך אַריינגעזעצט! אפשר געדענקט ער עס נישט? ניין, עס איז נישט געווען. עס איז געמאַכט געוואָרען זיכערער און איינפֿאַכער. דער שאָפֿער האָט אויף זיין זייט געעפֿענט די גאַז־רעהר. נאַטירליך, אַזוי איז עס געווען!

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז ווענק געגאַנגען איבער הינטער־גאַסען, און ווי ער וואָלט עס האַלב־בעוואוסטזיניג געוואָלט, איז ער צופֿום געגאַנגען אין דער ריכטונג פֿון מינכען. ער האָט געשפּרייזט מיט פֿלינקע טריט. פֿון צייט צו צייט האָט ער זיך אָבער געמוזט אָפּשטעלען, כדי איבערצוואַרטען די קאָפּ־שווינדלען און איינהאַלטען זיך, ער זאָל נישט

אַנידערפֿאַלען אויף דער ערד און חלשות.

דאָס איז געווען נאָך אַ שפּור פֿון דער גאַז־פֿערגיפֿטונג. אָבער וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ גאַז, וועלכער האָט אַזוי שנעל געווירקט און צום סוף האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר ניט שעדליך? מען האָט דאָך איהם געקאָנט פֿערגיפֿטען מיט אַ טויטליכען גאַז. רעמאָלט וואָלט מען דאָך זיך בּעפֿרייט פֿון איהם אויף שטענדיג. פֿאַרוואָס האָט מען איהם בּלויז איינגעשלעפֿערט?

זאָל עס זיין די ערשטע וואָרנונג?

ווי האָבען איצט געהאַט אין זייערע הענד זיין נאָטיץ־בּוך. אפשר בּלויז צוליב דעם האָבען זיי געמאַכט דעם אָנפֿאַל? אַ'אָנפֿאַל אויף אַ קליין נאָטיץ־בּיכעל! וואָס האָט זיך דערין נאָך געפֿינען? וואָס פֿאַר אַ נעמען... האַלענדער'ס נאָמען... און אַלע איבּערלעבּונגען אין די שפּיל־הייזער מיט דעם מאַן מיט דער בּלאָנדער בּאָרד און אין האָטעל „פּאַלאַכט" מיט דעם אַלטען פּראָפֿעסאָר. אַלע שפּיל־הייזער זענען געווען פֿערצייכענט. יאָ, עס איז קלאָר, מען האָט נאָר געוואָלט האָבּען דאָס נאָטיץ־בּיכעל. עס האָט זיך זיי איינגעגעבּען. דאָס נאָטיץ־בּיכעל איז פֿערשוואונדען. זיין קליין, ליבּ נאָטיץ־בּיכעל וואָס איז מיט איהם שטענדיג מיטגעגאַנגען!

ער איז געגאַנגען וואָס אַמאָל שנעלער. די גאַנצע געגענד איז געשלאָפֿען, איינגעהילט אין דער שעהנער דאָרפֿישער נאַטור. דערנאָך איז ער אַדורך די שלעפֿעריגע הינטער־גאַסען, וואָס האָבען אויסגעזעהען, ווי לאַנגע, געלע ליימענע פֿלעקען, וועלכע דערגרייכען אַזש די פֿעלדער הינטער דער שטאָט, וואו עס זענען נאָך געלעגען קופּעס שניי, וואָס האָבען בּלויז געמאַכט די פֿינסטערניש... די קופּעס שניי האָבען אויסגע־זעהען ווי גייסטער, וואָס שטעהען אויפ'ן וועג, כדי צו זעהען, ווער עס געהט... דאָס אַלץ האָט וועקט'ן איבּערראַש..

אָנקומענדיג אָבער צו דער טראַמוויי־סטאַציע האָט ער זיך בּערוהיגט. בּאַלד האָט ער זיך פֿולשטענדיג אויסגענויכ־

טערט אין צענטער שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט. אינגאַנ־
צען אַנ׳ערשעפּטער האָט ער זיך געוואָרפן אויף דעם בעט
און צימער און אַנגעטועכץ און באַלד אַרייַנגעפאַלן אין
טיפן שלאָף.

ער האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט אין אָוונט.

זיין ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז פון היינט אָן גע־
פינט זיך זיין לעבן אין קאָן, ווי אַ סטאַווקע. ער האָט דעם
דאָזיגן געדאַנק רוהיג אויפגענומען. עס איז געווען פער־
שטענדליך. ער האָט דאָך געקעמפט מיט פערפרעכנס. אַזאַ
קאַמפס־פּלאַץ געפינט זיך שטענדיג דאָרט, וואו דאָס לעבן
גרעניצט זיך מיט׳ן טויט. ער האָט זיך געפרעגט, צי דאָס,
מיט וועלכן ער קעמפט איז ווערט דעם קאָן. און ער האָט
זיך געענטפערט אין איין אויגנבליק:

— דאָ איז נישטאָ וואָס צו בעקלערן זיך. מען האָט
אַרויסגעלאָזט מענשן פון אַ מענאַזשעריע, זיין אַמט, זיין
פּליכט, די בעראַכטיגונג פון זיין לעבן איז אָפּצוהיטן די
זיבערקייט פון לאַנד. קיין שום שרעק נישט פאַר קיין מענ־
שן! קיין שום שרעק נישט פאַר קיין מענשן־לייב, ווי ער
האָט זיך קיינמאָל נישט געשראָקן פאַר קיין גייסט פון מענ־
שן!

בלויז איין זאַך האָט אים בעאונרוהיגט: צי איז ער
פערוואַקסן צו האָבן אַזאַ געגנער? צי דאַרף ער זיך
נישט קודם כל גוט אַרומפּאַנצערן זיך, כדי ער זאָל נישט
פערשווענדן די דרייסטקייט פון זיין לעבן אין אַנ׳אומזיס־
טען, פּוסטען קאַמף? דער געגנער ווייזט אויס צו זיין העכ־
בער פון אים. קודם כל האָט ער געאַרבייט אין דער פינס־
טערניש.

זעגען דען וואַנק׳ס העגד געגנוג שטאַרק, כדי צו דערגריי־
כען דאָרט, אין דער פינסטערניש, און אָנצוכאַפּן דאָס, וואָס
וויקעלט זיך אַרוים פון שוואַרצע נעבעט, אים צו פערגיכ־
טען? איז ער רייף דערצו? דאָס איז נישט קיין איינפאַכער

שולער. פֿערברעכער... ניין, דאָס איז אַ גאַנצע געגנעווערטיגע תקופֿה, וואָס איז דורך דער מלחמה פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין גיהנום פֿון האַזאַרד און פֿערברעכען און הויליגע איצט פֿריי איבער דער וועלט און איבער זיין פֿאָטערלאַנד!

ער האָט געוואוסט, אַז נעכטען אַזאַ געגנער מוז מען ווי־מער פֿלעכטען אַ נעץ, כדי איהם אריינצוקריגען. מען מוז אויפֿשטעלען אַנ׳איינגענע אָרגאַניזאַציע געגען יענעם׳ס פֿער־ברעכערישער אָרגאַניזאַציע! ער מוז גיהן זוכען מיטהעלפֿער אין פֿיינדליכען לאַגער.

ער האָט גענומען אַ טראַכט טון וועגען דער פֿרוי, וועל־כער ער האָט געהאָלפֿען ענטלויפֿען פֿון גאַכט־לאָקאַל. דאָס ענטלויפֿען איז געווען אַזוי אומקלאָר און נישט־פֿערשטענדליך. ער איז גלייך געפֿאָהרען צו שראַם׳ס לאָקאַל.

יאָ, זי האָט זיך גראָד דאָרט געפֿינען. זיצענדיג האָט זי זיך בלויז צוגעקוקט צום שפּילען, אַזוי ווי געוועהנליך. ער האָט זיך צוגעזעצט צו איהר.

— איהר שפּילט נישט, פּראָקוראָר? — האָט זי גע־פֿרעגט.

— ניין, לויט אייער ביישפּיל, איז מיר דאָס צוקוקען זייער אינטערעסאַנטער, ווי דאָס שפּילען אַליין.

— אַז אַ פּראָקוראָר קוקט זיך צו — האָט זי געענט־פֿערט מיט אַ שמייכעל — איז עס זעהר נישט בעקוועם פֿאַר די, וואָס שפּילען.

ווענק האָט דאָ גענומען גלויבען, אַז די ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ בעזונדערען מיין, אָרער זי האָט זיך גאָר געוויצעלט איבער איהם, און אַ פֿערזאָרגטער האָט ער נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפֿערן. זאָל זי אויך אַרביימען פֿאַר עמיצען? יאָ, עס ווייזט אַזוי אויס...

ער האָט זי געפֿאָרשט מיט אַ האַלב־פֿערמאַכט אויג. זי איז אָבער געזעסען רוהיג און געלאַסען. אָבער די בליצען פֿון איהרע שעהנע אויגען האָט זי געוואָרפֿען אין אַלע זייטען די

זעלבע. ער האָט זיך אָנגערופֿען, ווי ער וואָלט זי געפּרובט:
— האָט איהר געזעהען, ווי דער פּראָקוראָר אַליין איז
אַריינגעפֿאַלען אין די נעגעל פֿון שפּיל־טייוועל? דער ווייס
איז אַ בער'בשופ'מער פֿאַר די שפּילער!
ער האָט דאָס געזאָגט, בעטאָנענדיג דאָס וואָרט „די
שפּילער" און האָט געטראַכט: איצט דאַרפֿט זיך איהר פּנים
ענדערן — און ער האָט אַ שנעלען בליק געוואָרפֿען אויף
איהר. עפּיס וויסט ער דאָך וועגען איהר. ער האָט זיך גע־
וואונדערט, וואָס קאָן האָבען אַזאַ קאַלטע בעציהונג צו איהר.
אָבער זי האָט זיך אפילו נישט קיין ריהר געטון פֿון אָרט
און זיינע ווערטער האָט זי אויפגענומען אַ ליכטען סאַלאָנ־
אַרטיגען שמייכעל.
זי איז שעהן — האָט ער געטראַכט. און זי פֿערמאָגט
עפּיס אַ געהיימע קראַפֿט צו הערשען איבער זיך, עס וואָלט
שטאַרק געפּאַסט פֿאַר אַ מאַן צו שפּילען צוליב אַזאַ... פֿרוי!
אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך אַריבערגעבויגען איבער
דעם אָנלעהן פֿון איהר שטוהל און געזאָגט צו איהם:
— איך בין דאָ געווען אין יענעם אָוועגד, ווען קאָהן האָט
פֿערשפּילט.
— איך ווייס דערוועגען, — האָט וועגק געענטפֿערט מיט
פֿערוואונדערונג און מיט אַ פֿרעגענדען טאָן: וואָס זאָל עס
הייסען?
— און איהר האָט אויך דעמאָלט געשפּילט, הער פּראָ־
קוראָר.
— יאָ, איך האָב געשפּילט. איך האָב עס דאָך אייך
ערשט דערמאָנט.
— איך טראַכט, אַז דעמאָלט האָט איהר געשפּילט, ווייל
דעם ערשטען אָוועגד, ווען איהר זענט געקומען מיט האָ־
לענדער'ן האָט איהר אויך געשפּילט, אָבער מען האָט עס
נישט געקאָנט אָנרופֿען קיין שפּיל. אָבער דעם אַנדערען
אָוועגד, — מיט'ן אַלטען פּראָפֿעסאָר — דעמאָלט האָט מען

איז דער לופט געפיהלט דעם שטורעם. נישט אמת ? — האט זי געפרעגט, שמייכלענדיג מיט א העפליכען, אנגענעהמען פרויען־שמייכעל.

ווענק האט זיך געפיהלט שטארק פעראינטערעסירט. עס האט איהם אויפגערעגט די נייגעריגקייט. ער האט געפרעגט:

— איז אווענר מיט'ן אלטען פראפעסאר ? מיט וועל־כען פראפעסאר ?

— ווען איהר זענט דא אהערגעקומען פעררשטעלט אלס תבואה־סוחר פון דער פראווינץ, — האט זי כיטרע געשמיי־כעלט.

ווענק האט נישט געקאנט אפלייקענען, אז ער איז גע־ווארען דערקענט. אנ'אויסדרוק פון ענטטוישונג האט זיך גע־וויזען אויף זיין פנים. זי האט איהם געבעטען, אז ער זאל נישט האבען קיין פערדרוס, וואס זי האט איהם דערקענט.

— איהר זענט געווען אויסגעצייכענט כאראקטעריזירט, — האט זי געזאגט — אבער איך האב נישט געקאנט גלוי־בען, אז אזא מאלפע פון דער פראווינץ, ווי איהר האט דע־מאלט אויסגעזעהען, זאל האבען אזעלכע פרעכטיג־שעהנע עלעגאנטע הענד מיט א רינג מיט א כינגעזישען אמעטיסט...

ווענק האט זי אנגעקוקט מיט אנ'אויספארשענדיגען בליק. וועך קאן זי דאס זיין ?

— איהר טרייבט לצנות, — האט ער געזאגט, — אבער דא, וואס אייך איז געפאלען אין די אויגען מיין רינג און איהר האט ריכטיג געטראפען פון וואנען ער שטאמט, בעווייזט, אז איהר געהערט צו אנדערע קרייזען, וואס קומען דא נישט אהער...

— איך האב פערנומען דעם בעשיידענעם אמט פון א שטוב־מיידעל אויף א מזרח־אזיאטישער שיף... אבער די מלחמה האט אונז, רייטשען, צוגענומען די שיפען און די בעשעפטיגונג.

— קאן איך אייך מאכען א קאמפלימענט, אז פערלי־רענדיג יענעם פאסטען אלס שטוב־מיידעל, האט איהר גע־

מאַכט אַ גרויסע קאַריערע?

— נו. וואָס פאַר אַ קאַריערע האָב איך געמאַכט? — האָט זי ווידער געשמייכעלט מיט איהרע שניי־ווייסע ציין.

— איהר זענט געוואָרען אַ... גרעפין!...

אַ קורצען מאָמענט האָבען די אויגען פון דער שעהנער פרוי געשמעקט מיט אַ בעהאַלטענער פערוואונדערונג אין דעם פּראָקוראָר. ווייסט ער ווירקליך, ווער זי איז? וויל ער בלויז מיט איהר זיך אַ ביסעל אַ שפּיל טון, און איצט וועט ער אויסנוצען דאָס, וואָס ער ווייסט, אַז זי קומט בסוד אויף אַזעלכע ערטער און ער האָט זיך אַליין מיט איהר געטראָפען? וואָס האָט זיך צולאַכט:

— אָדער איהר האָט בעקומען און אייערע הענד אַריין אַ מיבעל מיט אַ מאָנאָגראַם פון אַ גרעפין, וואָס איז געפאָהרען מיט אייך קיין אַזיען אויף איין שיף! זעהט איהר, איך האָב אויך די פעהינקייטען פון אַ שערלאָק האָלמס — מיר האָבען זיך אָפגעקווייטשעוועט, גנעדיגע פרוי. מיר האָבען זיך ביידע ענטדעקט. אין דער צוקונפט וועלען מיר שוין ביידע זיין פאָרזיכטיגער, אויב מען געהט אַוועק צווישען מענשען, וואָס האָבען אויגען. איך וועל זיך פערבעסערן, איך וועל ניט מיטנעמען קיין רינג און איהר וועט נישט מיטנעמען קיין מיבעל מיט אַ מאָנאָגראַם פון אַ גרעפין.

אַנ'אויפגערעגטע האָט זי גענומען פּוסטעווען:

— פּססט....

— אָבער איך נישט מיט דעם וועט איהר מיך אַראָפּ־פיהרען פון וועג.

— איך פערשטעה נישט...

— איהר צווינגט מיך צו מאַכען אייך קאָמפּלימענטען, גנעדיגע פרוי. פון אייער האַלטונג זעהט מען, אַז מיט גראַפען־בלוט קאָן מען נישט בעהאַלטען זיך!...

— אַהאַ, ער טראַכט שוין צו פערבעטען מיך אויף אַ קאָלאַציע! — האָט זי זיך געטראַכט. ער זוכט אַ פלירט מיט מיר, האָט די אונבעקאַנטע דאַמע געזאָגט צו זיך, שפּילענדיג זיך מיט דעם געדאַנק. זי איז דאָ געקומען אונטער אַ מאַסקע,

כדי לייבּט צו געפינען אַן'אוואַנטוריסטקע, אַ פרוי, מיט וועל־כער זי זאָל אַ ביסעל זיך ווײַלען, — און געפינען האָט זי אַ פּראָקוראָר.

— צוליב דעם האָט זיך נישט געלוינט צו מאַכען אַ וועג צו די שראַמס, — האָט זי געלאַכט אין האַרצען.

ביים טיש איז היינט געשפּילט געוואָרען אָהן סענסאַ־ציע. זי האָט בעשלאָסען אויסצוקוקען זיך אָן אַ זייט, אויב דער פּראָקוראָר וועט בלייבען ביי ס'זייניגע.

מיט חוזק אין קול האָט זי זיך אָנגערופען:

— איהר קאָנט אייערע קאָמפּלימענטען אָנטאָן אַזעלכע שעהנע בגדים, ווי זיך אַליין, הער פּראָקוראָר. איך מוז זיי אָננעמען, אויב איהר, נישט קענענדיג מיר, ווילט אויף אַזאַ אופן מיר אונטערקומען.

— איך שטעל בלויז פעסט, — האָט וועגק זיך איינגע־שפּאַרט — אַז אַראָפּנעמענדיג דעם אַדעל־מאָנאָגראַם פון אייער מיבעל, וועט איהר אַלץ גאַנץ אייזעל האַנדלען צו מענ־שען. אָט, למשל, ווי איהר טוט עס איצט צו מיר.

— איך מיין אָבער, אַז איהר זענט נאָך אַלץ אין אַ מאַסקע!

— איהר מיינט אַזוי אַלס בעגייסטערטע לעזערין פון סענטימענטאַלע ראָמאַנען. איצט וויל איך אייך פרעגען, גנע־דיגע פרוי, צי דאַרפט מען פערלענגערן אַ נישט וויכטיג גע־שפּרעך אין דער צייט, ווען עס איז דאָ עפּיס וויכטיגעס אדורכצורעדען?

זי האָט געענטפערט, קוקענדיג אויף איהם פון דער הויך:

— דאָס הייסט, אַז איהר ווילט מיך פערבעטען אויף אַ קאָלאַציע?

— ניין... נישט דאָס... אויף אַזוי פיל בין איך נאָך נישט דרייסט... — האָט וועגק שנעל געענטפערט, ווייל ער האָט באַלד געטראָפען, וואָס זי מיינט. ער האָט זי חושד געווען: זי זעהט אין מיר איין אַ פּשוט'ען ליבעס־זוכער. און טאַקע אַזוי געהט עס צו: אַ קאָלאַציע מיט שאַמפּאַניער.

— וואָס קאָנט איהר מיר פאָרלעגען? — האָט זי געפרעגט עטוואָס דרייסט.

אָבער אַ חוץ דעם ליבלעמען טאָן האָט ווענק איינגעפינען אין איהר קול ערנסטקייט. אזוי, ווענינגסטענס, האָט זיך איהם געדאַכט.

— איך קאָן פאָרלעגען אינטערעסאַנטע פּאַסירונגען! תירקליך, זעהר אינטערעסאַנטע!

— מיט אייך? — האָט זי געפרעגט אָהן ישוב־הדעת,

— צי מיט אייך אַלס ליבעס־זוכער, צי אַלס פּראַקוראָר?

— אַלס דעדעקטיוו!

— וועט איהר עס בעווייזען? — האָט זי געפרעגט מיט ספקות.

— דאַרף איך אייך געבען עטליכע ביישפּילען? נעכ־טען אָוונד האָט מען מיך פערשלעפּט אויף אַן אויטאָמאָ־ביל, מיך פערטויבט מיט גאַזען און מיך אַרויסגעוואָרפען אויף אַ באַנק אין שלייזהיימער פּאַרק ביי 4 גראַד קעלט. און היינט, אין 24 שעה שפּעטער, ווייס איך, אַז דער מענש, וואָס האָט דאָס געטוהן, אָדער געהייסען טוהן, איז דער זעלבער, וועל־כען איהר האָט געזעהען שפּילען אַ קאָמעדיע אַלס אַלטער פּראָפעסאָר און אַלס מאַן מיט דער בלאָנדער באָרד, וואָס האָט צוגענומען ביי דעם יוד קאָהן דעם לעצטען גראָשען.

— איז עס מעגליך? — האָט זי געפרעגט מיט אַ שוואַכער קול. — דער... וואָס איז דאָרט געזעסען... מיט אַ... בלאָנדער... באָרד!...

— דער, וואָס האָט געקוקט אויף קאָהנ'ען ווי אַ רויב־חיה... יאָ!

— אָבער וואָס זאָל איך דערביי טוהן! איך?

— העלפט מיר פאַקען דעם דאָזיגען מאַן, פון וועלכען די מענשהייט מוז זיך בעפריינען!

— אָבער איך בעוואונדער איהם!

— און אויב איך פערזאַכט נישט זיין קראַפט, אָבער עס

זענען פֿאַרהאַן בײזע קרעפּטען...

— און מען מעגליכע און שעהנערע, ווי די, וואָס רופֿען זיך נומע קרעפּטען! — האָט זי אויסגערופֿען און איהר בלאַנקע ברוסט, וואָס האָט געאָטעמט מיט יוגענד, האָט זיך שטאָלץ געהויבען, בעת זי האָט פּלוצלינג זיך אויפגעשטעלט, אויסגלײַכענדיג זיך פֿאַר וועניק'ן מיט'ן גאַנצען קערפּער.

— איך פֿערשטעה אײַך, גנעדיגע פֿרוי. עס האָט אויף אײַך געמאַכט אַן'אײַנדרוק מײַן ענטפּלעקונג. אָבער פֿערגעסט נישט, אַז אַזאַ בײזער כח, ווי דער דעמאָן, דער מײַוועל איז געשטאַלט פֿון אַ מענשען, וועגען ווערבען עס איז יעצט דער רייד צווישען אונז, זײַהט אומגליק אין גאַנצען לאַנד, נישט אײַן מענש שיסט זיך אַ קויל אין קאָפּ אַרײַן, ווײַל ער האָט צו איהם פֿערשפּילט זײַן פֿערמעגען, און דערצו פֿערשפּילט אויף אַן'אונעהרליכען, פֿאַלשען און פֿערברעכערישען אופֿן...

אָבער ענטשולדיגט, גנעדיגע פֿרוי, אונזער געשפּרעך האָט צונעצויגען אויפמערקזאַמקייט... פֿערגעסט נישט, אַז דער בלאָנדער האָט אומעטום זײַנע אַגענטען. איהר דאַרפֿט ערלויבען אונז זיך צו געזעגענען און געבען אַן'אַנדער מאָל אַ געלעגענהייט דעם שמועס פֿאָרטצוזעצען...

— בעזוכט מיך מאָרגען! איך פֿערבעט אײַך אויף מיר... קײַן טוציגג... איך בין גרעפֿין האַאַזע.

זי האָט איהם געגעבען די האַנד. דער נאָמען, וואָס זי האָט פֿאַר איהם אונגעריכט ענטפּלעקט, האָט וועניק'ן אויפֿגעקלערט איהר אַנטלויפֿען יענע נאַכט פֿון לאָקאַל. איהר מאַן איז פּלוצליגג אַרײַנגעקומען און זי האָט נישט געוואָלט, אַז ער זאָל זי דאָרט זעהען. ער האָט געקוקט איהרע אײַדעלע שמאָלע פֿינגער, לאָזענדיג זי ווידער פֿאַנגען פֿון כשוף פֿון איהר שעהנהייט, און אין דער זעלבער מינוט איז איהם אין קאָפּ אַרורכגעלאָפֿען אַ געדאַנק: פֿאַרוואָס פֿערנעמט זיך מענשען מיט קאַמף, געויגג נאָר אַ פֿערברעכער, פֿאַטאָט צו ליבען די דאָזיגע פֿרוי?!

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז ער אַרויס.

אַז די גרעפֿין האָזע איז געבליבען אַליין, האָט זי צו זיך געזאָגט:

— מיר פֿרויען פֿערמאָגען נישט קיין פֿאַנטאַזיע. דאָס איז אמת. איך האָב געזוכט פּאַסירונגען צווישען די מענשען, וואָס זענען מיטגעריסען געוואָרען פֿון דער ליידענשאַפֿט צו האַזאַרד, און בעת עס איז געקומען אַ מעגליכקייט פֿון אונטערעסאַנטער פּאַסירונג, האָב איך געמיינט, אַז עס קומט אַ ליבע־שפּיל! אָבער אָט איז געקומען אַ מענש! ער גיט אַוועק זיין לעבען, זיין ציל, און מעהר קאָן אַ מענש נישט געבען, ווי זיין לעבען — און עס איז נישטאָ עפּיס שעהנערס און שטאַרקערס פֿון אויפֿאָפּפֿערונג, ווי דאָס אייגענע לעבען. אָ, ווען איך וואָלט געפֿינען די מעגליכקייט אויך אַזוי צו האַנדלען!

זי האָט בעשלאָסען: זי גערהט מיט ווענק'ן — זי וועט לעבען מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיינע צילען. ווי מיט אייזן בעוועגונג האָט זי אַוועקגעשטופּט פֿון זיך איהר ביז־יעצטיג לעבען. נאָך ביינאַג איז זי געוועזן אַ גרויסע וועלטליכע דאַמע און איצט, ביינאַכט — אַ קאַפּריזנע פֿרוי, וואָס יאָגט זיך אויף דרייסטע און פֿינסטערע איבערלעבונגען, מיט וועלכע דער גורל האָט זי נישט געוואָלט בעשענקען — זי איז איצט געוועזן ווייט פֿון זיך!

• • •

צומאָרגענס אינדערפֿריה האָט ווענק געקריגען צוגע־שיקט דורך דער פּאָסט אַ רעקאָמענדירטען פּאַקעט. ווען ער האָט איהם געעפֿענט, האָט ער אינעווייניג געפֿינען זיין זייגער און דעם פּאָרטפּעל מיט געלד. דערביי איז געלעגען אַ צעטעלע, געשריבען אויף אַ שרייב־מאַשין:

„איך בעדאַרף נישט קיין מתּים.

די זאַכען, וואָס מיין בעפֿולמעכטיגטער האָט אייך בטעות צוגענומען, שיק איך אייך צוריק און בעט ענטשולדיגונג. איך לאָז מיר בלויז איבער דאָס

נאָטיץ־ביכל, ווײַל וואָס דאָרט שטײט געשריבן, איז אויך נוגע מיר.

באַלינג "

וועגק איז לחלוטין נישט געווען פֿערוואונדערט. דער, וואָס האָט געשריבן צו אים, האָט זיך געשפּילט מיט צעהנער טויזענדער. וואָס פֿאַר אַ ווערט האָבן געזאָלט האָבן פֿאַר אים אַ גאָלדענער זײגער און עפּיס דאָרט אַ פּאָר הונדערט מאַרק ?

נאָכמיטאָג האָט ער באַזוכט די גרעפֿין. זי האָט געוואוינט אין אַ גרוים, זעהר רײַך אײַנגעאָרדענט הויז, אָבער מיט אַ געשמאַק, וואָס האָט וועגק'ן נישט איבריג געפֿאַלן. די גרעפֿין האָט געמאַכט אויף אים געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ שטאַרק אינטעליגענטער פֿרוי, און ער האָט דעריבער געראָכענט, אַז איהר וואוינונג וועט זײַן אויסגעשטאַט מיט מעהר קינסטלערישן געשמאַק, ווי עס איז געווען אין דער ווירקליכקײַט.

אויף די ווענד זענען געהאָנגען פֿוטוריסטישע בילדער, וואָס האָבן פֿאָרגעשטעלט מענשען מיט קעפּ פֿון בהמות, וועלדער מיט בוימער, וועלכע האָבן אויסגעזעהן ווי פֿידלען. וועגק האָט נישט געגלויבט, אַז די פֿוטוריסטישע בילדער וועלען אויך געפֿינען אַן אָרט בײַ דער פֿאַמיליע האַאַזע.

אַ לאָקײַ אין אַ טונקעל־רויטען קאָסטיום מיט קלײנע זילבערנע קנעפּ און בלויע פּאַסען האָט וועגק'ן צוגענומען דעם מאַנטעל און דעם הוט און אַרײַן פֿאַר אים אין צימער. די גרעפֿין האָט אים געהייסן אַרײַנפֿיהרען אין קלײנעם טיי־זאַל.

— מיר וועלען נישט לאַנג זײַן אַלײן, — האָט זי געזאָגט, — מײַן מאַן קומט באַלד צו געהן, אַ זײגער פֿינף איז ער דאָ.

וועגק'ן האָט געאַהרט דער געשמאַק פֿון הויז. אײדער ער האָט געענטפֿערט, האָט ער געוואָרפֿען אַן אַנאַנסטינקטיווע בליק אויף די ווענד.

די גרעפֿין האָט זיך צולאַכט:

— אַך, דאָס איז דער געשמאַק פֿון מײַן מאַן! יואָס שייך מיר, האַלט איך די דאָזיגע אַלע מאַלערײַען פֿאַר אידי־יאָטיש!

— אַך, נײן, — האָט זיך װענק פֿאַרענטפֿערט — איך האָב יעצט ניששט אין זינען די פֿוטוריסטישע בילדער. איך טראַכט װעגן אונזער נעכטיגער בעגעגעניש.

— איך פֿאַרשטײע, מײַן העלר... — האָט זי אַ שמייכעל געטון — איך מוז מודה זײַן, אַז אין אָנהויב האָב איך גע־מיינט, אַז איהר זוכט עפּיס אַ ליבעס־געשיכטעלע. און דאָס האָט מיך שטאַרק געװיילט. גאָט איז אַנ׳עדות, אַז איך האָב אין די שפּיל־הײַזער עפּיס אַנדערש געזוכט...

װענק האָט איהר פּלינק איבערגעריסען:

— דאָס, װאָס איהר זוכט, װעט איהר, מאַדאַם, געפֿינען אין מײַן אַרבײַט!

דאָ איז דער לאָקאַי אין טונקעל־רויטען סטילזירטען קאָסטיום מיט די זילבערנע קנעפּ און בלויע בענדער צוגעקו־מען צו דער גרעפֿינ׳ס פֿאָטעל און, אַראָפּבויגענדיג זיך, איהר עפּיס געזאָגט אויפ׳ן אויער.

די גרעפֿין האָט זיך געװענדעט צו װענק׳ן:

— מײַן מאַן!

זי האָט געקוקט אויף װענק׳ן רוהיג און מיט אַ ערוואַר־טענדיגען בליק. און בעת דער גראַף איז אַרײַן, האָט זי בײדע הערען פֿאָרגעשטעלט אײנער דעם אַנדערען.

גראַף האַאַזע איז געװען אַנ׳אונגעװעהנליך שלאַנקער מאַנספּערשוין מיט זעהר לעבעדיגע בעװעגונגען. זײַן יוגענד־ליכער טעמפּעראַמענט האָט זיך געװאָרפֿען אין די אויגען. ער איז געװען אָנגעטון מיט אַ פּרעטענזיעזער עלעגאַנץ. ער האָט געהאַט אַ געװאוינהײט צו װאַרפֿען די הענד און הערבײַ האָט געבלישטשעט אויף זײַן פֿינגער אַ רינג מיט אַזאַ פּרעכ־טיגען טײַערען שטײן, װאָס װענק האָט נאָך אין זײַן לעבען

הער שטיין האָט געקאָנט זיין אַ טאַפּאַז, וואָס האָט גע־וואָרפען בלוטיגע קאָלירען. וואָס זענען פלוצלינג פערוואַנ־דעלט געוואָרען אין אַ שרייענדיגער מילך־ווייסקייט אין די פינגער, בעת אינמיטען האָט געלויכטען אַ טונקעל־געל פייער פון מעג. די דאָזיגע אַלע קאָלירען האָבען זיך צונויפגעמישט צווישען זיך, בילדענדיג אין צענטער אַ קליינטשיגע פערל־אינזעל. די פערל איז אָבער געווען פון אַזאַ בלויקייט, צו וועלכער אפילו אַ שאַפיר האָט זיך נישט געקאָנט פערגלייכען.

אזוי האָט זיך געטראַכט ווענק, נישט קאָנענדיג די אויגען אָפּרייסען פון דעם שטיין.

— ער איז עטוואָס צו גרויס פאַר מיין האַנד — האָט זיך אָנגערופען דער גאַסט, ווי ער וואָלט אַזוי־נאָך געענטפערט אויף דעם גאַסט'ס בליקען. — דעם דאָזיגען שטיין האָב איך געקויפט אין קאַאירא.

דאָס געשפּרעך איז דאַן אַוועק ווענגען עגיפּטען, וואָס עס האָט ווענק'ן שטאַרק געגודזשעט. עס האָט נישט לאַנג גע־דויערט, האָט ער זיך געזעגענט און אַוועק. ער איז געקומען אהיים אַ טרויעריגער און אַנ'ענטטוישטער.

אָבער ער איז אפילו נישט געזעסען קיין פּופּצען מינוט ביים טיש, ווי דער דינער האָט איהם דערלאַנגט אַ בריף.

ער האָט געלייענט:

„זעהר געעהרטער הער פאָן ווענק!

„עס טוט מיט זעהר לייד, וואָס אונזער צונויפ־טרעפונג איז אַנדערש צוגעגאַנגען, ווי מיר האָבען ביידע ערוואַרט. נישט דערפאַר שרייב איך אייך — מיר קאָנען דאָך פיהרען אונזער שמועס אויף אַנ'אַנ־דער אָרט און אין אַ מעהר פּאַסיגער צייט. אָבער עס איז מעגליך, אַז איהר האָט פערלאָזט אונזער הויז מיט'ן איינדרוק, אַז מיין מאַן איז פּשוט אַ נאַר. און דאָס איז צוליב מיין שולד. דעריבער איל איך מיך, אַז איהר זאָלט נישט בלייבען מיט דער פאַלשער מיי־

גונג וועגען אַ מענש. אַ מיינונג, וואָס איהר האָט געפּאַסט צוליב מיין שולד. עס איז אמת — מיין מאַן האָט אַ נייגונג צו קויפען פוטוריסטישע בילדער. דאָס איז זיין שוואַכקייט. איך האָב מיך שוין איבערצייגט, אַז וואָס אַ מעהר נאַרישען איינדרוק אַ מענש מאַכט ביים ערשטען מאָל, אַלץ גענהנטער ווערט ער שפּעטער אין לעבען.

גו, צום ווידערזעהען... וואו? ווען?..

איינער גרעפין דוזי האַזע"!

— זי הייסט דוזי! — האָט וועגק אויסגערופען צו זיך. וואָס פאַר א זיסער נאָמען! זי שמעקט מיט ליבע און קושען!... מען קאָן משוגע ווערען!

עס האָט איהם אַרומגענומען דער רויש פון א ווארעמען ווינט, צו וועלכען ער האָט שטענדיג געבענקט...

ער איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אָפגעטרייסעלט און אויסגערופען מיט כעס צו זיך אליין:

— אַ שעהנע געשיכטע! אויפ'ן וועג פון יאָגען אַ פערדבערעכער האָב איך מיך דערוויל פערליבט אין אַ שעהנער פרוי.

דער טעלעפאָן האָט אַ קלונג געטון:

— דאָ רעדט ווינטער!

ווינטער האָט איהם מודיע געווען, אַז עס ווערט געעפענט אַ נייע שפּיל־הויז. וועגק דאַרפט עס בעזוכען. דאָס הויז איז ניט איינגעאָרדענט בלויז ווי אַ פרעכטיגער שפּילזאַל, נאָר עס איז אויך פערזעהען מיט אַזאַ מעכאַניזם, וואָס פערוואַנדעלט דאָס הויז, באַלד ווי עס בעווייזט זיך פּאָליציי, אין א וואַריעטע־טעאַטער. ער, האַלענדער, איז נאָך דאָרט נישט געווען. אָבער די קאַראָזא האָט איבערגעלאָזט אויף זיין טיש אַ בריף. זי פלעגט שטענדיג די ערשטע זיך דערוויסען אַלע געהיימניספולע סענסאַציעס פון דער שטאָט. זיי האָבען בדעה מיטצונעמען האַלענדער'ן. דערוויל ווייסט ער, ווינטער, נאָך נישט דעם געגויעס אַדרעס. אָבער קאַראָזא וועט זיי

דאָרט אַהינגעפֿירט. ווינטער האָט דאָס געטאָן ווענס'ן, ער זאָל נישט זאָגן, אַז ער ווייסט עפּיס וועגן יענעם ברוך.

מען האָט זיך אָפּגעשטימט וואו צו טרעפֿן. אַ ווינטער צייטן אָוונט איז וועג קאַווע אין ראַסטינ'ס קאַפֿע, וואו עס איז געווען דער זאַמעל־פּונקט פֿאַר ווינטערדיגע טאַטן.

VI

דאָס הויז, אין וועלכן זיי זענען אַריין, איז געשטאַנען אין דער פֿאָדער־שטאָט, אויף איינער פֿון די מיאוס'טע און העסלעכסטע גאַסן, וואָס האָבן געפֿירט קיין שוואַבינג. דאָס אויסערלעכע אויסזען פֿון הויז האָט זיך נאָרנישט אונטערשיידט פֿון די איבעריגע שכנות'דיגע הייזער. עס איז געווען אַ הויז, אין וועלכן עס האָבן זיך געפֿינען געוועלבער און מעבלירטע צימערן צו פֿערדינגען. די מעטאַלענע טירן פֿון די געוועלבער אין פֿראָנט זענען שוין געווען פֿערמאַכט. די שילדען האָט מען צוליב דער טונקעלקייט נישט געקאָנט איבערלייענען. ווענק האָט אָנגעקוקט דעם נומער פֿון הויז. עס איז געווען די ציפֿער פֿון זיין געבורטס־יאָהר: 86.

אַריין אין שמוציגען הויז איז מען געגאַנגען דורך טרעפֿען, אויף וועלכע אַ קליין לעמפּעל האָט צושיקט אַ טרויעריגען, טונקעלען שיין. אויף די אונטעראוינער פֿון הויז, וואָס האָבן זיך גאַנץ קנאַפּ געקענט איינער מיט'ן אַנדערען. מען איז אַרויף אויפ'ן צווייטען שטאָק. דאָ האָט זיך געעפֿענט אַ גראָבע טיר און פֿון אַ שמאָלען קאָרידאָר האָט זיך אַרויסגעגליטשט אַ שמאָלער פּאַס ליכט אויף די אָרעמע טרעפּען. דער קאָרידאָר איז געווען אַזוי ווי די טרעפּען. ער איז געווען איינגאַנצען לעדיג. אַנ'אַלטע, נעבעכדיגע ווינדע, שטאַרק אָפּגענוצט פֿון יאָהרען און פֿון נויט, האָט זיך דאָ געפֿינען, און אויף איהרע ווענד האָבן זיך געפֿינען אויסגעמאָלט שוואַרצע און ווייסע פֿלעקען. די ווענד פֿון קאָרידאָר זענען געווען בעדעקט מיט צוריסענע, אַלטע טאַפּעטען.

— דערשרעקט אייך נישט פֿאַר דעם קאַבצאַנסקען הויז! — האָט קאַראָזאַ אויסגערופֿען — איהר וועט באַלד זעהען!

און באַלד האָט זיך געעפֿענט פֿאַר זײ אַ צװײטע טיר, און אַ פֿאַנטאַזן ליכט האָט אַ פֿלײץ געטאָן אין דעם פֿינסטערען און אָפּגעשליסענעם קאָרידאָר אַרײַן. די פֿערשװענדערישקײט פֿון ליכט האָט געשריגען אין די אױגען. זײ זענען אַרײַנגעקומען אין אַ קלײנעם פֿאָדער-צימער מיט אױסגעבעטעטע סאָפּקעס, מאַרמאָרנע הענג-שטענדערס און קלײנע הערליכע טישלעך. עס האָט זיך געפֿיהלט דער ריח פֿון שאַמפּאַניער און פֿון קאַלטע שפּײַזען. עס זענען דאָרט געזעסען עטליכע פֿרעמדע מענער. דאָ האָט מען אַװעקגעגעבען די מאַנטלען און קאַפּעלושען און דאַן אַרײַן אין שפּיל-זאַל.

דאָ האָט מען געזעהען עפּיס נײַעס. דער פּרעכטיגער זאַל האָט דערמאָנט די בעקאַנטע פּאַריזער װאַריעטעס. דורך די לאָזשעס און דורך אַ ניקעלנער באַלוסטראַדע האָט מען געזעהען אַ בלישטשענדיגען גרױסען טיש.

אינמיטען האָט זיך געפֿינען אַן עפֿנונג, פֿון װעלכען עס האָט אַרױסגעקוקט אַ ברײטער שטוהל, װאָס האָט זיך בעװעגט מיט דער הילף פֿון אַ שרױף. דאָס איז געװען אַן אָרט פֿאַר'ן באַנק-האַלטער. אַרום דעם טיש זענען געװען אײַנגעאָרדענט לאָזשעס — ערטער פֿאַר די שפּילער. יעדע לאָזשע, װאָס איז געװען געמאַכט פֿאַר צװײ אָדער דרײַ, פֿיר פּערזאָן, איז געװען פֿערבאָרגען אין אַ קונסטליכען שאָטען און פֿערזעהען מיט װײַכע זיץ-פּלעצער. די לאָזשעס זענען געװען אַרומגערינגעלט מיט אַ קופּערנער שטאַכעט און מען האָט געקאָנט שפּילען װי אין אַ מאַסקע. מען האָט געקאָנט געבען אַן אױסלאָז דער לײַדענשאַפֿט, נישט װערענדיג בלױז נישט דערקענט, נאָר אַפֿילו נישט װערענדיג געזעהען.

צװײ קלײנע רעלסען האָבען זיך געצױגען צו יעדער לאָזשע. אױף יעדער פּאָר רעלסען איז געשטאַנען אַ קלײן װאַגאָנדעל, װאָס האָט איבערגעפֿיהרט די סטאַװקעס און געבּרענגט דאָס געװאונענע. די סומע האָט מען מיטגעטײלט דורך אָפּדרוקען ציפֿערן אױף אַן עלעקטרישער טאָװעל. מיט אַ דרעה פֿון אַ קנעפּעל האָט מען געלאָזט אין בעװעגונג די

װאַגאַנדלער.

מען האָט געקאָנט שפּילען, נישט צו זײַן געזעהען.

נעבען די לאָזשעס האָבען זיך געפֿינען לויפֿענדיגע פֿערד-לעך, שוואַרצע און ווײַסע. שוואַרץ איז געלאָפֿען צו ווײַס און ווײַס צו שוואַרץ. די פֿרדלעך זענען געלאָזט געוואָרען אין גאַנג דורך אַ קאָרבע, וואָס דער באַנק-האַלטער האָט בעוועגט. הינטער די פֿערדלעך האָבען זיך געפֿינען לעמפּלעך, און עס האָט אויסגעזעהען, ווי יעדעס פֿערדעל ווערט געיאָגט פֿון זײַן שאָטן. אין יעדער לאָזשע האָט זיך געפֿינען אַ שפּיגעל, וואָס האָט אָפּגעשפּיגעלט, ווי די פֿערדלעך לויפֿען, און אַזוי-נאָך האָט מען געקאָנט נאָכפֿאָלגען דאָס געלויף פֿון די פֿערדלעך.

ווענק און זײַנע בעקאַנטע האָבען פֿערנומען אַ לאָזשע אויף 4 מענשען, וואָס איז, חוץ אויס, געווען רעזערווירט פֿאַר זיי. קאַראָזאַ און האָלענדער האָבען זיך געזעצט פֿון פֿאָרענט און ווענק און ווינטער הינטער זיי.

ווען אַלע לאָזשעס זענען שוין געווען בעזעצט, האָט זיך דער באַנק-האַלטער אויפֿגעהויבען אין זײַן עלעגאַנטען פֿראַק אויף דער שטוהל, און בעוועגענדיג זיך פּאַמעליך מיט דער הילף פֿון מעכאַניזם, האָט ער געהאַלטען צו די אַנוועזענדע אַזאַ רעדע:

„געענדיגע דאַמען, גנעדיגע הערען!

„איך שטעל אײַך פֿאָר אונזער הויז מיט'ן נאָמען „פֿאָר-טעצאַ". „פֿאָרטעצאַ" פֿעראײַניגט מאַכט און גליק. מיר לע-בען אין אַ פֿיל-פֿאַרביגער צײַט און אונזער אונטערנעהמונג בעמיהט זיך נאָכצוקומען אײַערע פֿערלאַנגען. איהר קאָנט דאָ שפּילען „סאָלאָ" און אין „קאָמפּאַניע"! ווי עס געפֿעלט אײַך! סאָלאָ קאָנט איהר שפּילען, זיצענדיג פֿערשטעקט אין דער לאָזשע, נישט ווערענדיג פֿון קיינעם בעמערקט, ווי למשל די דאָזיגע שעהנע דאַמע אין דער לינקער לאָזשע, וועלכע איך זעה נישט, וואָס אַן'אמת, אָבער וואָס איך בעמערק לויט דער פּרעכטיגער ווײַסער פֿעדער אין איהרע האָר... איהר קענט אויך, אויב אײַער האַרץ ווערט דערוועקט פֿון אַ ליבעס-

געפֿיהל, אָפּזונדערן זיך אין צווייען, לויט'ן בײַשפּיל פֿון דעם פּאָרל, וואָס האָט זיך פֿערבאָרגען אין דער טונקעלער אַלטאַ-נען-לאָזשע... איך זעה זיי אויך ניכט, אָבער איך האָב אַ פֿער-דאַכט, אַז דאָרט זיצט אַ זעהר עלעגאַנטער קאַוואַליר און אַן'עלעגאַנטע דאַמע. יאָ, איך זעה גאָרנישט פֿון דאַנען, אַ חוץ אַ גאַנצע רייהע ציפֿערן אויף די עלעקטרישע טאָוולען, וואָס געפֿינען זיך אויסגעשטעלט אויף די פֿעלדער פֿון גליק. פֿון מײַן אָרט זעה איך, ווי דער טיש שפּילט אונזערע הײַמישע שפּילען: באַקאַראַט, איין און צוואַנציג און אַנדערע. אָבער מײַנע דאַמען און הערען! אויב עס גלוסט אײַך, קאָנט איהר זיך אָפּגעבען מיט אַנדערע שפּילען. אונזער לאָקאַל איז אײַנ-געאָרדענט געוואָרען לויט'ן פּלאַן פֿון אַ בעריהמטען קינסט-לער, וואָס זײַן נאָמען טרעפֿט איהר כסדר אויף די אויס-שטעלונגען און אין דער פּרעסע. אונזער לאָקאַל פֿעראײניגט קונסט און טעכניק. די צוויי שטאַרקסטע טעכטער פֿון אונ-זער צײַט. דאָס שפּיגעל-סיסטעם אין די לאָזשעס מאַכט כהרף עין מעגליך יעדען אײַנציגען צו זעהען, וועלכעס פֿערד איז דערגאַנגען צום ציל. איך ערלויב מיר אײַך אויפֿמערקזאַם צו מאַכען, ווי געשיקט עס בעוועגען זיך די פֿערדלעך, וואָס זײַער ערפֿינדונג פֿערשאַפֿט דעם קינסטלער גרויס כבוד“.

ער האָט אַ דרעה געטהון די קאָרבע. די פֿערדלעך און הינטער זיי די שאָטענס האָבען גענומען לויפֿען, אויסמישענ-דיג זיך אין אַ קאַלײדאָסקאָפּ. דאָס איז ווירקליך געווען אַ הערליך בילד, ענטציקענד פֿאַר'ן אויג.

פּאַמעליך האָבען זיך די פֿערדלעך אָפּגעשטעלט...

— אָט אויף דעם פֿערדעל האָב איך געשטעלט, — האָט זיך אָנגערופֿען עמיצער אַ פּרויען-שטים, בעת אַ פֿערדעל מיט אַ גרויסער גושיווע און אין אַ שפּאַנישען זאָטעל איז אָנגעקו-מען צום ציל. תיכף ווי עס איז אָנגעקומען צום ציל האָבען זיך זײַנע אויגען געטהון אַ צינד אָן. דאָס זענען געווען צוויי קלײנטשיגע עלעקטרישע פֿונקען.

דער באַנק־האַלטער האָט ווײַטער גערעדט:

„איך וועל נישט לאַנג אײַנהאַלטען אײַער אונגעדולד מיט מײַן רעדען. איך וויל אײַך בלויז בעקענען מיט די עפּאָפּעע־מאַכענדע נײַהײַטען, וואָס די „פאַרטעצאַ" פיהרט אײַן אין לעבען. איזן מאָמענט! וואָס וואָלט איהר געטוהן, ווען...

דאָ האָט דער רעדנער פערשטאַרקט זײַן קול —

„ווען איין אײַערע לאָזשעס רײַסט זיך פּלוצלינג אַרײַן פּאָליציי, ווילענדיג בערויבען אײַך אײַער געלד און אײַער פרײַהײַט? נאָר אָהן שרעק! מיר האָבען אײַנגעפיהרט אַזאַ אײַנאָרדנונג, וואָס לאַכט פון דער פּאָליציי! זאָל זי אַרײַנקומען, די פּאָליציי! ביטע זעהר! מיר זענען פערזיכערט! מיט מײַן קלײַנעם פינגער שטויס איך אָפּ די פּאָליציי פון דער גאַנצער שטאָט. זעהט, מײַנע דאַמען און הערען!

ער האָט הויך אויפגעהויבען די האַנד. דערנאָך האָט ער מיט'ן קלײַנעם פינגער, וואָס ער האָט שנעל אויסגעצויגען, פעסט אַ דריק געטוהן אַ שוואַרץ קנעפּעל נעבען זיך. און דאָ האָט דער גאַנצער ריזיגער שפּיל־טיש בליץ־שנעל זיך גענומען בעוועגען און אין אַ סעקונדע איז ער פערשוואונדען געוואָרען אין דער ערד אַרײַן צוזאַמען מיט דעם רעדנער. די לאָזשעס זענען איבערגעבליבען. אָבער דאָס שפּיל מיט די פערדלעך איז אויך פערשוואונדען. אין פערלויף פון עטליכע רגע'ס האָט אויף אַ נײַער פּאָדלאָגע געטאַנצט פאַר די געסט אין די לאָזשעס אַ קוואַרטעט פון נאַקעטע צוועלף־יעהריגע מײדלעך אונטער דעם בעגלייט פון פידלען און פלייטען פון אַנ'אָרקעסטער, וועלכען מען האָט נישט געזעהען.

אַ גרופּע מאַנסלײַט, אָנגעטוהן אין אוניפאָרמען פון דער שטאָטישער פּאָליציי, האָט זיך פּלוצלינג אַרײַנגעריסען אין די לאָזשעס מיט אַ גערודער:

— מען האָט אונז געזאָגט, אַז מען שפּילט דאָ אין פערבאָטענע שפּילען!... וואו שפּילט מען? וואו?!

אומעטום, אין אַלע לאָזשעס, האָט מען גענומען לאַכען,
די מיידלעך האָבען געטאַנצט. די פֿאַרשטעלטע פּאָליציאַנטען
האָבען אַראָפּגעוואָרפֿען די מונדירען און פֿרעהליכע האָבען
זיי איצט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון טאַנץ-קאַוואַליערען. די
פּאָרלאַגע מיט די טאַנצענדיגע מיידלעך האָט זיך אויפֿגעהוי-
בען הויך, אין דער לופֿט. איינע פֿון די מיידלעך האָט גע-
מאַכט אַן אויסגעלערנטע באַוועגונג אין דער ריכטונג פֿון אַ
אַלטען איינזאַמען הער. דער לעצטער האָט זיך אַרויסגעבוי-
גען פֿון דער לאָזשע צו איהר, עפּיס רופֿענדיג מיט אַ שמיי-
כעל און אַ זינדעל-וואָרט. אָבער ער האָט זי נישט דערגרייכט.
די פּאָרלאַגע איז פֿאַרשוואונדען. ווידער איז אַרויסגעקומען
דער שפּיל-טיש מיט די פֿערדלעך און ווידער האָבען זיך
דערהערט די ווערטער פֿון פֿריהערדיגען רעדנער:

„מיינע דאַמען און הערען! איהר האָט אַליין געזעהן,
מיר האָבען אָנגעגרייט פֿאַר דער פּאָליציי נאַקעטע מיידלעך.
יעדע וואָך ווערט דאָס פּראָגראַם געענדערט.

אין דעם זעלבען טאָן האָט ער נאָך גערעדט אַ קורצע
צייט.

— דאָס איז דאָך אַ נאַרישער קינאָ! — האָט וועניק זיך
אָנגערופֿען, צובויגענדיג זיך צו ראַלעגדע'ן — דאָס נאַ-
רישסטע קינאָ! ווען די פּאָליציי זאָל דאָ אַריין, וועט אין
צעהן מינוט דער גאַנצער שווינדעל ענטדעקט דורך אַן אונ-
טערזוכונג!

ראַלעגדער האָט בלויז געצויגען מיט די אַקסלען.

וועניק האָט זיך אַליין געפֿרעגט, וואָס עס קען זיין דער
ציל פֿון דער דאָזיגער קאָסטבאַרער אונטערנעהמונג. דאָס גע-
היימניש קען דאָך לאַנג נישט זיין פֿאַרבאָרגען. עס וועט דאָך
נישט אַוועקגעהן קיין וואָך און אויך צו דער פּאָליציי וועט
דערגעהן די פּאָפּולאַריטעט. די משוגע'נע אויסגאַבען וועלטען
דאַן פֿאַרפֿאַלען געוואָרען.

ווינטער האָט אויסגעזעהן צו געפֿינען זיך אונטער אַ

שטאַרקען רושם. ער האָט אויסגעזעהען צו זיין פערבלעפט און איבערראַשט מיט דעם, וואָס ער האָט געזעהען און גע־הערט.

קאַראָזאַ האָט שטילע מאָל פון גרויס צופרידענהייט געפּאַטשט מיט די הענד:

— עס איז פּרעכטיג! עס איז וואונדערבאַר! — יאָ, אונזער צייט איז געניאַל! מיר וועלען דאָ זיין שטענדיגע געסט, נישט אמת, בענעדיקט? אויף וועלכען פערדיגעל שטעלסטו? איך — אויפ'ן אַראַבער. איך שטעל אויך אויפ'ן שוואַרצען, און דאָס דערפאַר, ווייל דו ביזט אַ בלאָנדער!

האַלענדער האָט אויסגעטוישט מיט וועניק'ן אַ צופרידענעם בליק. עס האָט געשלאָגען צוועלף... מען האָט צוטראָגען אויף האַלב־טעלערס און טאַצען די מייערסטע דעליקאַטעסען. מען האָט געזעהען פרישע טרעפעלס מיט שטראַסבורגער פּאַשטעטען, אַסטראַכאַנער קאַוויאַרען, און פּאָרטוגאַלישע פּריקאַסען.

פון די שפּייזען האָט זיך געטראָגען אַ זיסער, אַפּעטיטליכע ראַראָמאַט.

וועניק איז געוועזן בערוישט. דער לוקסוס האָט איהם וויעה געטון. ער איז געוואָרען אויפגערעגט:

— וואוהין וועט עס דערגעהען?

ער האָט נישט געזעהען קיין אויסוועג פאַר דער דאָ־זיגער פערשווענדערישער הולטאַיסטווע. ער האָט פשוט נישט געקאָנט עסען.

קאַראָזאַ האָט אַ טרילער געטון אויפ'ן קול. ווינטער האָט זיך גענומען שעהמען — זיין ליידענשאַפט צו הילען איז יעצט געוואָרען קרעמפּירט דורך וועניק'ס צווייי אויספאָרשענ־דיגע, טיפע אויגען. און האַרצען האָט ער בעשלאָסען מאָר־גען זיך צו צושיידען מיט דער פערשווענדערישער קאַראָזאַ. ער וועט איהר שיקען אַ שעהנע געזעגענונגס־מתנה. ער האָט געזעהען אַנגעקוקט אַ קאָליע מיט שוואַרצע אויסטראַלישע אָפּאַלען, בערעקט מיט גאָלדענע רובינס, וואָס האָבען געפּינ־

קעלט מיט גרויע, גרינגע און פֿײַערדיגע קאָלירען. עס האָט זי אויסגעשטעלט צום פֿערקויפֿען אַ געוויסע רוסישע פֿירמע, וואָס האָט זיך בעקענט מיט קאַראַזאַ און דורך איהר געזוכט אַ צוטריט צו דער בינע.

— מען דאַרף דערמיט מאַכען אַ סוף! — האָט אַלץ געקרעכצט אין ווינטער'ן.

די טרעפּעלס האָבען איהם געצערטעלט דאָס מויל און די צונג, איידער ער האָט זיי אַראָפּגעשלונגען.

ווענק האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעהויבען פֿון זײַן אָרט, מאַכענדיג אַ בעוועגונג צו דער טיר.

— וואוהין? — האָט קאַראַזאַ געפֿרעגט אַ שטאַרק־בעאונרוהיגטע.

האַלענדער האָט זיך אויסגעדרעהט צו איהר. ער האָט זי אַוועקגענומען פֿון ווענק'ן, וועלכער האָט אָהן שטערונג געקאָנט פֿערלאָזען דעם זאַל. אין פֿאָדער־צימער האָט ער אָפּגענומען דעם מאַנטעל. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער געווען הינטען. דער שווייצער האָט איהם געעפֿענט די טיר, טוענדיג פֿריהער אַ קוק אויף דער גאַס. דאַן האָט ער אויפֿגערעגט אַ רוף געטהון:

— אַ פּאָליציאַנט, מײַן הער!

אָבער ער האָט געעפֿענט. ווענק איז אַרויס. אַ פּאָליציאַנט איז דרויסען האָט איהם בעטראַכט. ווענק האָט בעמערקט, אַז ער לאַכט. אויך דער שווייצער האָט געלאַכט. דער פּאָליציאַנט איז געוואָרען אַרויסגעשטעלט אויף דער וואַך דורך דעם שפּיל־הויז אַליין.

— אויב אַנ'אמת'ען פּאָליציאַנט וואָלט זיך פֿערגלוסט דאָ אַהערצוקומען, — האָט דער שווייצער גיך ערקלערט דעם אַרויסגעהענדיגען, — וואָלט מען איהם געזאָגט, אַז דאָס הויז איז שוין בעוואַכט און ער וואָלט זיך געגאַנגען זײַן וועג.

ווענק איז שנעל אַוועק צום אָרט, וואו עס האָט געוואַרט אויף איהם זײַן אויטאָמאָביל. ער איז געווען ענטשלאָסען צו פֿערמאַכען דאָס דאָזיגע עלעגאַנטע הויז. ער האָט אָבער נײַיט

געוואָלט דערלאָזן, אַז דער אַרײַנמאַרש פֿון דער פּאָליציי זאָל דורך די צײַטונגען און רעפּאָרטערן דערוועקן די נישט־געזונדע פֿאַנטאַזיע פֿון די לעזער, וועלכע וועלן לייענען די באַשרײַבונגען, וואָס וועלן מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז אין דער שטאָט געפֿינען זיך עפּעס אויסערגעוויינלעכע הײַזער, וואו עס קומען פֿאָר שרעקלעכע פֿאַרברעכערישע אָרגיעס.

פֿאָהרענדיג אין אויטאָ האָט ער צוזאַמענגעשטעלט דעם בריוו, וואָס די צײַטונגען זאָל זײַן ערלויבט צו דרוקן. עס מאָרען נישט זײַן קיין אײַנצעלהײַטן, וואָס זאָלן באַרײַכערן די פֿאַנטאַזיע. עס מוז פּשוט אָנגעגעבן ווערן: שווינדלעריש קאָרטן־שפּיל.

זײַן מח האָט גיך געאַרבעט. ער האָט זיך איינגאַנצן פֿאַרטיפֿט אין קאַמף מיט דער „פּאָרטעצאַ“. שוין אין אויטאָ האָט וועגק געהאַט אַ פֿערטיגע רעדע אַלס עפֿענטלעכער באַשולדיגער, וואָס האָט אַן אויפֿגאַבע מיט געשיקטע פֿאָרשלען און שאַרפֿע שניט צו באַזײַטיגן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן קערפּער די דאָזיגע מכה, איידער זי האָט זיך באַוויזן צו צוּוואַקסן.

אין דער היים, פֿאַר׳ן אײַנשלאָפֿן, האָט ער נאָכאַמאָל אַ טראַכט געטאָן, הגם אָהן שייכות מיט זײַנע פֿריהערדיגע געדאַנקען, וועגן ווינטער׳ן. ווינטער איז פֿאַר איהם איצט געוואָרן אַ מוסטער פֿון דער איצטיגער יוגענד. ער איז שטאַרק צוגעבונדען צו עפּיס אַ נישטיגער פֿרוי, וואָס האָט אויסגעשטעלט איהר קערפּער אויף דער בינע פֿאַר דער עפֿענטלעכקייט. שטענדיג עלעגאַנט אָנגעטאָן, לאָטש נישט עלעגאַנט פֿון דער נאַטור, האָט ווינטער פֿאַרבראַכט גאַנצע נעכט אין בסדר׳דיגער אויפֿרעגונג אויף פֿאַרשידענע הוליאַנקעס, צווישן קאָרטן־טישן און קאַבאַרעטן, זוכענדיג פֿרייד אין דער לאָזשע פֿון אַ טענצערין, וואָס ער האָט לחלוט׳ן נישט געליבט. ער וואָלט זיכער פֿאַרוואָלטעט מיט עפּיס אַן אונטערנעהמונג, ער וואָלט בלי ספֿק זיך גוט געפֿינען אויף אַן אָנשטענדיגן באַשיידענעם אמט, ער וואָלט

התונה געהאַט און געבוירען לעגאַלע קינדער, ווען ער וואָלט נאָר אין לעבען געפינען עפּיס אַ געהעריגע לאַסט...

זיי האָבען אַלע זיך געמאַכט פאַר עפּיס איבער-מענשען. וואָס האָבען געשפּילט אויף זייערע נערוועז און חושים, אָבער אין דער ווירקליכקייט זענען זיי געווען שוואַכע בירגער, וואָס זייער זעלביכקייט איז ענדער געווען אַ קוים פון לייזען, ווי אַ לעבענס-ציל; זיי זענען געווען צו שוואַך, כדי רוהיג צו לעבען, ווי די ערציהונג און זייערע היימען האָט פערלאַנגט.

ער האָט טעלעפאָנירט דער פּאָליציי די אַדרעס פון נייעם שפּיל-הויז. דער בעאַמטער, וואָס האָט געהאַט אַנ'אויפגאַבע צו היטען ווינטער'ן, האָט בעקומען אַ בעפעהל גלייך צו געהן אהין, און וואָס עס זאָל נאָר ניט געשעהן דאָרט, האָט ער ניט געטאָרט אַוועקנעמען דאָס אויג פון איהם, באַלד ווי ער וועט פערלאָזען דאָס הויז.

• •

אין מיטען דער נאַכט, בעת ווענק האָט זיך געפינען אין די אָרעמס פון אַנ'אייזערנעם שלאָף, האָט דער טעלעפאָן לעבען זיין בעט גענומען קלינגען. עס זענען געווען צוויי שעה, זינט ווענק איז צוריקגעקומען. ער האָט זיך תיכף דערשפּירט וואַכענדיג.

— דאָ רעדט פּראָקוראָר ווענק! — האָט ער אויסגערופען און באַלד לכתחילה האָט ער געוואוסט, אפשר דורך אַ געהיימען צוזאַמענהאַנג מיט די געדאַנקען, מיט וועלכע ער איז איינגעשלאָפען, און וואָס האָבען נאָך געפינען זיך אין זיין הינטער-בעוואוסטזיין, אַז דאָס דאָזיגע געשפּרעך, וואָס ער וועט פיהרען אין דעם שוואַרצען טעלעפאָן-קעסטעל אויפ'ן טיש, וועט זיין נוגע ווינטער'ן.

— דאָ רעדט פּראָקוראָר ווענק! — האָט ער נאָכאַמאָל אַריינגעשריגען אין אַפּאַראַט און האָט אינסטינקטיוו אַ ציטער געטאָן מיט'ן גאַנצען קערפּער.

— דאָ. — האָט געענטפערט אַ קול — דער דיזשורי=

דאַנדער פּאָליציי־קאָמיסאַר.

— שנעלער! — האָט ווענק אויסגערופען. איבער זיינע נערוועץ איז אַדורך אַ פיבער.

אויף וואָס פאַר אַ ידיעה וואַרט ער מיט אַזאַ שפּאַנונג? דאָס קול פון טעלעפאָן האָט איהם געמאַכט אויפטריי־לען:

— הער ווינטער, וואָס האָט זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי, איז די היינטיגע נאַכט ער־מאָרדעט געוואָרען אויף דער גאַס! אַ צווייטער צוויי. זיין חבר מיט'ן נאָמען האָלענדער, איז שווער פערוואונדעט. דער פּאָליציי־בעאַמטער, וואָס האָט געהיטען ווינטער'ן, איז אויך פערוואונדעט. ביידע האָט מען איבערגעפיהרט אין שפּיטאָל. די דאַמע, וואָס האָט זיך געפינען מיט די דאָזיגע הערען, איז אויף דער פאָדערונג פון פערוואונדעטען פּאָליציי־בעאַמ־טען, אַרעסטירט געוואָרען. איך האָב דעם ערמאָרדעטען גע־הייסען איבערלאָזען אויפ'ן אָרט פון פערברעכען, ביז דער הער פּראָקוראָר וועט קומען. אַ דינסט־אויטאָמאָביל געפינט זיך אויפ'ן וועג צום פּראָקוראָר. געענדיגט!

— געענדיגט! — האָט ווענק איבערגע'חזר'ט מיט אַ צי־טערדיגער שטים.

אין געשאַפט האָט ער זיך אָנגעטון, דער אויטאָ האָט שוין געטראָפען. ווענק איז געלאָפען איבער די פינסטערע טרעפען, נישט אָנצינדענדיג קיין ליכט. ווען ער האָט שוין דערהערט דעם אויטאָ און געזעהען זיין שאָטען אין דער טונקעלער גאַס, האָט ער פערביסען די ליפּען ביז בלוט — ער האָט פערשטאַנען, ווי נייטיג עס איז קאַלטבלוטיג אויפצו־נעמען דעם דאָזיגען מאָרד. און ווען ער האָט זיך געפיהלט מיטשולדיג. ער האָט פערשטאַנען, אַז ער מוז רוהיג געהן דאָרט אהין און אַריבערגעהן רוהיג איבער דער קאַלוזשע בלוט, כדי צו קאָנען ווייטער זיין גרייט צו טאָטען.

אויפ'ן וועג האָט איהם עפּיס געצוואונגען אַריינצוקוקען אין דעם שפּיגעל פון זיין בעוואוסטזיין.

איך האָב נישט געדאַרפֿט קיין צוויטער טון, ווען די דאָזיגע ידיעה האָט מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ. איך מוז זיך פֿאַרהאַלטן אַזוי ווייט, אַז איך זאָל מיין איינגענעם מויט אויפֿנעמען אָהן אַ צוויטער צו טון. איך מוז זיך צוגעוווינען. איך מוז אַלע מיינע איינגעשאַפֿטע צופּאַסען צום ציל. ערשט דעמאָלט וועל איך זיין דערוואַקסען צו מיינע אויפֿגאַבען.

ווינטער'ס טויטער קערפּער איז געלעגען אין דער פֿינסטערניש.

פֿיר שוואַרצע שאָטענס פֿון מענשען האָבען אַרומגערינגעלט דעם ערמאָרדעטען און זענען אָפּגעטרעטען אין אַ זייט, ווען דער פּראָקוראָר איז אַרויס פֿון אויטאָ. עס זענען געווען פּאָליציאַנטען. ווענק האָט פֿעראָרדענט זיי זאָלען זיך שטעלען אויף דער וואַך נעבען ביידע ראָגען פֿון דער גאַס און קיינעם נישט צולאָזען צום שרעקליכען אָרט. דער מת איז געלעגען אין טונקעלען רוג נעבען דעם פּאַלאַץ פֿון די ווייטעלבאַכס. אין די נאָהענטסטע הייזער האָט זיך קיינער נישט געוויזען.

אַ בעאַמטער האָט פֿערזיכערט, אַז זינט דעם מאָרד איז קיינער נישט אַדורכגעגאַנגען.

עס איז געווען אַ זייגער דריי פֿאַרטאָג.

ווענק האָט בעלויכטען דעם קערפּער מיט אַן עלעקטרישטאַשען-לעמפּעל. פֿון האַלז ביז צו די פּלייצעס האָבען זיך געצויגען טיפֿע שניטען. דער טויטער איז געלעגען מיט'ן פּנים צו דער ערד.

אַזוי האָבען איהם געטראָפֿען די פּאָליציאַנטען, ווען זיי זענען געקומען, בלוטענדיג פֿון די וואונדען, פֿערבלענדט מיט פּעפֿער, וואָס די מערדער האָבען איהם געוואָרפֿען אין די אויגען, האָט ער דאָ אַהערגעבראַכט מיט אַן אַלאַרמירענדער פֿייפֿערי. דער מת איז שוין געווען שטייף, ווי אַ פֿאַנטאַסטישער צווייג. דאָס בלוט, וואָס איז אַרויסגעשפּריצט פֿון דער וואונד, האָט געלויכטען אין עלעקטרישען ליכט, ווי שוואַרצער מאַרמאָר.

ווענק האָט זיך בעמיהט איינצוקריצען אין זכרון דאָס

אָרט פֿון פֿאָרפֿאַל, די פּאָזיציע פֿון ערמאָרדעטען... ער האָט פֿאַרשריבן די נומערן פֿון די הײַזער אַרום. ער האָט אונ־טערזוכט, צי אַלע טירן און פֿענסטער זענען געווען פֿער־מאַכט אין די שׂכנות'דיגע הײַזער. צי עס איז נישטאָ קײן צײכענס פֿון פֿיס אַרום און צי עמיצער האָט אויף די גאַסן וואָס גרענעצן זיך מיט דעם אָרט, נישט אַראָפּגעלאָזט וועל־כען עס איז געגענשטאַנד. נײן! גאָרנישט איז דאָ!

די מערדער זענען פֿערשוואונדען דורכ'ן פּלאַץ פֿון פּלאַץ, — האָט דער בעאַמטער פֿערזיכערט.

ווענק איז אַרומגעגאַנגען די ווענד. ער האָט גאָרנישט געפֿינען קײן פֿערדעכטיגעס. אַ פּאָליציאַנט איז אַוועק נאָך אַנ'אויטאָ איבערצופֿיהרען דעם הרוג.

ווענק האָט געגעבען בעפֿעהלען:

— קײנעם נישט אַדורכלאָזען דורך דאַנען. יעדען דורכ־געהער, וואָס וויל אַדורכגעהן די גאַס, אָפּפֿיהרען אין קאָמי־סאַריאַט אויף אויספֿאָרשונג... אָבער הפֿליך.

דאַן איז ער אָפּגעפֿאָהרען אין שפּיטאָל, אין וועלכען די פֿערוואונדעטע האָבען זיך געפֿינען.

האַלענדער איז געווען בעוואוסטלאָז. דער דאָקטאָר האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז מען האָט איהם געגעבען אַ שטאָך אין קאָרק מיט אַ שמאָלען שטילעט און אַ חוץ דעם אַ קלאַפּ אין קאָפּ מיט עפּיס אַ שווערען געגענשטאַנד. דער בעאַמטער איז געווען ווענינגער שווער פֿערוואונדעט. ער האָט בעקומען עט־ליכע שטעך, אָבער נישט קײן טיפֿע. זײנע פּלײצעס און די אויבערשטע אָרעמס זענען איהם געווען פֿערבאַנדאַזשירט. ער האָט קוים געקאָנט עפֿענען די אויגען.

ער האָט דערצעהלט:

— אַ זײגער צוויי בין איך לויט אײער בעפֿעהל אוועק אין אַנגעוויזענעם הויז. פֿאַר'ן הויז איז געשטאַנען עפּיס אַ פּאָליציאַנט. דאָס איז מיר געוואָרען אויפֿפֿאַלענד. איך האָב מיר געפּרעגט, פֿאַרוואָס געהט דער דאָזיגער פּאָליציאַנט נישט

אַרום זײַן רעוויר, נאָר שטײט אויף אײן אָרט. ער איז גע־שטאַנען אַזוי אַפּשר אַ שעה. איך האָב אים געוואָלט פֿרעגן און בין צו צו אים. ער האָט צו מיר פֿריער געזאָגט: „וואָס ווילסטו? גײ ווײַטער!“ און האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ דראָהענדען בליק. איך האָב אים געוואָלט ווײַזן מײַן דאָ־קומענט. אין דער זעלבער סעקונדע האָט זיך געעפֿנט די טיר און ל׳האָב געזעען, ווי עמיצער איז אַרויס. אין אַרויס־געגאַנגענעם האָב איך באַלד דערקענט דעם הער ווינטער. דער פּאָליציאַנט האָט מיך אָפּגעשטופּט. אין אָנהויב האָב איך נישט געוואָלט צוציען אויף מיר קײנעמ׳ס אויפֿמערקזאַמ־קײַט און איך האָב מיך געלאָזט אָפּשטופּן. איך האָב געזע־ען, אַז מיט׳ן הער ווינטער איז אַרויס אַ צווײַטער הער און עפּיס אַ דאַמע.

זײ זענען געגאַנגען שנעל אין דער ריכטונג פֿון דער לודוויק־גאַס. איך האָב זיך געפֿינען מיט׳ן פּאָליציאַנט אַ פּאָר הײַזער הינטער זײ. דאָ האָט זיך דער פּאָליציאַנט אָנגערו־פֿען צו מיר – דאָס איז געווען בײַ דער „פּאַרטעצאַ“—:

— גײט בעסער אַוועק פֿון דאַנען!

איך האָב אָבער גאָר נישט געפֿלענט קײן אַכט אויף אים און בין געגאַנגען הינטער די דרײַ מענטשן אין אַ געוויסער דערווײַטערונג. זײ זענען אײַך אָבער אין רוג פֿון דער טערקען־גאַס און זענען מיר פֿאַרשוואונדן פֿון די אויגן בײַם רוג פֿון דער זאַבעלסבערגער־גאַס.

איך האָב פֿאַרשנעלערט די טריט, אָבער איך האָב זײ נישט דערזען. איך האָב דאַן פֿאַרשטאַנען, אַז זײ האָ־בען געמוזט אַרײַן אין דער יעגער־גאַס. איך בין געלאָפֿען נאָך זײ. פּלוצלונג האָב איך דערהערט געשרײַען. עס זענען געווען דערשטיקטע, הײַנערדיגע געשרײַען. זינט דער מלחמה ווײס איך, אַז אַזוי שרײַען מענטשן אין טויט־שרעק. איך האָב גלײַך גענומען, אײדער מען האָט מיך באַמערקט, גע־בען סיגנאַלען מיט׳ן פֿײַפֿערל. דערבײַ בין איך געלאָפֿען

מיט'ן גאנצען אימפעט. איך האב אויך ארויסגענומען דעם רעוואלווער.

אבער איך האב נישט געקענט ווייט לויפען. מיטאיינמאל האט מיך עמיצער א כאפ געטון פון הינטען. איך האב דערפיהלט, אז די אויגען נעמען מיר שרעקליך ברענען. אין די ארעמס האב איך דערפיהלט שטעך פון א מעסער. איך האב געוואלט שיסען, אבער איך האב שוין נישט געהאט דעם רעוואלווער אין די האנט. דער ארעם איז מיר איינגאנצען אפגעשוואכט געווארען. איך האב געטראכט, אז אמבעסטען וועט זיין אנידערצופאלען און זיך מאכען טויט. אזוי האט אונז געלערענט אונזער מאיאר אויפ'ן שלאכט-פעלד. איך בין געפאלען. אבער עמיצער האט זיך געזעצט אויף מיר און מיר דערלאנגט א קלאפ, פערשטופענדיג מיר ס'מויל. עס קען זיין, אז עס זענען געווען צוויי. איך האב נישט נעזעהן, ווייל איך האב נישט געקענט זעהן אויף די אויגען. זיי האבען זיך געמיזט ווארפען אויף מיר פון א זייטיג טויער. איך בין אינגאנצען געווען פערטויבט.

וואס עס איז ווייטער געשעהן, געדענק איך שוין ניט גענוי. איך האב דערהערט עפיס טריט. מען האט מיך אויפגעהויבען. דאס איז געווען מיין קאלעגע. איך האב איהם שנעל איבערגעבען, וואס עס איז געשעהן. ער איז געלאפען ווייטער אויף דער גאס. דערנאך איז געקומען א צווייטער. איך האב געפרעגט הויך:

— פאליציי?

— יא! האט ער געענטפערט.

— לויף לינקס! האב איך געשריגען.

— איך האב מיך בעוואויגען אויפצושטעלען און איך האב מיך איבערגעצייגט, אז מיינע וואונדען זענען נישט אזוי געפעהרליך. בלויז די אויגען האב איך נישט געקענט עפענען. מען האט מיר געשיט אין זיי פעפער. איך בין געגאנגען, טאפענדיג מיט די הענט. איך האב גארנישט געזעהן.

ווערענדיג געפיהרט פון טומעל, בין איך אַנגעקומען אויפ'ן אָרט פון פערברעכען. איך האָב געהערט, ווי עמיצער רעדט און אַ פרויען־קול האָט געענטפערט.

— וואָס איז געשעהן? — האָב איך געפרעגט.

— דאָס קול האָט געענטפערט:

— מיין קאָלעגע זאָגט, אַז מען זאָל אַרעסטירען די פרוי.

— ווער זענט איהר? — האָב איך געפרעגט.

— דאָס פרויען־קול האָט געענטפערט:

— איך בין אַנ'אַרטיסטקע, אַ פריינדין פון הער ווינטער. וואָס ווילט איהר פון מיר?

איך האָב דערויף זיך אָנגערופען:

— אויב עמיצער זאָגט, אַז מען דאַרפט זי אַרעסטירען, אַרעסטירט זי!

זי האָט זיך פערטיידיגט און געשריגען:

— איך וויל זאָפאָרט רעדען מיט'ן הער פּראָקוראָר ווענק

— שפּעטער! — האָט דער בעאַמטער געענטפערט דעמאָלט האָט זי געוואָלט ענטלויפען. דאָס אַלץ איז צוגעגאַנגען שנעלער, ווי איך דערצעהל. דער קאָלעגע האָט זי געמוזט בינדען — אַזוי שטאַרק האָט זי זיך נישט געלאָזט אַרעסטירען. איך האָב אפילו געהערט, ווי זי האָט געשריגען „געוואַרג!“.

מעהר ווייס איך נישט. דערנאָך בין איך געוואָרען בעוואוסטלאָז און מען האָט מיך אוועקגעפיהרט אין אַ קאַ־רעטע אין שפּיטאָל. איך בין שווער קראַנק צוליב'ן בלוט־אָפּפלוס. הער פּראָקוראָר, זאָגט מיר. איך בעט אייך, צי איך מוז שטאַרבען.

דער אָנוועזענדער דאָקטאָר האָט זיך צולאַכט.

— ניין, דער הער פּראָקוראָר אליין מוז מיך פערזיכערן. דער דאָקטאָר זאָגט שטענדיג, אַז עס איז נישט געפעהרליך.

אָבער דער פּראָקוראָר האָט זיך ניט געלאָזט:

— ווי קענסטו, דאָס, טראַכטן וועגן טויט? האָסט געקריגן עטליכע פּעסטע מעסער-שטעך און אַ פּאָר בײַלן. דערפֿון שטאַרבט ניט קײן מאַנספּערשױן.

— הער פּראָקוראָר, איך האָב ערפֿילט מײַן פֿליכט! — האָט זיך דער פֿאַרוואונדעטער אָנגערופֿען. זײַן קול האָט גענומען ציטערן, דער ביז איצט אָנגעשטרענגטער ווילן האָט געפּלאַצט און האָט זיך אויסגעגאָסן אין שטילע טרערן און אין קרעכצן.

— מײַן... ווײס... איך... ניט!.. מײַן פֿליכט האָב איך... ערפֿילט!

— דו דאַרפֿסט אונז ניט פֿערזיכערן וועגן דעם — האָט ווענק געזאָגט — ווער עס שטעלט אײַן קאָן זײַן נפש, ערפֿילט שטענדיג זײַן חוב. מעהר ווערטער קאָן מען ניט טון. אָבער, הער באָס, אײַן זאַך מוז איהר מיר צוזאָגען. געבענדיג מיר די האַנד: קײנעם זאָלט איהר ניט דערצעהלען וועגן דעם, וואָס איהר האָט הײַנט איבערגעלעבט און געזעהען... אויך איך, הער דאָקטאָר, בעט איך. דאָ געהט וועגן אַן אונגעהײַערן פֿערברעכער. איך בעט אײַך צו געדענקען. דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגן אײַן פֿערברעכען, נאָר וועגן אַ גאַנצן פֿערברעכערישען דור...

פֿון פּאָליצײַ-בעאַמטען, וואָס האָט דער ערשטער זיך געפֿינען אויפֿ'ן אָרט, האָט זיך ווענק'ן נאָך אײַנגעגעבען צו דערוויסען, אַז ער האָט געזעהען עטליכע געשטאַלטען, וואָס האָבען זיך געשאַרט נעבען דער מויער. די פֿינסטערניש האָט ניט געלאָזט זעהען, וויפֿיל זײַ זײַנען. מען האָט ניט געקאָנט באַמערקען, ווי זײַ זעהען אויס. אײַנער פֿון די באַפֿאַלענע האָט זיך אָפּגעשטעלט און אָנכאַפּענדיג איהם פֿאַר דער מאַרינאַרקע, האָט ער עטליכע מאָל אויסגערופֿען:

— די פֿרוי, די פֿרוי דאַרף מען אַרעסטירען! — ראַן

איז ער אַ בער'חלש'מער אַנידערגעפאַלען.

— עֶשֶט הערנאָר, — האָט דער בעאַמטער ווייטער דער־צעהלט — האָט ער מיך אָפּגעלאָזט. און איך בין צו צו דער מויער, אָבער דעמאָלט איז שוין קיינער נישט געווען. די פּער־ברעכער האָבען זיך געמוזט איינער דעם אַנדערען העלפען בײַם אַראָפּשפּרינגען די מויער. איך האָב געוואָלט נאָך זיי. אָבער די מויער איז געווען צו הויך. דאַן בין איך צוריק אויפ'ן אָרט פון פערברעכען.

— און די פרוי? — האָט געפּרעגט ווענק — וואָס איז מיט איהר געשעהען?

— איך האָב געהאַט דעם איינדרוק...

— ניין, הער שטאַט, נישט אייער איינדרוק דאַרף איך, נאָר דאָס, וואָס איהר האָט געזעהען מיט די אייגענע אויגען און געהערט מיט די אייגענע אויערען.

— ווען איך בין צוריקגעקומען, האָט מיין קאָלעגע פעסט געהאַלטען די פרוי. איך האָב געשריגען: אַרעסטיר זי. אַרעסטיר זי! אויף יעדען פאַל. האַלט פעסט! לאָז נישט אָפּ! מיר זענען געווען שטאַרק אויפגערודערט. זי האָט גע־רופען:

— איך וויל רעדען מיט'ן הער פּראָקוראָר ווענק!

און האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. מיר האָבען איהר געבינדען די הענד. מיר זענען געווען בלויז צוויי מענשען, און מיר האָבען נאָך געמוזט העלפען דעם בעפאַלענעם און פערוואונדעטען חבר. מיר האָבען נאָך דעמאָלט נישט גע־וואוסט, וואָס עס איז געשעהען. ערשט שפּעטער קאָבען מיר בײַדע...

— בײַדע?... דערצעהלט בלויז דאָס, וואָס איהר אַליין האָט געזעהען.

דערנאָך האָב איך מיך געפּרובט כאַפּען, וואָס עס איז געשעהען. איינער איז געלעגען אויפ'ן ברוק און אַ טײַך בלוט. ער האָט אויסגעזעהען טויט. ער איז געווען פערגליווערט. אַ צווייטער האָט געקרעכצט. דעמאָלט איז אָנגעקומען אַ דריי־

טער פּאָליציאַנט. מיר האָבּען איהם געשיקט צום טעלעפאָן ער זאָל אַריינרופען די פּאָניאָמאָווע און מיטטיילען דער קרימינאַל־פּאָליציי און דעם העך פּראָקוראָר וועגען מאָרד. דערוועגען האָט געבּעטען קאָלעגע באָס. דאָס האָט מען קודם כל געדאַרפט טון — אַזוי האָט ער געראַטען.

— און וואָס האָט דורך דער דאָזיגער צייט געטון די פרוי?

— דער צווייטער קאָלעגע האָט זי אָפּגעפיהרט צו דער וואַך.

— רייסט דערזייל איבּער אייער דערצעהלען, העך שטאַס, ביז איך וועל איבּערערעדען מיט'ן אַנדערען פּאָלי־ציאַנט. ווי הייסט ער? און איהר וועט דאָ זיין גרייט. קיין איין וואָרט נישט וועגען דעם פּאַרפאַל, אַ חוץ אין דער קרי־מינאַל־פּאָליציי. איך נעהם פון אייך דאָס עהרען־וואָרט. אפילו נישט אייער אייגענער פרוי.

— צום בּעפעהל, העך פּראָקוראָר. דער קאָלעגע הייסט וואַסערשמידט.

עס איז געקומען וואַסערשמידט.

— איהר האָט די היינטיגע נאַכט אַרעסטירט אַ פרוי, וואָס האָט זיך געפינען אויף דער גאַס בעת'ן אָנפאַל אויף די צוויי מענשען. פאַרוואָס האָט איהר עס געטון? — האָט גע־פרעגט ווענק.

— וויל דער פּאָליציאַנט שטאַס האָט דערצעהלט, אַז איינער פון די בּעפאַלענע האָט איהם אַזוי געהייסען, איידער ער איז געפאַלען אין חלשות. און אויך קאָלעגע באָס האָט מיר דערצו צוגערעדט.

אין דער זעלבער סעקונדע האָט אין דער קאַנצעלאַריע פון דער אויספאָרשונגס־פּאָליציי, וואו ווענק האָט זיך יעצט געפינען, אַ קלונג געטון דער טעלעפאָן. ווענק האָט גענומען אין דער האַנד דעם הער־אַפּאַראַט.

— בּיטע! — האָט ער געזאָגט.

— דאָ רעדט דער נאַכט־רעדאַקטאָר פון „קוריער". מיר

האָבען זיך מיט אַ ווײַלע צוריק דערוואוסט ווענען אַ מאַ־ד...
— ערלויבט, — האָט װינק איבערגעריסען אַ צוריינג מער — ווער האָט אײַך מיטגעטײלט ?
— איך קאָן אײַך דערוועגען מיטטײלען אָהן אָנצורירען די רעדאַקציע־סודות. די מיטטײלונג איז געקומען אויף אַנ׳ אַנאָנימען וועג. עס האָט אָנגעקלונגען אונזער נאַכט־גלאָק. איך בין צו צום פענסטער און האָב געזעהען אַ מאַן, וואָס האָט זיך דערווײַטערט. אַז איך האָב געעפענט דאָס פענסטער און געפרעגט, וואָס עס איז געשעהען, האָט ער אַרויפגע־שריגען צו מיר: „אין בריף־קאַסטען!“ איך בין אַראָפּ אויף דער גאַס. אין קאַסטען איז געלעגען אַ בריף, אין וועלכען עס איז מיטגעטײלט געוואָרען וועגען אַ מאָרד.
— וועט איהר מיר ניט וועלען דעם בריף וואָרט בײַ וואָרט איבערלייענען ?... דאָ רעדט פּראָקוראָר ווענק.
— נאַטירליך, הער פּראָקוראָר. איין סעקונדע.... אָט האָט איהר: „היינט בײַנאַכט איז דער קאַפּיטאַליסט בענגע־דיקט ווינטער בעפאַלען און ערמאָרדעט געוואָרען אויף דער יעגער־גאַס. דעם פערברעכער האָט זיך אײַנגעגעבען צו ענט־לויפען. עס האַנדעלט זיך דאָ, ווײַזט אויס, וועגען אַ נקמה־אַקט. דר ערמאָרדעטער האָט מפּצרקעהרט אין די שפּיל־קרייזען.“... מעהר גאָרנישט.
— ווײַסט עמיצער, אַ חוץ אײַך, אין דער רעדאַקציע וועגען דעם בריף ?
— קיינער ניט.
— קאָנט איהר מיר פערזענליך איבערגעבען דעם בריף? איך שיק אײַך זאָפאָרט דעם אַמטליכען אויטאָ.
— הער פּראָקוראָר, דאָס איז שווער. איך בין דאָ אַליין, איך מוז ענדיגען דעם נומער. איך האָב נאָך צו שרײַבען מעה־לדונגען.
— ווי איז אײַער נאָמען, רעדאַקטאָר ?
— גרובע.
— גוט, הער גרובע, דאָס איז ניט שווער, אויב איך ער־

פלעגער איך קאַטעגאָריש, אַז איינער וויזיט ביי מיר האָט אַנ־
אונגעוועהנליך וויכטיגע בעדייטונג, און דאָס איז פיל וויכטי־
גער, ווי דאָס, וואָס די לעזער וועלען מאָרגען לייענען נאָך
עטליכע ידיעות וועגען דעם, צי אויפ'ן אינזעל האאיטע האָט
אַ וואָלקען פערגאָסען צוויי סטאַדעס גענז...

— מיין פליכט איז...

— איהר וועט נישט נעמען פאַר אומגוט, אויב איך וועל
אייך צוליב מאַנגעל אין צייט בלויז ערקלערען, אַז אין דער
איצטיגער סעקונדע איז שוין צו אייך אַוועק אַנ'אויטאָמאָביל,
וואָס וועט אייך ברענגען צו פיהרען. דער בעאַמטער בעזיצט
אַלע פולמאַכטען. שליסט די רעדאַקציע פון די נאַכט־דעפּע־
שען — בעט איך אייך — אַזוי, אַז דער נומער זאָל ערשיי־
נען אָהן דער ידיעה וועגען מאָרד, וועגען וועלכען איהר האָט
מיר מודיע געווען. צום ווידערזעהן, הער גרובע. כ'האָב גע־
ענדיגט.

וויינק האָט געשיקט אַנ'אויטאָ.

— נו, הער וואַסערשטירד, ביטע ווייטער רעדען. די
דאַמע האָט אייך אַרויסגעוויזען אַ ווידערשטאַנד. ווי אַזוי?

— זי איז געלאָפען עטליכע טריט פאָראויס, ענטלוי־
פענדיג פון מיר צו דער מויער פון פּאַלאַץ, וואו עס זענען
ענטלאָפען די פערברעכער און האָט אויסגערופען: געאָרג!

— האָט איהר עס געהערט?

— זעהר דייטליך. זי האָט דייטליך אויסגערופען: גע־
אָרג! און אַזוי ווי זי האָט געריסען זיך צו דער מויער, האָב
איך נישט געמאַכט מיט איהר קיין קונצען און איהר געבונ־
דען די הענד.

— וואָס האָט זי דאַן געטון?

— דערנאָך האָט זי זיך בערוהיגט און זיך געלאָזט
אַוועקפיהרען. אויפ'ן וועג האָט זי בלויז געזאָגט:

— איך וועל מן הסתם באַלד קאָנען רעדען מיט'ן הער
פּראָקוראָר וועגס.

איך האָב איהר געענטפערט:

— איהר וועט מוזען ווארטען, ביז דער הער פראָקוראָר וועט מאָרגען עסען פרישטיק.

— אפשר טעלעפאָניש? — האָט זי דאן זעהר העפליך געבעטען.

איך האָב איהר געענטפערט:

— אוּן דאָס קאָן נישט זיין!

— און שפּעטער? וואו איז די דאָזיגע דאַמע?

— זי געפינט זיך נאָך ביי דער וואך. שפּעטער האָט זי נערעדט גאַנץ רוהיג. זי האָט געזאָגט:

— עס איז זעהר אַ מיאוס'ע מעות פון אייער זייט, ליבער פריינד. איך האָף, אַז איך וועל נישט דאַרפען מעהר ווי אויסטוישען עטליכע ווערטער מיט'ן הער פראָקוראָר און די זאַך וועט אויפגעקלערט ווערען. סוף כל סוף פּערפילט איהר בלויז אייערע פליכטען. איך האָב זיך געפונען צוזאַמען מיט די בעפאַלענע הערען און אויך — דער הער ווענק איז געוועזען צוזאַמען מיט אונז. ער איז נאָר בלויז פריהער ארויסגעגאַנגען. איך האָב איהר בלויז געענטפערט:

— איהר מוזט צוּוואַרטען!

— האָט איהר נישט צופעליג געזאָגט, פאַרוואָס איהר אַרעסטירט זי?

— קיין וואָרט נישט!

— דאָס איז גוּט. געהט אַריין אין אַנדערען צימער.

ווענק האָט אויך אַריינגעבעטען דאָרט די אַנדערע פּאַ-ליציאַנטען. עס איז אָנגעקומען דער רעדאַקטאָר. אויפ'ן אָרט, מיט אַ הויך קול, האָט ער פּראָטעסטירט געגען דער „געוואַלד-טאַט, וואָס די מאַכט בעגעהט געגען דער פּרעסע, אַ געוואַלד-טאַט, צוליב וועלכער די צייטונג...

— אויב אייער צייטונג עקזיסטירט בלויז צו דעם, כדי זי זאָל אויספּלוידערן פאַר די לעזער יעדע פּאַסירונג, וואָס איז נישט אמת, און איז איבערגעגעבען געוואָרען אַלס פליאָט-קע... זאָל עס זיין אַ מאָרד, אַ ליבעס-קאַטאַסטראָפע, אַ גנבה — דאַן, דאַן איז אייער פּראָטעסט אַ געלעכטער! איהר האָט

אָבער נישט קיין שום רעכט צו מאַדלען די מאַכט, וואָס עק־זיסטירט אויך דערצו, כדי צו טון עפּיס פּיל ווילט־גערעם — נישט צו לאָזן נאַרישע לעזער צו צאַצקען זיך מיט פּליאַט־קעס, וואָס שטערן אַנדערע ערנסטע זאַכן...

— איהר... איהר... — האָט דער רעדאַקטאָר געברומט אַנ׳אויפגערעגטער — איהר ווילט דער פּרעסע פערמאַכען דאָס מויל! מיר לעבען שוין נישט, צום גליק, אין די אַכאָ־ליגע צייטען! דער בונדעס־פּאַרלאַמענט...

— איהר וועט מיר מוחל זיין, אָבער איך האָב נישט קיין צייט צו פערנעהמען זיך יעצט מיט׳ן בונדעס־פּאַרלאַ־מענט, איהר וועט אַזוי גוט זיין און מיר אָפּגעבען דעם בריף, וועגען וועלכען איהר האָט מיט מיר גערעדט דורכ׳ן טעלע־פאָן.

— איך בעדויער זעהר, — האָט דער רעדאַקטאָר גע־ענטפערט מיט אַ זיגערישער בימרעקייט — אָבער דאָס איז אַ געהיימניס פון דער רעדאַקציע.

— איהר וועט מיר מוחל זיין, הער גרובע, איהר מאַכט אייך פאַר אַ פּאַיאַץ! איך רעספּעקטיר יעדעס געהיימניס פון דער רעדאַקציע, אויב זי שיצט די אינטערעסען פון כלל. אַבער אייער אָפּזאָג שטערט זיי נאָך. איידער איך וועל דאָס רעדאַקציע־געהיימניס אַרויסקריגען פון אייער קעשענע מיט צוואַנגס־מיטלען, מאַך איך אייך אויפמערקזאַם אויף דעם בועל יוצא פון שטעלען אַ ווידערשטאַנד דער מאַכט — און אַ חוץ דעם זאָג איך אייך בלויז דאָס, אַז אייער בריף איז דערוועיל דער איינציגער דאָקומענט, וואָס מיר האָבען אין שייכות מיט׳ן מאָרד, וועלכער איז אויסערגעוועהנליך פער־פּלאָנטערט און בעדראָהט נאָך פיל מענשען... אפשר וועט דאָס אייך בעקעהרען דעם שכל, און איהר וועט נישט וועלען מיט אייער ווידערשטאַנד שיצען די פליכטען פון אייער פאַך, וואָס איך — ביטע מיר צו גלויבען — אַכט זעהר.

גרובע האָט פערלוירען זיין פעסטקייט. ווי אויסציהענדיג זיך, האָט ער געזוכט אין די טאַשען. ענדליך האָט ער אַרויס־

געצויגן אַ פּאַפּיר, מורמלענדיג:

— אָבער נישט אָהן פּראָטעסט...

— האָט איהר אָנגעקוקט דעם מענש, וואָס האָט אייך דעם בריף געבראַכט? אפשר האָט איהר עפּיס בעמערקט?

— פון מיין צימער אויף דער גאַס אַרויס איז געפאַלען אַ שוואַכער שיין. עס דאַכט זיך בלויז, אַז ער איז געווען גוט אָנגעטאָן. יעדענפאַלס האָט ער געטראָגן אַ צילינדער. ווען ער האָט זיך דערווייטערט האָב איך פון דער זייט, וואו ער איז פערשוואונדען, געהערט דאָס געוויש פון אַן אויטאָ. איך בעהם דערנבער אָן, אַז מיט'ן זעלבען אויטאָ איז ער געלם געוואָרען.

— הער גרובע, איהר ווערט זיין אַזוי העפליך און מיר איבערלאָזען דעם בריף. איהר ווערט זיין אַ הויפּט-עדות אין איינעם פון די סענסאַציאָנעלסטע פּראָצעסען פון די לעצטע יאָהרען. דאָס, גלויב איך, וועט זיין אייער לוין. אָבער איצט מוזט איהר מיר געבען אייער עהרענוואָרט, אַז איהר וועט קיין איין וואָרט נישט לאָזען פאַלען וועגען בריף און וועגען אלץ, וואָס האָט צו איהם אַ שייכות.

גרובע, וועלכען עס האָט אַרומגעכאַפּט אַ שוידער פון די געהיימניסען, אין וועלכע דער פּראָקוראָר האָט איהם אויך געמאַכט פאַר אַן'עדות, האָט, אַ בּעגייסטערטער דערפון, וואָס ער איז אויך אַריינגעמישט געוואָרען, אויסגערופען אויפ'ן קול:

— אַט אַזוי איז עפּיס אַנדערש! איך בין אינגאַנצען צו אייער דינסט, הער פּראָקוראָר! איך גיך אייך מיין וואָרט!

— מיין אויטאָ וועט אייך אָפּפיהרען. נאָך אַ בּיטע. איהר וועט אַזוי גוט זיין און מיטטיילען אייער הויפּט-רעדאַקטאָר, אַז איך וויל מיט איהם רעדען, ווען ער וועט נאָר געפינען צייט פאַר מיר.

דער רעדאַקטאָר איז אַוועק.

VII

ווענק איז געבליבען אליין. אינגערליך איז ער געשוואַן

אינגאַנצען קאַלט. עס האָט זיך איינגעגעבן איהם צו באַזי־
גען אין זיך אַלץ, וואָס האָט אויפגערודערט זיין מיטגעפיהל
פאַר די ליידען און קרבנות פון פערברעכען.

ער האָט גוט פערשטאַנען די סיבה פון מאָרד. דאָס איז
נישט געווען קיין נקמה־אַקט. עס איז געווען עפּיס ערגערס
און געפעהרליכערעס דערפון. דאָס איז געווען מעראָר! דאָס
האָט געזאָגט דער בריף צו דער צייטונג, וואָס האָט געוואָלט
איבער דעם קאָפּ פון דער קרימינאַל־פּאָליציי מיטטיילען אויף
זיין שטייגער דער עפענטליכקייט. עס איז געווען אַ טעראָר,
וואָס איז געווען געווענדעט געגען אַלע, וועלכע האָבען זיך גע־
האַלטען אַלס קרבנות פון שפּילען מיט דער בלאָנדער באָרד.

וואָס פאַר אַ מטורגער שפּילער עס מוז זיין דער, וואָס
האָט אינפאָרמירט די פּרעסע וועגען מאָרד אין זין, ווי ער
האָט געוואָלט! וויפיל מוז ער אויסהאַלטען מענשען, וועלכע
האָבען געקאָנט אויספיהרען אַזאַ חוצפּה׳דיגען און דרייסטען
מאָרד! וואָס פאַר אַ מענשען זענען עס געווען, וועלכע האָ־
בען איהם אַזוי בלינד געפאָלגט?

ווינטער איז אומגעקומען, וויל ער האָט זיך דערוועגט
איבערצוגעבען אַ פאָרשטעהער פון דער מאַכט זיין פּאַסי־
רונג מיט׳ן אונטערגעשריבענעם חוב. דער העך באַלינג האָט
דערמיט געוואָלט געבען אַ ביישפּיל, וואָס עס דראָהט די, וואָס
זענען אַרויסגעטרעטען געגען איהם. אפשר איז — און דאָס
איז זעהר וואהרשיינליך — דער אָנפאַל אויך געפּלאַנט גע־
װען געגען איהם, און ער, ווענק, האָט זיך געראַטעוועט דער־
מיט, וואָס דער עקעל פון יענעם שפּיל־הויז האָט איהם בעצ־
ציימענס אַרויסגעטריבען.

איצט איז געווען אונמעגליך, צוליב טאַקטישע סבות,
צו שליסען דאָס שפּיל־הויז „פּאָרטעצא". מען מוז די דאָזיגע
געסט, ווי פיל אַנדערע אַזעלכע געסטען, נישט אָנריהרען און
זיי האַלטען אַלס פולאַפּקעס.

— און קאַראַזאַ? — האָט זיך ווענק געפרעגט — וועל
איך זי קאָנען צווינגען זי זאָל אויסגעבען די, וועלכע זי דינגט?

און וואָס זאָל זי אויסגעבען ? ווענען זאָל זי פֿערראַטען ? און ווען אפילו איך וועל קריגען פֿון איהר דעם נאָמען און אויך די אַדרעס... וועל איך דען דערמיט קאָנען יענעם באַפֿען ? ווי אַזוי וועל איך פּאַראַליזירען די שריט, וואָס יענער בעטעט אונטער געגען מיר ? !...

איך וועל נישט געהן גלייך צו קאַראָזאַ. איך וועל זי לאָזען אַ ביסעל זיצען אין דער תּפיסה — זאָל זי וואַרטען! דעמאָלט וועט זי פֿערשטעהן, אַז זי קאָן נישט ערוואַרטען קיין שום גוטס. זי איז אַ פֿערברעכערישער טיפּ, אַ צולאָזטע... זי וועט נישט קאָנען אויסהאַלטען לאַנג צו זיצען און דערמיט וועט זי אפשר ווערען נאָכגיביגער — נאָר צייט!

אָבער נאָך אַ ישוב הדעת האָט וועגק בעשלאָסען פּונקט פֿערקעהרט. ניין! — האָט ער צו זיך געזאָגט, — איך וועל האַנדלען אַנדערש. איך וועל בעהאַלטען מיין פֿערדאַכט מיט אַ מיטגעפֿיהל צו איהר. זי איז כּיטרע, אָבער גלייכצייטיג איז זי אַן'אַקטיאָרקע. וואָס בעסער עס וועט זיך מיר איינ־געבען צו פֿערשטעלען די קוליסען פֿון די געשעהעניששען, וועלכע האָבען געבראַכט צו איהר אַרעסט, אויסדריקענדיג דערביי מיין טיפֿסטע בעדויערונג און מיטגעפֿיהל צו איהר, אַלץ מעהר וועל איך קאָנען עפּיס געוואָהר ווערען פֿון איהר.

און ער איז גלייך געפֿאָהרען צו דער וואַך, געגעבען וועל־כער עס האָט זיך געפֿינען אַ קליין הויז, וואו עס האָבען זיך געפֿינען אַרעסטאַנטען אַ טאָג, איידער זיי זענען איבערגע־פֿיהרט געוואָרען אין טורמע.

קאַראָזאַ איז געזעסען אויף אַ שטוהל אין אַ צעלע.

וועגק האָט זי בעגריסט מיט אָפֿענע אָרעמס:

— איהר... איהר... וואָס האָט מען אייך געטוהן ? !

ערשט יעצט האָט מען מיר טעלעפֿאָנירט... ווי גוט איהר האָט געטוהן, וואָס איהר האָט דערמאָנט מיין נאָמען!

— אָ, פּראָקוראָר! איהר זענט אַ מלאך, וואָס האָט גע־בראַכט ליכט אין מיין פֿינסטערע קאַמער! לאָמיר פֿערלאָ־זען אָט דאָס אָרט! בּאַלד! איך קאָן דאָ לענגער קיין סע־

פּונרע נישט אָטעמען! עס איז שרעקליך!

זי איז צוגעלאָפן צו דער מיר.

— איך מוז אייך, ליידער, זאָגן עטליכע ווערטער, וואָס וועלען אייך ענטטוישען און וואָס איך האָב מורא אייך צו זאָגן. מיר לעבען אין אַ מלוכה־אָרדנונג. עס זענען דאָ אין איהר בעאַמטע, וואָס יעדער פון זיי האָט זיין געביט פון מעטינקייט און עפּיס אַנדערש, ווי זיינע אויפגאַבען, קאָן ער נישט טון. איך בין אַ פּראָקוראָר. אָבער אַ פּראָקוראָר איז געמאַכט דערצו, אַז ער זאָל בעשולדיגען, אָבער נישט דערצו, אַז ער זאָל בעפרייען אונשולדיגע.

— און דעריבער? — האָט זי מיט איינמאָל געפרעגט מיט אַ האַרט קול.

דער דאָזיגער מאָן האָט וועַנק'ן געוואָרענט. ער האָט איהם געצוואונגען צו ווערען זאַכליכער.

איינער עניין איז קודם כל אָפּהענגיג נישט פון מיר, נאָר פון אויספאָרשונגס־ריכטער. איהר מוזט מסכים זיין דערמיט, אַז איהר וועט ווערען פון איהם אויסגעהערט. דאָס איז צום בעדויערן. אָבער דער צופאַל מיט'ן מאָרד, וואָס איז געשעהן אין יענער נאַכט, איז דערין שולדיג.

— און איהר? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ... איך! איך וועל נישט קאָנען טון מעהר, ווי דערמאָהנען דעם ריכטער, אַז מיר זענען אַלטע גוטע פריינד און איך האַלט אייך נישט פאַר פעהיג אַנטוויל צו נעמען אין וועלכען עס איז פערברעכען.

— טאָ צו וואָס זענט איהר געקומען? איהר זענט דאָך נישט קיין אויספאָרשונגס־ריכטער!

וועַנק האָט פערשטאַנען, אַז זי האָט זיך דערקענט אויף זיינע כונות ער האָט בפירוש געזעהען, ווי זי גלימשט זיך אַרויס פון זיינע הענד, אָבער ער האָט געוואוסט עפּיס מעהר — זי איז שולדיג!

— איך קום צוליב אַ קלייניגקייט, — האָט ער שנעל געזאָגט — איך וויל אייך העלפען. איהר האָט אַרויסגעוויזען

אַ ווידערשטאַנד אַ בּעַאמטען!

— וועלכע פרוי וועט זיך אָהן ווידערשטאַנד לאָזען צוּ רייסען פון די נעגעל פון די פּאָליציי=הינד?

— יאָ, זיכער, די לאַגע איז געווען שולדיג דעריין, וואָס איהר האָט געהאַנדעלט אָהן איבּערגעלעגטקייט, און געצוואונגען די אַגענטען אָנצונעמען... געוואַלד=מיטלען!

— איך בּין אַ בּעקאַנטע ארטיסטקע. מיין נאָמען דאַרף זיין גענוג!

— יאָ... יאַ... געוויס! אָבּער צי האָט איהר דערמאָנט אייער נאָמען?

— נאַטירליך! תיכּף!

— דאָס איז מאָדנע! מען האָט מיר גאָרנישט געזאָגט דערוועגען. מען האָט מיר פאַר דאָס איבּערגעגעבּען אַן'אַנדערען נאָמען, וואָס איהר האָט געזאָלט האָבּען אויסגעשריגען.

דאָ האָט וועניג בּעמערקט, ווי קאַראָזאַ האָט געוואָרפען אויף אידם אַן'אויספאָרשענדיגען בּליק, פול מיט האַס. אָבּער בּאַלד האָט זי זיך בּעהערשט און בּלויז מיט די פינגער גע־קלאַפּט אונגעדולדיג אויף די קניה.

— אַן'אַנדערען נאָמען! אונגעוועהנליך! מיין נאָמען איז גענוג בּעקאַנט. אפילו געזוכט! וואָס איז דאָס געווען פאַר אַן'אַנדערער. מאָדנער נאָמען, וואָס איך האָבּ אויסגערופען?

— דער בּעאַמטער זאָגט: גענאַרג.

אויף דעם פּנים פון דער פרוי איז נישט פאַרגעקומען קיין שום ענדערונג.

— נו, האָט ער שלעכט געהערט. איך הייס, ווי עס איז אייך גוט בּעקאַנט, נישט גענאַרג!

— אָבּער... דער צווייטער פּאָליציאַנט האָט אויך גע־הערט דעמזעלבּען נאָמען פון אייער מויל. און דאָס איז שוין אַ קאָמפּליצירטער ענין!

— מאָדנע! — האָט קאַראָזאַ זיך אָנגערופען און אַ ווילען איום. — מיין מאַן האָט געהייסען גענאַרג. זאָל איך

איהם האָבען דערמאָנט אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג?

— אָ, דאָס קלערט שוין אויף די זאך! דאָס איז שוין פערשטענדליך! בלויז קיינער ווייסט נישט, אַז איהר זענט געווען פערהייראַט.

— נישט געווען!... איך בין פערהייראַט!

— איהר זענט אַ פערהייראַטע פרוי? אָ, דאָס איז שוין עפּיס אַנדערש! זאָל איך נישט מיטטיילען איבער דאָס? אָדער אפשר לעבט איהר נישט מיט איהם?

— יאָ... איך לעב יאָ מיט איהם... זיין אַדרעס איז: פראַנקפורט בײַם מײַן, לאַנדעשענהײַמער-גאַס 234. ער הייסט געאָרג שטרימפּלי.

— דאָ סוועט איהר פערשאַפען ענמת-נפש! אָבער צי האָט איהר נישט מורא פאַר וועלכע עס איז אונאַנגענעהמ-ליכקײַטען דערפאַר, וואָס אײַער נאָמען וועט אויך עפענט-ליך דערמאָנט ווערען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מאָרד אי-בער ווינטער'ן?

קאַראָזאַ האָט פּלוצלינג אויפגעעפענט דאָס מויל פון איי-בערראַשונג, איז צוריקגעפאַלען אויף דער שטוהל און אַ געשריי געטאָן:

— וואָס? ווינטער איז... ערמאָרדעט געוואָרען?! — און פון איהר שטוהל איז זי אַראָפּגעפאַלען אויף דער פּאָד-לאָגע..

אַ ווײַלע איז וועגס געשטאַנען אין אַן'אונזיכערער פּויזע. דערנאָך האָט ער בעמערקט, אַז ער דאַרף נישט גלויבען אין דער אַרטיסטקע'ס אָנפאַל. ער האָט זי אַרויפגעלעגט אויפ'ן בעט און אַרוים, נישט זאָרגענדיג זיך מעהר וועגען איהר.

ער האָט בעפוילען דעם וועכטער גוט אַכטונג צו געבען אויף דער דאַמע און קײנעם נישט לאָזען זיך זעהען מיט איהר, אפילו נישט אין דער קאַנצעלאַריע פון דער תפיסה. דאָס געוועהר בײַ דער טיר פון איהר צעלע האָט שטענדיג געדאַרפט זײַן גרייט.

ער איז צוריקגעפאָהרען צו דער הויפט-פערוואַלטונג פון

דער קרימינאַל-פּאָליציי, האָט מיטגעטיילט דעם פּאָליציי-דאָקטאָר און איהם געבעטען ער זאָל באַלד אַוועק צו דער קראַנקער דאַמע אין דער תּפיסה און, אגב, זאָל ער, אָהן איהר ווייסען, רעוויזירען איהר קלייד. דערנאָך האָט ער גע-שיקט אַ בעפעהל וועגען אַרעסטירען די קאַראָזאַ אויף גוט און ער האָט דעם בעפעהל תיכּף אַרויסגעשיקט. ער האָט נאָך מיטגעטיילט דעם פּאָליציי-אינפאָרמאַציאָנס-ביוראָ, אַז יעדער זשורנאַליסט, וואָס וועט בעטען ידיעות וועגען פאָר-פאַל, זאָל מען גלייך שיקען צו איהם, נישט זאָגענדיג איהם קיין שום זאַך.

עס איז צוגעפאַלען די נאָכמיטאָג-שעה. ווענק האָט גע-נומען אַ קאַלטע באָד. דערנאָך איז ער אַוועק אין דער רע-דאַקציע פון „קוריער“. דער הויפּט-רעדאַקטאָר האָט שוין געהאַט טעלעפאָנירט צו איהם.

דערציילענדיג וועגען געשעהענעם מאָרד, האָט ווענק געזאָגט:

— דאָס, וואָס האָט מיר געצוואונגען צוצונעמען אייער טייערע צייט, איז אָט וואָס: ווען דאָ וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ געוועהנליכער מאָרד-טאַט, וואָלט איך פון מיין זייט נישט געמאַכט קיין שטערונגען, אַז אַלע איינצעלהייטען זאָ-לען פערעפענטליכט ווערען אין פּרעסע. אָבער הינטער דעם דאָזיגען אָנפאַל בעהאַלט זיך אַ גאַנצע באַנדע, וואָס אין איהר שפּיץ שטעהט, ווייזט אויס, אַ מענש, וועלכער איז בעגאַבט מיט אַ גרויסען פערברעכערישען פּילזייטיגען טאַלאַנט. כּדי צו קאָנען פיהרען זיין פערברעכעריש לעבען, האָט ער גע-שאַפען אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע, וואָס איהר איינציגער ציל איז צו פערטיידיגען איהם געגען דער מאַכט. דער בריף, וועל-כען ער האָט וואַהרשיינליך אַליין אַריינגעוואָרפען אין קאָם-טאָל, דערציילט דייטליך, אַז די מערדער איז שטאַרק גע-גאַנגען דערין, דאָס זיין שענדליכער מאָרד-טאַט זאָל ווע-רען רעקלאַמירט. דערמיט וויל מען וואָרענען. דער ערמאָר-דעטער האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז מען האָט איהם

שוין איינמאָל געוואָרענט נישט צו האָבען צו טון מיט קיין פּאָליציי. ער האָט געוואוסט, וואָס איהם דראָהט!... און איצט וויל דער פערברעכער מעטיג זיין אין דער פינסטער־ניש, אויסבויענדיג ארום זיך אַ וואַנד פון טעראָר. די מענ־שען דאַרפען וויסען, אַז קיינעמ'ס לעבען איז נישט זיכער, אויב מען וואַגט אַרויסצוטרעטען געגען איהם. איהר פער־שטהט אַליין, וואָס פאַר אַ פּחד אַזאַ מין מענש מוז אַרויס־רופען, בפרט אין דער היינטיגער צייט, ווען פון איין זייט איז אַלץ אַזוי וואַקליך און דערדריקט און פון דער אַנדערער זייט זענען דאָ אַזוי פיל אויפגעוועקטע, פערברעכערישע אינסטינקטען, וואָס די וועלט־מלחמה האָט פערשטאַרקט. פערשטעהט זיך, אַז איינגאַנצען פערשווייגען דעם ענין קאָנען מיר נישט. איך וועל אָבער אָנשטרענגען אַלע כחות, אַז די ידיעה וועגען מאָרד זאָל דערגעהן צו די לעזער, אָבער נישט אויף אַזאַ אופן, אַז פון אַ געוועהנליכען שווינדלער און מער־דער זאָל מען מאַכען אַ פאָלקס־העלד. איך בעט איהר און אייערע קאָלעגען זאָלט מיר בעהילפיג זיין דערצו. צו קאָן איך אייך בעטען, אַז איהר זאָלט אַלטוגג געבען אויף דעם, אַז קיין שום ידיעה וועגען מאָרד פון ווינטער'ן זאָל נישט אָנקומען צום לעזער, איידער זי וועט נישט אַדורך אונטער מיין קאָנטראָל?

— יאָ, — האָט געענטפערט דער הויפּט־רעדאַקטאָר.

— איך וויל דערמיט אָבער נישט איבערלאָזען דעם איינדרוק, אַז די מאַכט בעגעהט דאָ עפּיס רדיפות געגען דער פּרעסע... קיין שום זאַך איז נישט אַזוי ווייט פון מיר, ווי דאָס...

— איך בעפרידיג מיך מיט אייער ערקלערונג, — האָט דער הויפּט־רעדאַקטאָר העפליך געענטפערט.

— איך דאַנק אייך און ווינש בויידע אַ פרוכטבאַרע אַרבייט.

ווענק איז שפּעט אַהיימגעקומען. ער האָט זיך געוואָלט לעגען, כדי זיך אויסצורוהען עטליכע שעה. עס איז געווען אַ

זיינער צעהן. עס איז אריינגעקומען זיין שאָפער, וועלכער האָט אויך פערנומען ביי איהם די שטעל פון א לאַקאַי און איהם איבערגעגעבען אַ וויזיט־קאַרטע פון דער גרעפין האַאַזע.

וועגק האָט אַ שפרונג געטהון פון אָרט.

— בעט אַריין! בעט אַריין!

ער האָט צערמליך אָנגענומען די האַנד פון דער אַריינגעקומענער דאַמע און זי האַרציג געדריקט. אָבער זי האָט געזאָגט:

— מען זעהט דאָ ביי אייך, אַז קיין פרוי שטערט אייך נישט איינערע איינזאַמע שעה'ן.

— ווירקליך, דאָס גליק צו האָבען אַ חבר'טע און לעבען איז מיר נישט געגעבען געוואָרען! — האָט וועגק געענטפערט און דערפיהלט אַ פרייד פון דער נאָהענטקייט פון דער פרוי. אָבער גלייכצייטיג האָט ער געקוקט אויף איהר, ווי אויף עפּיס, וואָס געפינט זיך אויסער דער גרעניץ פון זיין לעבען, ווי אַ חלום, וואָס פילט אוים זיין לעבען, וואָס ער האָט אַמאָל געפיהרט. איצט, נאָך די געשעהענישען פון דער היינטיגער נאַכט, האָט איהם אויסגעפעהלט מוט צו טראַכטען וועגען געפיהלען פון ליבע און ליידענשאַפט. ווי וועגען עפּיס ווייט־ זענטליכעס.

אַ פרוי איז געשטאַנען פאַר איהם. ער האָט נישט געפינען זיין ווערטער אָנצוהויבען אַ שמועס מיט איהר. און זי, וואָס איז געוועזען פול מיט איהרע פערבאָרגענע געדאַנקען. מיט דעם רושם פון זיין ענערגיע און זיין דראַנג צו גרויסע זאַ־ כען — האָט זיך געפיהלט סרעמפּירט מיט זיין שווייגען, ווייל עס האָט ווי בעשטעטיגט איהרע איינגענע איינדרוקען.

עפּעס האָט געשעפּטשעט און איהר:

— יאָ, אָט דאָס פיהל איך איצט צו איהם... דאָס איז...

און זי האָט דערשטיקט אין זיך דאָס וואָרט „ליבע”, ווערענדיג בלייז רויט אויפ'ן פּנים. וועגק האָט דאָס בעמערקט און דערפיהלט דורכלויפען איבער זיין רוקען אַ שוידער פון ליידענשאַפט. ער האָט געקעמפט מיט זיך. און ער האָט זיך

אראפגעבויגען צו איהרע הענד.

— פרוי האאזע! — האט ער זיך אנגערופען מיט א געפיהלען אויסגעשיילט פאר איהם דאס בילד פון ערמאָר־דעטען ווינטער — און ער האט זיך שוין גישט דערוועגט מיט קיין וואָרט, מיט קיין בעוועגונג צו דערצעהלען פון דעם אויפ־פלאם און זיין הארצען. ער האט אוועקגעשטעלט דער גרע־פין א פאָטעל, און ווען ער האט זיך ארומגעקוקט און געזוכט א צווייטען פאר זיך, אזוי איהם עפּיס איינגעפאלען: פארוואס

אָבער דעמאָלט האט זיך פון דער טונקעלקייט פון די זאָל זי נישט העלפען ענטדעקען יענעם געפעהרליכען מאן? ערנסטער שטים. — די היינטיגע נאכט איז ערמאָרדעט געוואָרען אונזער געמיינזאמער בעקאנטער, ווינטער. האלע־רער איז שווער פערוואונדעט. איך בין געראטעוועט געוואָ־רען דורך א צופאל. איך האב מיט צוויי שעה פריהער פער־לאזט דאס לאקאל, און ווערלכען מיר זענען געוואָרען געפאנ־גען. דעם אָנפיהרער פון מאָרד קען איך. דאס איז ווירער דער שפילער מיט דער בלאָנדער באָרד און דער אלטער פראָ־פעסאָר. די פערברעכער זענען נעלם געוואָרען, נישט איבער־לאזענדיג קיין שפור, אָבער עס איז אויסגעקומען צו ארעס־טירען א פרוי, וואָס איז אייך בעקאנט. דאָס איז קאראָזא. איהר קענט איהר בעציהונג מיט ווינטער'ן. וואָס אנ'אמת איז, האָבען מיר נישט שום קיין בעוויז, אז זי איז פערמישט אין דעם מאָרד. עס איז נישט מעהר דאָ ווי א שטארקער גלוי־בען, וואָס שטיצט זיך אויף א פערדעכטיגען געשריי, וואָס זי האט ארויסגעלאָזט. אָבער עס וואָלט זיך געפינען א מיטעל רעדעוודיג צו מאכען איהר צונג, ווען איהר, איהר, גרעפין, וואָלט ערלויבט אייך אויך צו לאָזען — ארעסטירען. איך וואָלט געמאכט, אז איהר זאָלט זיך ארייננקריגען און איין צעלע מיט דער קאראָזא. זי קען אייך נישט אלס גרעפין האאזע, נאָר אלס דאמע פון איהרע קרייזען. איהר וועט איהר זאָגען, אז איהר זענט ארעסטירט געוואָרען פאר עפּיס א לייכט פערברעכען, לאָמיר זאָגען, פאר א פערבאָטען שפיל,

און איהר וועט בקרוב בעפֿרייט ווערען... זאָגט איהר צו צו העלפֿען נאָכ׳ן אַרויסגעהן פֿון טורמע... אַז איהר וועט איהר העלפֿען אַנטלויפֿען... פֿריהער בעמיהט זיך צו איבערצייגען זי, אַז איהר לאַנגע זיין אַ געפֿעהרליכע. ניט איהר איבער, אַז איהר האָט געהערט, אַז אויך איהרע שותפים זענען אַרעס־טירט געוואָרען. געוויס וועט זי דעמאָלט אייך זאָגען וועמען מען זאָל נעמען צו הילף, זי זאָל בעפֿרייט ווערען. דאָס איבע־ריגע וועט איהר אַליין, גלויב איך, פֿערשטעהן, וואָס צו טון, גרעפֿין.... און אַזוי נאָך וועלען מיר מאַכען אונשעדליך אַ פֿערברעכער. ווייזט ניט אויס דאָס, וואָס איך זאָג, פֿאַר אייך צו זיין אַ משוגעת?

— איך וועל ערפֿילען אייער וואונש! — האָט די גרע־פֿין געענטפֿערט אָהן אַ מינוט איבערצולעגען זיך. איהר שטים האָט געקלונגען קלאָר, ווי מעטאַל.

וועגק איז געריהרט געוואָרען פֿון דער פּראָספּעקט און ענערגיע; גלייכצייטיג האָט ער דערפֿיהלט אַ שרעק דערפֿאַר, וואָס די דאָזיגע שעהנע ווײַבליכע דאַמע האָט אָנגענומען זיין געפֿעהרליכען פּלאַן מיט אַזאַ ברען.

זי האָט איהם פֿערשטאַנען און געזאָגט:

— אָט דאָס איז עס טאַקע, וואָס מיר האָט געפֿעהלט. עפּיס אויפֿטון, נוצען ברענגען, און אַ געוואַגט ווערק שטע־לען דאָס לעבען אין קאָן, כּדי צו ד ע ר פֿ י ה ל ע ן דאָס לעבען.

— און דאָס האָט איהר געזוכט אין די שפּיל־הייזער?

— איך ווייס ניט... איך האָב זיך דאָרט געפֿיהלט גוט, ווייל איך האָב ניט געזעהען קיין ברעג. אין מיינע קרייזען האָבען האַרמאָנטען מיר פֿערשטעלט דעם בליק. דאָס איז מיר געוועזען אונערטרעגליך. איך בין אַלץ איבערגעוואַקסען. איך בין אייך דעריבער שטאַרק דאַנקבאַר.

וועגק האָט דערפֿיהלט אַ פֿייער אין די אויגען. זיין נשמה האָט בעהערשט אַ גרויסער פֿערלאַנג — ער האָט איהם גע־פֿיינוגט, און כּמעט ברוטאַל האָט ער אַ פֿראַג געטון:

— און אייער מאַן?

זי האָט ווייך געענטפֿערט:

— מײַן מאַן קאָן מיר נישט שטערן.

— איך פֿערעהר אײַך! — האָט זיך אַרױסגעריסן פֿון איהם אַ װאָרט און זײַן קול האָט געציטערט.

זי האָט זיך געמאַכט נישט הערן זײַנע װערטער, אָנ־רופֿענדיג זיך:

— נו, לערנט מיך, װי אַזױ איך זאָל צוטרעטן צו דער זאַך.

— איהר װעט בעשטימען אַ טאָג. אין בעשטימטען טערמין װעל איך אײַך אָפּפֿיהרען מיט מײַן אױטאָ צום טורמע־דירעקטאָר און דאָרט װעלען מיר אַלץ אָפּרעדען מיט איהם. זענט איהר מסכים?

— דעם קומענדיגען שבת אין דער יעצטיגער צײַט.

זי האָט זיך אױפֿגעשטעלט.

— די גראָהע טױערען פֿון דער תפיסה װעלען שטראַה־לען! — האָט װענק אױסגערופֿען.

— פֿון אַזױ פֿיל פּאַסירונגען! — האָט זיך די גרעפֿין צולאַכט.

— נײַן! פֿון אײַער שעהנהײַט!

און מיטאַמאָל האָט װענק דערפֿיהלט, אַז ער ליבט זי! לײַדענשאַפֿטליך, אַז די דאָזיגע נישט געזעהענע ליבע װיל איהם אַרױסשפּרינגען פֿון די אױגען אין אַ פֿלאַם. ער האָט זיך נידריג אַראָפּגעבױגען איבער איהר האַנד, כדי זי צו בע־ריהרען מיט'ן פּנים. זי האָט איהם מילד צוגעדריקט די האַנד צום פּנים אין אַ הײסער און פֿרײַער געריהרטקײט אַלס צװײ־לען פֿון אַ געהײמער פֿערשטענדיגונג — און אין אַ סעקונדע אַרום איז זי שױן נישט געװען...

שױן אױף דער גאַס האָט איהר דאָס בלוט געשטראָמט צום קאָפּ. מיט אַ האַלב קול האָט זי איצט אַרױסגערעדט אַ װאָרט, װאָס זי האָט אױבען, אין דער הױך, דערשטיקט:

— ליבע... ליבע...

און װענק'ס צימער איז איבערגעבליבען דער אַראָמאַט פֿון איהרע קלײדער. װענק האָט זיך בערױשט מיט איהם.

דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן בײדע הענד, צוגעדעקט דאָס פּנים מיט זײ און װערענדיג בעהערשט פון געהײמניס פון בלינדע פאַרגעפילען, האָט ער געשעפּטשעט אין דער פינס־טערניש, װאָס האָט זיך געגלײטשט אויף זײנע אויגען:
— מאָרד און ליבע!... מאָרד און ליבע!.

VIII

פיר אַ זײגער נאָכמיטאָג האָט מען װענק'ן געמאָלדען אַ טעלעפאָן־געשפּרעך. פראַנקפורט האָט מיטגעטײלט:
„געאָרג שטרימפּלי, אַנ'אַרטיסט, געבוירען אין באַזעל, אין יאָהר 1895, האָט אויפ'ן אַנגעװיזענעם אַדרעס געװאוינט פון 1. יאַנואַר ביז'ן 10. דעצעמבער פון פערגאַנגענעם יאָהר. ער האָט זיך איבערגעצויגען קײן אויסלאַנד. דאָס אָרט פון זײן איצטיגער װאוינונג איז נישט בעקאַנט. ער איז געמאָלדען אַלס פערהײראַטער. שװײצאַרישער בירגער“.
דאָס אַדרעס־ביוראָ האָט מיטגעטײלט פאָלגענדע דאַטען:
„מאַריאַ שטרימפּלי, פון דער הײם עסערט, מיט'ן פּסעװדאָנים קאַרלאַ קאַראָזאַ, אַ טענצערין, געבוירען אין בערין, דעם 1. מאַי 1892. געקומען קײן מינכען פון קאָפּענהאַגען“.
װענק האָט נאָכאַמאָל בעזוכט די קאַראָזאַ. זי האָט זיך איצט געפינען אין דער צענטראַל־תפיסה.
— איך װיל איך נישט קענען! — האָט זי פרעך אויס־געשריען, בעת ער איז איבערגעטרעטען די שװעל פון איהר קאַמער. — איהר האָט מיר צוגעזאָגט צו העלפען, אָבער דערװײל האָט איהר מיך אײנגעזעצט אין דער אמת'ער טורמע.
— איך? — האָט זיך װענק געװאונדערט. — דאָס איז דאָך אַ טעות. דער אויספאָרשונגס־ריכטער. איך האָב עס אײך פריהער געזאָגט. איך קום בלויז אַהער, כדי צו געבען אײך געװיסע אויפקלערונגען. די אײנציגע זאַך, צו װעלכער מען האַלט אײך דאָ, איז יענער נאָמען, װאָס איהר האָט אויסגע־רופען. די מאַכט קאָן עס נישט פערשטעהן.

— און איהר גרייט שוין אודאי צו א פראַצעס ! — האָט זי איראָניש געענטפערט.

— דאָס געשעהט, גנעדיגע פרוי. ווען איהר וואָלט אויפ־קלערען אונז, וואָלט עס אייך און אונז ניצען געבראַכט. איהר האָט געזאָגט, אַז אייער מאַן הייסט... קאַרל. ניט אמת, קאַרל שטרימפלי ?

— אָ, איהר האָט פערגעסען ! ער הייסט — געאָרג.

— ער איז אַ שווייצער.

— איהר האָט שוין, זעה איך, זיך אינפאָרמירט.

— געוויס. ער הייסט געאָרג. צו רופט איהר איהם גישט מיט אַ פערצויגענעם נאָמען.

— איך פערשטעה נישט.

— הייסט ער נישט אַנדערש, ווי...

— שטענדיג געאָרג... ווען וועל איך אַרויס פון דאַנען ?

— זאָל אייער מאַן דאָ איינמאָל קומען, דאַן וועט איהר בעפרייט ווערען. דער מאַן פון אַזאַ בעקאַנטער אַרטיסטקע, ווי איהר, דאַרפט זיך אַ ביסעל מעהר אינטערעסירען מיט זיין פרוי...

— איך בין נישט שולדיג, וואָס ער קומט נישט... ווען וועל איך אַרויס ?

— דאָס איז אָפּהענגיג פון אויספאָרשונגס־ריכטער.

— איהר געהט אַוועק — אָהן מיר.

— דערווייל מוז איך אַליין אַוועקגעהן.

קאַראָזאַ האָט זיך אין צאָרן אויסגעדרעהט צו איהם מיט די פּלייצעס.

ווענק איז אַוועק אויפ'ן אָרט פון פערברעכען. אין דער היים האָט ער פריהער געהאַט אַדורכשטודירט די ליסטע פון די הייזער נעבען אָרט, וואו דער מאָרד איז בעגאַנגען געוואָ־רען. ער האָט זיך בעזונדערס פעראינטערעסירט מיט דער פינקען־גאַס. ער האָט מיטגענומען מיט זיך צוויי אַגענטען פון דער געהיים־פּאָליציי. איינער פון זיי איז געווען דאָר, וואָס האָט נאָכגעיאָגט די מערדער אַזש ביז צו דער וואַגע.

וועגק האָט אונטערזוכט די מויערן אין ליכט פֿון דער זון. מען האָט געזעהען אויף זיי צייכענס, אַז מענשען האָבען זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף זיי מיט שאַרפע שטיוועל. אין דער הויך, אויף אַנ׳אָרט, האָט זיך געפינען אַ פלעק פֿון בלוט. עס האָט געקאָנט שטאַמען דערפֿון, וואָס איינער, ווערענדיג אויפֿגעהויבען דורך זיינע חברים, האָט איינגעריכט די וואַנד מיט פֿערגאָסען בלוט. אויף דעם פלעק פֿון ווינטער׳ס בלוט האָט איצט געקוקט דער קאַלטער, ליכטיגער פֿעברואַר-טאָג...

וועגק איז אַריין אין די הייף פֿון די הייזער. אַ סך פֿון זיי האָבען, ווי ער האָט זיך איבערצייגט, געפֿיהרט צו אַ גאַראַטען-פֿערצוימונג. ער האָט גערעדט מיט יעדען פֿון די איינוואוינער. עטליכע האָבען געהערט אַ גערודער ביינאַכט. אָבער זיי האָבען נישט געלעגט קיין אַכט דערויף, ווייל דאָס פּאַסירט גאַנץ אָפט.

— און אין די הייזער אַליין? — האָט וועגק געפֿרעגט— האָט איהר גאָרנישט געהערט?

— ניין, קיינער האָט נישט געהערט!

וועגק איז אַריבער אויף דער צווייטער זייט פֿון דער מויער, אין פּאַרק. מען האָט דאָ גאָרנישט געזעהען, אַ חוץ פֿיל שפּורען פֿון פֿיס אויף איין אָרט. דאָ זענען זיי ווייטער אַריבערגעשפּרונגען. דאָס האָט געוויזען אַ ווייטערדיגער אָפּדרוק אויף דער וואַנד. אָבער די סימנים זענען געוואָרען פֿערריבען און פֿערגאָסען מיט קאַרבאָל. עס איז געלעגען אַ ליידיג פלעשעל פֿון קאַרבאָל.

דאָס דאָזיגע פּאַרזיכטס-מיטעל איז, ווייזט אויס, אָנגעווענדעט געוואָרען פֿאַר די פּאָליציי-הינד. דער קאַרבאָל איז זיכער פֿריהער-אויס צוגעגרייט געוואָרען.

נישט געקוקט אויף דעם קאַרבאָל האָט וועגק באַשלאָסען צו פּרובען דאָס אָרט. ער האָט געהייסען ברענגען אַ שפּור-הונד. דער הונד האָט בעשמעקט דעם שפּור אויף דער יעגער-גאַס, צוגעקומען צו דער וואַנד און הויך געשפּרונגען צו איהר. ווען מען האָט איהם אָבער אַריבערגעפֿיהרט אויף יענער

זײַט, איז ער נישט געשטאַנען װײַטער. מיט עקעל האָט ער
אװעקגעדרעהט די נאָז פֿון קאַרבאָל־ריח. ער איז געלאָפֿען
לענגאױס די װאַנט אַהין און צוריק עטליכע מאָל, אָבער
כּסדר אין אונזיכערקײַט. עטליכע מאָל האָט ער געפּרובט
אַרױפֿשפּרינגען אױף דער װאַנט.

דאָס איז געװען מערקװירדיג.

װענק האָט אים געהײסען אױפֿהױבען. אָבער װי נאָר דער
הונד האָט זיך געפֿינען אױף דער ברײטער פֿלאַך פֿון דער
מױער, פֿון װאַנען דער צװײטער אַגענט האָט אים געזאָלט
אַריבערטראָגען אױף דער צװײטער זײַט, האָט ער זיך פּלוצ־
לינג אַרױסגעריסען פֿון די הענד, װאָס האָבען אים געהאַל־
טען, געלאָפֿען צו דער שפּיץ פֿון דער מױער און אָנגעהױבען
שטאַרק צו בילען. ער איז געלאָפֿען נישט װײַט. ער האָט זיך
פּלוצלינג אָפּגעשטעלט אױף אַן אָרט און גענומען בילען,
אַראָפּבױגענדיג זיך מיט׳ן פּיסק צום הױף, פּרובענדיג אַראָפּ־
שפּרונגען.

ער האָט זיך אָנגענומען מיט כּח, געטאָן אַ שפּרונג אַראָפּ
און געבליבען שטעהן אױפֿ׳ן הױף נעבען אַ װאַנט פֿון אײנעם
אַ הױז.

װענק האָט די װאַנט גענױ אונטערזוכט. ער האָט דאָ
אָנגעטראָפֿען אַ צוקרישעלט שטיק מױער, װאָס האָט זיך געצ־
צױגען אין אַ ליניע אין דער הױך. אױך דאָ, װײַזט אױס, האָט
מען זיך אַרױפֿגעדראַפּעט. ער איז געװען זיכער, אַז מיט אַ
לײטער פֿון שטריק. די שפּורען האָבען געפֿיהרט אַזש ביז
צום פֿענסטער פֿון ערשטען שטאָק.

די װאױנונג צו װעלכער דאָס פֿענסטער האָט געהערט,
איז געװען לעדיג. ער האָט זיך געפֿרעגט אין הױז, פֿון װען אַז
די װאױנונג איז נישט בעװאױנט.

אַלע זענען דעמאָלט ערשטױנט געװאָרען. אַלע האָבען
ביז יעצט געמײנט, אַז מען װאױנט דאָרט.

פּלוצלינג האָט זיך עמיצער אָנגערופֿען:

— אָבער דאָרט װאױנט דאָך געאָרג!

ווענק'ס האַרץ האָט גענומען האַסטיג קלאַפּן.
— ווער? — האָט ער גיך געפרעגט. — ווי הייסט ער?
און ווידער איז אָנגערופן געוואָרן דער נאָמען: געאָרג!
— האָט איהר איהם געקענט? — האָט ער געפרעגט
עפּיס אַנ'אַלטע פרוי.
— געאָרג'ן?... פערשטעהט זיך!
— איז דאָס זיין פאַרנאָמען, צי פאַמיליען-נאָמען?
— ווער ווייסט?
קיינער האָט דאָס נישט געוואוסט.
— ווער האָט איהם אַזוי גערופן?
— די יונגעלייט, וואָס זענען שטענדיג געקראָכן צו
איהם!
— הייסט עס, אַז ער האָט געהייסן געאָרג? — האָט
ווענק איבערגעפרעגט כדי ענדגילטיג זיכער צו זיין — וואוינט
ער שוין דאָ לאַנג?
און אויך דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט אויף זיכער.
אַ סך האָבּן געזאָגט, אַז זינט אַ יאָהר. אָבער קיינמאָל איז
ער כמעט נישט געווען אין דער היים.
ווענק האָט געבעטן, מען זאָל איהם שילדערן. דאָ איז
געשעהן עפּיס וואונדערליכעס. שוין מיט דער קאָליר פון
זיינע האָר האָט מען זיך נישט געקאָנט איינינגען. איינער האָט
געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט בלאָנדע האָר, אַ צווייטער האָט
פערזיכערט, אַז ער האָט געהאַט טונקעלע. ער איז געווען
עטוואָס אַ הויכער, אַ דאַרער, אָנגעטון ווי אַ מאַטראָז. אָבער
ער האָט אויך אויסגעזעהן ווי אַ שטיקעל אַטלעט.
— ווער איז ער? וואָס איז זיין טון?
— ער האָט געמוזט פאָהרען אין קאָמיס-געשעפטען.
עס איז געווען נאָך אַ מאָדנע זאַך. דער דאָזיגער געאָרג
איז לחלוטין נים געווען איינגעמאָלדען אין הויז. אויף ווענק'ס
רשימה פון די איינוואוינער האָט זיין נאָמען געפעהלט.
ווענק איז דאַן אַוועק אין אַדרעס-ביוראָ און מיט דער
הילף פון דירעקטאָר האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז יענער נאָ

הײמגיספֿולער לאָקאַטאָר הײסט געאָרג הײנריכסען און שטאַמט פֿון נעבען דער עלבע. װײַטער, אַז מיט פֿיר װאָכען צוריק האָט ער זיך אַרויסגעצויגען פֿון דער װאוינונג און געפֿאָהרען קײן ראַװענסבורג. דעמאָלט האָט זיך דאָ אַרײַנגעצויגען עפּיס אַ קאָמיסיאָנער מיט'ן נאָמען פּאָלדרינגער.

װענק האָט זיך תּיכּף אָנגעשטויסען, אַז הײנריכסען און דער האַנדעלס-אַגענט זענען אײן מענש. אַקוראַט מיט פֿיר װאָכען צוריק האָט ער געהאַט אַ געשפּרעך מיט װינטער'ן, װעלכער האָט איהם מיטגעטײלט, אַז ער װערט פֿערפֿאָלגט. און הײנריכסען-פּאָלדרינגער און דער מערדער, אָדער װעניגסטענס דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון אָנפֿאַל אויף װינטער'ן זענען װידער געװען אײן און די זעלבע פּערזאָן, װײל קאַראָזאַ האָט גערופֿען נאָך הילף צו דעם דאָזיגען מענש!

װאו הײנריכסען איז אַװעקגעפֿאָהרען, איז געװען דערװײַל אַ רעטעניש. ראַװענסבורג געפֿינט זיך אין שכנות מיט דער בּערענער אָזירע, און פֿון דאָרט איז אַנ'אַנטלויפֿענער לײַכט אַרײַנצוקריגען זיך אין דער שװײץ.

װענק האָט אַרויסגעשיקט דעפּעשען צו די גרעסערע שטעט אַרום דער בּערענער אָזיערע, הויפּטזעכליך צו דער פּאַס-קאָנטראָלע.

בּאַלד אין עטליכע שעה אַרום האָט מען פֿון קאָנסטאַנץ טעלעפֿאָנירט צו דער פּאָליצײ-פֿערװאַלטונג אין מינכען, אַז אַ געװיסער פּאָלדרינגער האָט זיך אײַנגעמאָלדען אין יענער שטאָט. אַלס בּירגערשאַפֿטס-שטאַאַט האָט ער אָנגעגעבען בּײַערען, װאָס איז דעם בּעאַמטען מאָדנע אויפֿפֿאַלענד געװען, װײל ער האָט דײַטליך גערעדט מיט דער צפֿון-דײַטשער אויסשפּראַך. דעריבּער האָט איהם די פּאָליצײ גענומען אויפֿ'ן אויג. עס איז אויך פֿעסטגעשטעלט, אַז ער האָט געהאַט עסקים מיט פֿערדעכטיגע פּערשוינען, װעלכע מען איז חושד, אַז זײ שמוגלען אומלעגאַלע סחורות איבּער דער גרענעץ קײן שװײץ. דער זעלבּער פּאָלדרינגער פֿאָהרט אָפֿט אויף אַ דאַמפֿער.

— בּיטע מיך נאָך הײַנט צו ערװאַרטען אין קאָנסטאַנץ!

— האָט װענק קורץ געענטפערט.

און באַלד איז ער גרייט געװען צו דער רייזע. ער האָט נאָך געקאָנט אָנקומען קיין קאָנסטאַנץ, איידער די נאַכט װעט צופאַלען, איבער דער אַעראָפּלאַן פון זיינס אַ פריינד, װעלכען ערהאָט שטענדיג צו זיין בעדאַרף, װאָלט זיך געפינען אין אַ גוטען צושטאַנד.

ער האָט טעלעפאָנירט און בעקומען אַן ענטפער:

— מ'קאָן אויף'ן אַעראָפּלאַן זיך זאָפאָרט אויפזעצען!

אַ זייגער פיר האָט װענק זיך אויפגעהויבען. אָװענד-צייט האָט ער זיך שוין אַראָפּגעלאָזט אויף דעם לופט-פליה-פלאַץ הינטער קאָנסטאַנץ.

די פּאָליציי האָט איהם אָנגעװיזען די פערדעכטיגע לאָ-קאַלען, װאו די שמוגלער זענען זיך צונויפגעקומען. ער האָט זיך פערקליידט פאַר אַ שאָפער און איז אַװעק אין איינער אַ מלינה אויף אָװענד-ברויט. ער האָט אויסגעפרעגט יעדען, װעלכען ער האָט געהאַלטען פאַר נישט שעדליך צו פערטשע-פען. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט צװיי אויטאָמאָבילען און ער װאָלט געקאָנט קריגען אַנ'ערלויבניש צו עקספּעדירען מיט זיי. אויב זיי װאָלטען נישט אויסגעזעהען אַזוי עלעגאַנט. װען ער װאָלט אָבער געקריגען צו הילף איין אָדער צװיי דרייסטע יונגלעך, װאָלט מען געקאָנט פיהרען אויף זיי סחורות אין דער שװייץ. מען קאָן דערביי פערדינען נישט איין צעהן-טויזענדער. די אויטאָס שטאַמען פון מיליטער און מען דאַרף זיי בלויז אַ ביסעל ארומפּוצען. זיי האָבען געהערט צו צװיי

זיך איבערגעלעגט. ער האָט געזאָגט, אַז ער װעט עס גלייך איבערגעבען זיין פריינד. אין דריטען װעלען זיי זיך שױן מאַכען ס'געשעפט.

זיי זענען ביידע אַװעק אין אַנ'אַנדער הויז. דאָרט האָט זיך געזאָלט געפינען יענער פריינד. מען האָט לאַנג געװאַרט.

אבער ער איז ניִשט געקומען.

— ווי הייסט ער ? — האט ווענק געפרעגט — אפשר קען איך איהם.

— ער הייסט : באל. אבער ס'קאן זיין, אז פריהער האט ער געהייסען אנדערש. מיר אלע רופען זיך דא מיט אנדערע נעמען... לא־לא־לא, איהר פערשטעהט דאך אליין ? !...

— אוי ! או ! — האט ווענק געהאלפען לאכען.

אבער פלוצלינג איז ער בלאס געווארען. אין דעמזעלבען מאמענט איז אריינגעקומען א מענש, אין וועלכען ווענק'ן האט זיך געדאכט, אז ער דערקענט אין איהם דעם שאפער, וועלכער האט איהם געפיהרט אין אויטאמאביל, וואס איז געווען פיל מיט גאז, קיין שלעזהיים, וואו ער איז א בעוואוסטלאזער ארויסגעווארפען געווארען אויף א באנק. אלץ איז איצט גע־שטעלט געווארען אין קאן ! ווענק'ס פערקליידונג איז ניִשט געשטאנען אויף אזא הויכער מדרגה, און דאס דערפאר, ווייל ער האט אין קאנסטאנץ ניִשט געהאפט אויף קיין איבריג־ווילטיגע געשעהעניִשען. אויב דער פערברעכערישער שאפער איז דער איצט־ערווארטעטער באל און צוקומענדיג צום טיש, וועט ער איהם דערקענען. — דאן איז אלץ געענדיגט !

ווענק האט בענוצט זיין גאנצע גייסטיגע קראפט כדי זיך צו בעהערשען. צונויפציהענדיג שטארק זיין פליישיג פנים האט ער געגעבען זיין פנים אנ'אונגעוועהנליכען אויסדריק איבריינענס האט ער נאך פריהער געוואלט שמיעסען אין א טונקעלען ווינקעל, כדי אויסצומיידען דאס העלע ליכט פון מיטען צימער.

יענער האט זיך אבער געזעצט ווייט פון זיי און אנגע־הויבען א שמועס מיט א חברה יונגען, וואס האבען זיך מכבד געווען מיט שארפע געטראנקען. ער איז געווען אויסגעדרעהט צו ווענק'ן מיט די פלייצעס. דער פראקוראר האט מעהר ניִשט געוואלט ריזיקירען און זיך אפגערעדט צו טרעפען מאר־גען און אוועג. דאן איז ער גיך ארויס דורך דער הינטע־טיר.

ער איז אוועק אין דער פּאָליציי און געזאָגט, וואו ער איז געווען, און געשילדערט דעם פֿערדעכטיגען פּערשוין. דער קאָמיסאַר האָט געהערט און געזאָגט. דער אַגענט האָט פֿערוּ־ער פֿלערט, אַז לויט דער שילדערונג איז עס פּאָלדרינגער.

— קאָנסט איהר מיר ניט אין פֿערלויף פֿון הײַנטיגען טאָג אויף זיכער זאָגען, צי איז עס מאַקע ער? אָבער איך בעט, זײַט זעהר פֿאָרזיכטיג, דאָס איז אַ יונג, וואָס איז פֿיפֿיג אין אַלע זײַטען! — האָט ווענק געוואָרענט.

— אויב אַזוי מאַך איך ניט געהן! — האָט דער אַגענט געענטפֿערט, — די שטאָט איז קליין און אַלע פּאָליציי־בעאַמטע, אַפֿילו די, וואָס טראָגען שטעטס ציווילע קליידער, זענען בעקאַנט די קאָנטר־באַנדיסטען. דאָס פּליצלונגע בעווײַזען מײַנס קאָן אַרויסרופֿען אַ שעדליכען אַלאַרם.

— נו, מוז איך זײַן געדולדיג. ווייסט איהר ניט, וואו ער וואוינט?

— איך ווייס!

— טאָ פֿיהרט מיך דאָרט אַהין.

דער פּאָליציאַנט האָט זיך געלאָזט געהן פֿאַר ווענק'ן. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבען זיי זיך געפֿינען נעבען אַנ׳ אַלטען ברודיגען האָטעל. וואָס האָט זיך פֿון הינטען געגרע־נ׳צט מיט אַ סך הײַזער. ווענק האָט גלײַך בעגריפֿען, אַז בעפֿאַלען דעם געזוכטען מיט ערפֿאָלג, קאָן מען דאָ נאָר מיט אַ גרעסערער צאָהל פּאָליציאַנטען. אָבער אין אַזאַ שטעטעל, ווי קאָנסטאַנץ ווערט זיך אַזאַ צאָהל פּאָליציאַנטען ניט געפֿינען.

געגענאיבער דעם האָטעל האָט זיך געפֿינען אַ לאַגער פֿון אײַזען־סחורות. אין דאָזיגען לאַגער האָט ווענק מיט די פּאָליציאַנטען זיך בעהאַלטען הינטער עפּיס אַ פֿערשטויבט פֿענס־טער.

ווען עס איז אַ זייגער 11 פֿאַר־מיטאָג אַהיימגעגאַנגען פֿון

דער מלינה דער אונבעקאַנטער, וועלכע ווענק האָט אָנגעגו־
מען פאַר דעם בלאָנדען שפּילער'ס שאָפער, האָט דער פּאָלי־
צײ־בעאַמטער אַ שאָקל געטון דעם פּראָקוראָר'ס האַנד:
— דאָס איז פאָלדרינגער!
— דאָס איז טאַקע דער! — האָט שטיל אויסגערופען
ווענק.
נאָכמיטאָג איז מען זיך צונויפגעקומען ביים קאָמיסאַר
פון דער קרימינאַל־פּאָליציי. ווענק האָט ערקלערט, אַז דאָ
האַנדעלט זיך נישט וועגען פאַקטען אײנעם, נאָר וועגען אָפּ־
רוימען אַ גאַנצע פערברעכער־באַנדע. לויט ווי ער מיינט, געפינט זיך דאָ, אין קאָנסטאַנץ, בלויז אַ קלענערע פּיליאַל פון
דער באַנדע, וואָס איהר צענטראַלע איז אין מינכען. כל־זמן
מ'וועט נישט האָבען דעם פּלאַן פון דער גאַנצער באַנדע,
וואָלט עס געהאָטען שעדליך און אָהן ווערט צו פערוואַרפען אַ
נעץ אויף אַ טויז געבען־פּירוּרען. ער, ווענק, ראַט, אַז מען זאָל
זיך נישט יאָגען נאָך דער בעלוינונג פון 5000 מאַרק, וואָס
די מאַכט האָט געגען זיין ווילען בעשטימט פאַר כאַפּען די
מרדער פון ווינטער'ן, נאָר מען זאָל גוט האָבען אויפ'ן אויג
דעם אײנעם, וועלכען מען קען שוין. ער, דער אײנער, מוז זיין
דער וועג, וואָס וועט פיהרען צום הערשט, צום אָנפיהרער.
ווען מען זאָל איצט — האָט ווענק אויסגעפיהרט — שוין
יעצט פערהאַלטען דעם שאָפער, וואָלט דער אונבעקאַנטער
אָנפיהרער טאַקע זיכער געווען. און דער אָנפיהרער, מיינע
הערען! — האָט ווענק אויסגערופען, — איז אפשר דער
גרעסטער עקזעמפּלאַר אין דער געשיכטע פון קרימינאַל־
פערברעכען פאַר די לעצטע פינפציג יאָהר! אָפּגעבען איהם
אין די הענד פון דער מאַכט — הייסט נישט בלויז פערדינען
די געלד־בעלוינונג, נאָר הייסט פערדינען כבוד און רוהם,
די בעאַמטע האָבען צוגעזאָגט צו ערפילען זיינע פּלינ־
מען.
אין אָוונט האָט ווענק געטראָפען יענעם יונגענמאַן,
וועלכער האָט געבעטען צוגעזאָגט צו העלפען מאַכען אַ נע־

שעפּט מיט זיינע צוויי אויטאָמאָבילען. ער האָט איהם מיט־
געטיילט, אַז זיין פריינד איז פלוצלינג אַוועקגעפאָהרען. די
געשעפטען זענען לעצטענס עפּיס קאַליע געוואָרען. די שוואַרץ
מיינע הערצען!
איז איבערגעזעצט מיט דייטשע סחורות און די דייטשע
מאַכט האָט לעצטענס שטאַרקער גענומען באַוואַכען די גרע־
ניצען. מען קאָן פאַר'ן פון הונגער! אָבער ער ווייסט וואָס ער
טוט. ער וועט נישט לאָזען, ער זאָל אומגעבראַכט ווערען!
איבריגענס, אייזער דער הונגער וועט איהם אַרויסטרייבען
פון דער נאָרע, וועט ער זיך פערשרייבען אין פרעמדען־לעגיאָן.
דעמאָלט וועט ער לאָטש זיכער זיין פאַר דער דייטשער
מאַכט. ער וויל רוהיג אויפעסען זיין שטיקעל ברויט, באַדאַי
צו דינען אין מיליטער! אָבער דאָ ענדיגט דער מענש סוף
כל סוף אין דער מורמע!

ווענק האָט געפרעגט, ווי אַזוי ער וועט מאַכען, ער זאָל
זיך אַריינקריגען אין פרעמדען־לעגיאָן!

— דאָס איז לייכטער ווי אַמאָל — האָט דער פרעמדער
געענטפערט — פאַר'ן קריג האָט מען געמוזט פאָהרען קיין
בעלפאָרט. און איצט איז דאָס איבריג. איך קאָן זיך דאָ לאָ־
זען ווערבירען!

— אָהאָ, מאַמער דאַרפט מען אָנקומען, וואָלט איך גע־
וואָלט וויסען וואו. גיט מיר, קאַמעראַד, די אַדרעס — האָט
ווענק געזאָגט.

— עס איז גענוג, — האָט יענער געענטפערט, — צו
גיין אין דער קנייפע „אונטער'ן שוואַרצען אָקס“ און צו
פרעגען זיך אויף פאַלדרינגער'ן. אָדער גיהט אין דער שענק,
וואו מיר זענען געזעסען געוועזען! אַלע
יונגעלייט, וואָס איהר האָט געזעהען מיט איהם, שיקט ער
אַוועק אין פרעמדען־לעגיאָן. „אָבער איך וועל מיר נאָך אי־
בערלייגען“ — האָב איך איהם געזאָגט — „אויב אונזער גע־
שעפט מיט די אויטאָס וועט זיך איינגעבען, וועל איך דאָס
נישט דאַרפען... אָבער באַל איז נישט געקומען! אָהאָ! יע־

נעֶר האָט שוין איינמאָל אַ קאָפּ ! מן הסתם האָט ער שוין אַנ־
אַנדער געשעפטעל !... אָבער... אָבער... פּאָלדרינגער האָט זיך
נעכטען אויסגעפרעגט אויף דיר. ער האָט געזאָגט, אַז ער
קען דיר, אָבער איך האָב איהם געזאָגט, אַז דו ביזט פון
באַזעל און דו האָסט צוויי אויטאָמאָבילען. „ניין, האָט ער
געענטפערט — ער איז נישט פון באַזעל, נאָר פון מינכען“.
איך האָב איהם דערויף געזאָגט : אפשר איז ער אַמאָל געווען
פון מינכען און יעצט איז ער פון באַזעל ?

— איך בין קיינמאָל נישט געווען אין מינכען, — האָט
וועניק געענטפערט קוועטשענדיג מיט די פּלייצעס. ער האָט
זיך טועה געווען.

— האָסט אַ געשעפט מיט איהם ;... לאָמיר לאָזען אין
גאַנג אונזער אויטאָ אין צווייען !... קאָנסט מיר אפשר געבען
אַ גרין פּאַפּירעל אַנ׳אַדערויף ?

— ווילסט 50 ? — האָט וועניק געפרעגט.

אויב דו האָסט... גיב מיר צוויי פופציגער

— ניין, איינעם.

ער האָט געגעבען דעם פרעמדען אַ באַנקנאָט, וואָס ער
האָט אַרויסגענומען פון דער וועסטעל־קעשענע.

— אָבער, ברודער, האָסט דאָך דיר געקאָנט פערגינען
אַ פּאָרטפעל צו האָבען.

— פאַר 50 מאַרק פון מיין פּאָרטפעל קאָנסטו קויפען
דאָס זעלבע, וואָס פאַר פופציג מאַרק פון מיין וועסטעל־קע־
שענע.

— נו, נו, נישקשה, האָסט אַ קעפּעל... אָבער וואו וואוינ־
סטו ?

— אויף דער באַרבאַראָסאַ־גאַס — האָט וועניק סתם
געזאָגט.

— וואָס האָסטו געטון ? אויף דער באַרבאַראָסאַ־גאַס איז
פאַר אונזערם גאַל געפעהרליך צו וואוינען. מאָמער בעלאַגערען
די „מונדורען“ (פּאָליציי), ווייסטו פון דאָרט נישט אַרויס־
קריכען. אַמבעסטען איז צו וואוינען אין „אונטער׳ן שוואַרצען
אָקס“. דאָרט איז אַזוי איינגעאָרדענט, אַז פון אַלע זייטען קאָן
מען מבריח זיין א ויברח אָהן שום שפור ! פונקט ווי מען וואלט

דער אַרויסגעבלאָזן!

צומאָרגענס אונדערפּריה איז וועגק געפלויגען קיין מינ־כען. ער האָט זיך געפּיהלט בעשייבערט. די רייזע אין די וואָל־קענס, און דער קאַלטער שאַרפער לופט, האָט איהם אויפגע־פרישט, אויפגעמונטערט און איהם פול געמאַכט מיט האָפ־נונג אויף זיג.

אין אַ שעה שפּעטער האָט ער זיך ווידער געפינען הינטער דעם בלינדען פענסטער פון אייזען־לאַגער אין קאָנסטאַנץ; ער איז געשטאַנען אויף זיין אָרט און געהיטען די קנייפע „אונטער'ן שוואַרצען אָקס".

אין דער זעלבער צייט איז געגאַנגען אויף די טעלעפאָן־דראָהטען צווישען קאָנסטאַנץ און מינכען אַזאַ שמועס:

— האַלאָ, האַלאָ, דאָ — דאָקטאָר דרינגער. ווער איז דאָרט?

— האַלאָ! דאָ איז דאָקטאָר מאַרקיזע. איך הער.

— עס דאַכט זיך, אַז דער קראַנקער האָט זיך דאָ אָפּגע־שטעלט. איך בין נאָך נישט פולשטענדיג זיכער. אָבער עס דאַכט זיך מיר, אַז כ'האָב איהם דערקענט. כ'בעט בעפעהלען!

— דאָס איז מערקווירדיג! געכטען פאַר פיר אַ זייגער האָט מען מיר נאָך מיטגעטיילט, אַז ער איז דאָ אין מינכען. מען האָט מיר מודיע געווען מיט דער גאַנצער זיכערקייט. ווען אַ זייגער האָט דער קאָלעגע איהם געזעהען?

— האַלב אַכט.

— דער קוריער געהט עֶרשט אַוועק פון דאַנען אַכט אַ זייגער, און שטעלט זיך אָפּ עלף אַ זייגער אין לינדוי. ווען אפילו ער זאָל זיך האָבען בענוצט מיט אַן אויטאָ, האָט ער האַלב אַכט נישט בעוויזען צו געפינען זיך אין קאָנסטאַנץ!

— עס איז מעגליך, אַז איך בין מיך טועה. אָבער דאָס איז נישט וואַהרשיינליך. איך שליס נישט אויס, אַז דאָס איז דער גייסטיג־קראַנקער, וועלכען מיר זוכען.

— ריכטיג, אָבער אויף יעדען פאַל פאָרשט ווייטער. אויף איהר וועט זיין זיכער, אַז דאָס איז ער, זאָלט איהר תיכף אונ־

פערנעהמען זיבערהייטס-מיטלען.

— יאָ, ער איז געפעהרליך פאַר דער עפענטליכקייט.

— איך פערשטעה, קאָלעגע, אַ זיכערהייטס-קאַפּטאַן.

— און וואָס מאַכען אונזערע נערוועו-קראַנקע?

— זיי זענען גרייט אַרײנצוטרעטען אין סאַנאַטאָריום. איבערמאָרגען פאָהרט אַפּ די ערשטע פּאַרטיע.

— אַ דאַנק. איך פערלאָז מיך אויף דעם קאָלעגע.

אַנ'אויפנערעגטער איז מאַרקוזע זיך איבערגעגאַנגען אין צימער. ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז דער פּראָקוראָר, וואָס האָט זיך נעכטען פיר אַ זייגער נאָך געזעגענט און מינכען, זאָל מען שוין האַלב אַכט אין זעלבען טאָג האָבען געזעהען אין קאָנסטאַנץ? האָט זיך גישט געאָרט, אמאָל טועה געווען?

מאַרקוזע האָט זיך פערקליידעט אַלס פּאַציענט און אוועק אויף דער אַמאַנדאַ-גאַס, וואו עס האָט געוואוינט ווענס. ער האָט אָנגעקלינגען אין דער טיר. עס האָט איהם געעפענט דער בעדינער.

— איז דער הער פּראָקוראָר אין דער היים?

— ניין, ער איז אוועקגעפאָהרען. ביטע, גיט דעם בריף

— מען האָט מיר בעפוילען פערזענליך איבערצוגעבען... ווען קומט ער?

— איך ווייס נישט.

— איז ער אוועקגעפאָהרען אויף לאַנג, אָדער צי וועל איך נאָכמיטאָג קאָנען איהם איבערגעבען דעם בריף?

— דער הער פּראָקוראָר האָט וועגען דעם נישט געזאָגט.

— אַ, אַזוי? נו, קאָן איך מיך פערלאָזען אויף אייך. — האָט דער פּאַציענט געענטפערט — גיט אָפּ דעם בריף, אַזוי ווי איך.

— נאַטירליך!

דער בעדינער האָט איבערגעלייענט די אַדרעס.

„צום הער פּראָקוראָר ד"ר מילער.“

— דאָס איז אַ טעות. דאָ וואוינט פּראָקוראָר פאָן ווענס.

— אַ, צום טייוועל! מען האָט מיר, זעה איך, אויפגעגעבען אַ פאַלשע אַדרעס. בחינם געגאַנגען... אפשר ווייסט איהר,

וואו עס וואוינט דער פראָקוראָר מילער?

— ניין, איך ווייס נישט.

— שלעכט! מען מוז מארשירען צוריק. אדיע!

דער פלומר'שטער פאָליציאַנט איז אוועקגעגאַנגען, אָבער דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט געוואויר ווערען, האָט ער זיך דערוואוסט.

אויפ'ן וועג איז אויהם איינגעפאַלען:

— נאַטירליך, ער איז געפאָהרען מיט אַנ'אעראָפּלאַן! אָ, איך ווייס אפילו פאַרוואָס...

א סעקונדע איז אויהם געוואָרען פינסטער אין די אויגען. די ענטפלעקונג האָט אויהם אויפגערודערט. צום ערשטען מאָל האָט ער אָפּגעשאַצט דעם כח פון גענגער. דאָס דאָזיגע מיטעל האָט ער נאָך נישט בענוצט געגען אויהם. געוויס האָט נאָך נישט בעזייטיגט די בעפרייטע קאָנטרבאַנדיסטען. די לאַגע — האָט מאַרקוזע געטראַכט, — איז געוואָרען געפעהרליך דער מיט, וואָס א סך אַגענטען, וואָס ווערבירען פרייוויליגע אין פרעמדען-לעגיאָן, זענען רעמאַסקירט און אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין דער תפיסה.

„אויב וועמען מיט לאָזען אַרעסטירען דאָס גאַנצע גע-זינדעל, וועלען זיי אַזוי אָנפאַלען, אַז די בוואַליע פון זייער קאָן דערגעהן אַמאָל אויך צו מיר. צום ערשטען מאָל פיהל איך זיך נישט זיכער... פאַרוואָס האָט געוויס אויהם געלאָזט רוהיג אַדורכגעהן, אויב ער האָט נאָר אפילו געמיינט, אַז דאָס איז דער פראָקוראָר? זאָל דער טייוועל נעמען די מענשליכע בעהאַנדלונג, וואָס מיר האָבען אָנגעווענדעט צו אויהם, ווען מיר האָבען אויהם אַרויסגעוואָרפען פון גאַז-אויטאָ אין שלעז-הייט!... מיין לעבען שטעל איך איין. און אויהם מוז איך ענד-גילטיג אַראָפּרוימען!

איך מוז זיך צוגרייטען צו ענטלויפען. איך וועל ענטקו-מען דורך דער שווייצארישער גרעניץ, אויב איך וועל ביז אַלט א וויילע נישט זיין זיכער, אַז געוויס איז נישט אַרעסטירט געוואָרען.

וואו האָט איהם געאַרג געזעהען? ווען איך וואָלט עס גע־
קאָנט וויסען! אַלץ איז אָפּהענגיג פון דעם!

אומגעדולד, דו פרעסט מיך אויף! איך האָב היץ פון
האַס צו דעם אויסוואורף וועגן! ער שטעהט מיר אין מיין
וועג צום פערשטענטום עיטאָפּאָמאַר!

מאַרקוזע איז אהיימגעגאַנגען. ער האָט אונטער'ן אָרעם
געהאַט אַ פּאַקעט. אויף יעדען פאַל! אויב זיין וואוינונג זאָל
זיך שוין בסוד האָבען געפינען אַרומגערינגעלט פון פּאָליציי,
וואָלט ער אַליין געוועזען אַ פּאָליציאַנט, וואָס איז געקומען עפּים
אָפּגעבען. אין פּאַקעט האָבען זיך געפינען ציגאַרען. אָבער די
וואוינונג האָט ער געטראָפען אַ לעדיגע, אַרום און אַרים האָט
מען נישט בעמערקט קיין שום פערדעכטיגעס.

דעם אָוועגד האָט שוין מאַרקוזע נישט פערלאָזט דאָס
הויז. עס איז געוועזען בעסער און זיכערער, אַרויסצוקוקען פון
פענסטער, וועמען עס קומט צו איהם, ווי ערלויבען, אַז בעת ער
וועט זיך נישט געפינען, זאָל זיך עמיצער אַריינרייסען אין דער
וואוינונג דורכ'ן פענסטער און דאָ וואַרטען אויף איהם. ער
איז איבערצייגט געווען גרייט אויף אַלץ.

ער האָט פערבראַכט דעם אָוועגד איבערערעכנענדיג זיין
פערמעגען. צו דער סומע, וואָס ער האָט געפּלאַנט מיטצו־
נעמען, האָט לויט זיין רעכנונג נאָך געפעהלט אַ האַלב יאָהר
אַרבייט אין דייטשלאַנד. דאָ האָט ער שוין געקענט דאָס גע־
ביט. ערגיץ אַנדערשוואו וואָלט געמוזט אַוועקגעהן מיינדעס־
טענס אַ יאָהר, ער זאָל אָנהויבען זיין מעטינקייט. זיין שפּראַך־
קענטניש איז געווען צוגעפּאַסט בלויז צו די אַנגלאָ־זאַקסישע
לענדער.

— אַ האַלב יאָהר! — האָט ער זיך איינגעקריצט אין
מוח און אין בלוט.

— איך וועל דאָ בלייבען — האָט ער הויך אויסגערופען
אין איינזאַמען צימער, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, ווי
ער הערט אין צימער אַ קלאַפּ פון אַ האַמער און איינזען —
אַזוי שאַרף איז געווען דיין עקשנות, מיט וועלכער ער האָט

אַרויסגעטראָגן דעם בעשלוס.

צומאָרגנס אונטערפֿאָריה אַ זייגער האַלב אַכט האָט מען אים אין איילעניש גערופֿן צום טעלעפֿאָן פֿון קאָנסטאַנץ.

— דאָ איז דאָקטאָר דרינגער. הער קאָלעגע, איך האָב זיך געמוזט טועה זיין. עס איז נישטאָ קיין שפּור. איך האָב אַלץ געלאָזט אין בעוועגונג. די אַנדערע פּאַציענטען זענען גרייט אין וועג אַריין.

— אַ שאָד, קאָלעגע! טעלעפֿאָנירט נאָכאַמאָל אָוונט־צייט!

— דאָס איז אַ הונד! — האָט מאַרקוזע אַרויסגעשטיקט דורך די ציין, וואַרפֿענדיג דעם דאָזיגן אויסרוף דורכ'ן פֿענס־טער אין דער שטאָט אַריין, אין וועלכער ער האָט געמוזט לע־בען צוזאַמען מיט ווענק'ן.

— הגם דו האָסט מיר בלויז אויף איין האַלבער שעה צוגענומען די זיכערקייט, וועל איך דיך סוף כל סוף אָנפּאַקען! דאָס ערשטע מאָל האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן, צוליב אַ צופֿאַל! דאָס צווייטע מאָל וועל איך, מאַרקוזע, זיך פֿערגע־מען מיט דיר!

מאַרקוזע האָט פֿערלאָזט דאָס הויז און צו פֿוס אַוועק אין צענטער פֿון דער שטאָט. אין עפּיס אַ מאָדערנעם האָטעל האָט ער געפֿרעגט אויף דעם הער גענעראַל־דירעקטאָר הונגער־בוהלער.

— יאָ, ער וואוינט דאָ. צימער 115.

בעת מאַרקוזע איז אַריין אין צימער, איז עס געווען לעדיג.

— שפּערי! — האָט ער שטיל אַ רוף געטאָן.

עס האָט זיך געעפֿענט די טיר פֿון דער שאַנק און עס האָט זיך בעוויזען שפּערי.

— ווענק, דאַכט זיך, איז געוועזן אין קאָנסטאַנץ. עס האָט מיר טעלעפֿאָנירט געגאָ... האָב עס און זין! וואָס מאַכט די קאַראָזע אין געפֿענגניש?

— עס וואַלט געווען גוט, מען זאָל זי איבערגעבן אונ־

טער דער איינפֿזיכט פֿון דער אָפּערירונגס־קאָמיסיע. א כדי מויל איז זיכערער.

— ניין! איך האָב שוין געזאָגט! איהר לעבעדיג מויל איז מיר זיכערער, ווי איטערע טויטע מײַלער! — האָט מאַרקוזע שטרענג געענטפֿערט.

— אויף יערען פֿאַל האָב איך געשלאָסען קאָנטשאַפּט מיט'ן וועכטער פֿון דער תּפֿיסה

— צו וואָס?

— מען זאָל זי אַרויסנעמען פֿון דאָרט, אויב זי דאַרף לעבען.

— איינזעל! — האָט מאַרקוזע געזאָגט מיט כעס — איך האָב שוין געזאָגט: זי איז זיכער דאָרט, וואו זי איז. ווען מען זאָל איהר אפילו עפֿענען דאָס מויל מיט אײַזערנע צוואַנגען — וועט זי גאָרנישט זאָגען. שלאָג דיר דאָס אַרוים פֿון קאָפּ! זי וועט אַרוים פֿון טורמע דאַן, ווען איך וועל פֿעה־לאָזען אייראָפּא. איך בין געקומען דיר זאָגען, אַז אין פֿערלויף פֿון איין חודש מוז מען ערלעדיגען מיט ווענק'ן. אַזוי פֿיל צײַט כדי די אַרבײַט זאָל זײַן זיכערער. קײן איין טאָג נישט לענגער פֿון טערמין!

און ער איז אַרויס אהן גרוס.

IX

אין אָווענד האָט ד"ר מאַרקוזע געזאָלט זײַן מיט א וויזיט בײַם נעהיים־ראַט וועגדעל, א פּסיכיאַטאָר. ער האָט בעקומען אַן'אײַנלאַדונג אויף א טיי־אָוועגד, בעת וועלכען מען האָט געזאָלט ווײַזען די געסט אַן'אינטערעסאַנטע נאַכט־וואַנדערערין. אין אַ ציסטאַנד פֿון שלאָף האָבען אויפֿגעוואַכט אין איהר עראינערונגען, וואָס האָבען מיט א סך אײַנגצעלהײַטען דערגרייכט ביז צו די ווײַטסטע קינדער־יאָהרען... אַזש ביז צו דער גרעניץ פֿון דער צײַט, ווען דער מוח איז נאָך נישט געווען אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט, אַז ער זאָל וויסען צו טראַכ־טען עפּיס אַנדערש, ווי וועגען די ערשטע פֿיזישע בעדערפֿ־נישען.

מיט'ן געהיים־ראט וועגדעל האט מאַרקוזע געשלאָסען קאָנטשאַפט דורך אַ געווויסער פאציענטקע, אַ דאמע פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האט געלימען אויף שווערע נערווען־שטערונגען און איז אויסגעהיילט געוואָרען דורך איהם מיט דער הילף פון היפּנאָטיזם. אין וועגדעל׳ס הויז האט מען געטראָפען אַ פערשידענאַרטיגע געזעלשאַפט — עס האָבען זיך דאָ געפונען נישט בלויז געלערנטע, נאָר אויך קינסטלער, בעריהמטע אַדוואָקאַטען, פילאַנטראָפען, מיט איין וואָרט אַלע, וואָס האט אין די לעצטע יאָהרען זיך פּאָפּולער געמאַכט אין די בעסטע געזעלשאַפטליכע קרייזען.

מאַרקוזע האט געקריגען אַלס חבר'טע ביים טיש, אַ דאַמע, אין וועלכער ער האט מיט דער גרעסטער פערוואונדערונג דערקענט אַ פערזאָן, וואָס ער האט אַמאָל געזעהען ערגיץ אַנדערשוואו. איהרע פּאַרטנערען האָבען איהר אין די שפּיל־הייזער גענעמען אַ נאָמען: „די נישט־אַקטיווע“.

דאָס איז געווען די גרעפין האאזע.

דעם גאַנצען אָוועגד האט ער איהר געשענקט די גרעס־טע אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האט נאָר געקאָנט; ער האט איהר דערצעהלט שפּאַנענדע, אונגעוועהנליכע איבערלעבונגען, פּאַסירונגען פון קאַרק־ברעכערישע רייזען, פּאָרפאַלען בעת יעגען אויף ווילדע חיות און ווילדע מענשען אין די עקזאָטי־שע לענדער. ער האט געערערט מיט עפּיס אַ גרויסאַמער בע־גייסטערונג, מען קאָן זאָגען, מיט אַ חיה׳שען צאָרן, דערמאָ־נענדיג זיך מיט פרייד זיין מאַכט, וואָס ער האט דעמאָלט אַרויסגעוויזען. ער האט גלייך פערשטאַנען די אינסטינקטען, וואָס האָבען די דאָזיגע פרוי געטריבען אין שפּיל־הויז, און ער האט זיך געפיהלט אַזוי, ווי אַ פּלוצלינגע, פערשפּעטיגטע ענטפּלעקונג האט איהם געבלוטיגט די וואונדען פון האַרץ.

אָבער אין דעמזעלבען האַרץ האט זיך געעפענט אַ שפּאַרע, אַ תהום — אַזאַ טיפער, וואָס בלויז אַ צוטעררדיג מענשליך האַרץ קאָן עס פיהלען. פון דער זעלבער סעקונדע אָן האט

ער מיט דער פּאַנטאַזיע און מיט דער שפּראַך אָנגעהויבען אַ געיעג אויף דעם ציטערדיגען האַרץ, וואָס איז געווען נעבען איהם, — אַ געיעג, ווי אַמאָל אין די דזשונגלים אויף טיגער'ם, וועלכע האָבען דערפיהלט מענשען-בלוט, און ווערענדיג צורייצט פון די יעגערס, האָבען זיי זיך פון גרוים צורייצטקייט בעגאָסען מיט זייער אייגען בלוט.

די דאָזיגע פרוי איז געווען דאָס האַרץ, וואָס ער האָט געדאַרפט. דער פערלאַנג צו הערשען איבער איהר האָט איהם ברענענדיג געמאַכט דעם מוח און איהם אינגאַנצען אויסגעפילט. ער האָט דורך איהרע אויגען אַריינגעקוקט אַזש אין דער טיפעניש פון איהר נשמה און געזעהען, ווי זי ווערט פערזונקען אין זיינע דערציעהלונגען; ער האָט געפיהלט, ווי איהר בלוט הויבט זיך ווי אַ כוואַליע. יאָ, זי האָט אַזוינס געוואָלט! ר האָט זי מיט יעדער מינוט שטאַרקער און פילער! ער האָט פאַר איהר געשילדערט די פרעמדע נאַטור און פאַר איהרע אויגען אָנגעוואָרפען אַ בילד, ווי ער קעמפט געגען איהר מיט זיין ווילען, מוסקולען און גייסט. ער האָט איהר איינגערעדט, זי זאָל גלויבען, אַז די דאָזיגע גאַנצע פרעמדע נאַטור, מיט וועלכער ער האָט אַזוי געקעמפט מיט אַג'אי-בערגעוויכט — איז געווען זי!

זי האָט געציטערט פון זיינע ווערטער. זי איז מאָדנע שוואַך געוואָרען. זי האָט דערפיהלט אַ הייסען פערלאַנג זיך צוצוטוליען צו עמיצען, צו צערטלען זיך; דער פערלאַנג איז געקומען אַזוי שטאַרק, ווערענדיג אָנגעגליהט דורך די אייזערנע ווערטער פון אַט דעם מענש, וועלכער האָט מיט ברענענדיגע בילדער זי געוואָלט צונאָגלען צו זיך — אַז זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון אָרט, איז שנעל צוגעלאָפען צום מאַן און מיט אַ בעטענדיגען, שטאַרק-געריהרטען בליק זיך צוגעפרעסט צו איהם מיט'ן גאַנצען קערפער.

מאַרקוזע האָט דאָס געזעהען. אַ רויטער נעפּעל האָט איהם פערשטעלט די אויגען, ווי דאָס בלוט וואָלט צוגעקומען

צו זײַן קאָפּ אין אַ הײסען שטראָם. דער נעפּעל איז געװען רויט פון גלוסטונג צו פרייד און פון ליידענשאַפט. ער האָט שוין נישט געקאָנט דערלײַדען, אַז אַ פרעמדער בליק האָט זי בערירט... אַז עפּיס אַ פרעמדער מאַן װאַגט זיך צו רעדען צו איהר... אַז עמיצענ'ס ליפּען בויגען זיך אַראָפּ צו איהר האַנד... און אַז די ליידענשאַפטליכע ליפּען, װאָס קושען איהר האַנד, רעגען אויך זי אַליין אויף...

אַ רויטער נעפּעל פון תאוה און פון ליבע איז געהאָנגען פאַר מאַרקוזע'ס אויגען.

ער האָט געמוזט אַרויסגעהן. מיט אַנ'אומפּעטיגען צאָרן האָט ער דעם אויטאָ געפיהרט אַהיים. אַלע זײַנע חושים זענען געבליבען בײַ יענער פרוי. און זײַענדיג דערװײַטערט פון איהר, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זײַן בלוט האָט זיך אָפּגעריסען פון איהם... דער אויטאָ האָט דערװײַל געקנאַקט, לויפענדיג אין אַ װילדען גאַלאָפּ איבער די גאַסען...

אין דער הײם האָט ער געטרונקען אַזוי לאַנג און אַזוי פיל, ביז דאָס צימער האָט גענומען טאַנצען פאַר זײַנע אויגען אין אַ שכור'ען טאַנץ, און װען דאָס מעבעל, די זאַכען פון דער שטוב, האָבען זיך אויסגעמישט אין געװירבעל, האָט ער אינמיטען געזעהען זי, די גרעפין האַאזע...

אַ שכור'ער האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער רײַסט אַרויס איהר האַרץ, װאָס צימטערט אויף זײַנע לאַנגע, פערבלוטיגטע פינגער און דאָס האָט איהם פערשאַפט פרייד און פערגניגען.

עס איז געקומען פאַר דער גרעפין האַאזע דער טאָג, װען איהר פּלאַן אײַנגעזעצט צו װערען אין דער תפיסה, האָט געזאָלט פערװירקליכט װערען אין לעבען. זי איז אַװעק צו װענקי'ן. ער האָט זי געפיהרט צו דער תפיסה און אַרונגעבעטען מיט'ן דירעקטאָר.

אײדער זי איז אַרײַן אין דער קאַמער, האָט זי געשטעלט אַ פראַגע:

— אויף װי לאַנג?

— װי לאַנג איהר װעט װעלען, פרוי גרעפין! — האָט

װענס געענטפֿערט, — יעדענפֿאַלס איז עס אָפּהענגיג פֿון אײַער געשיקטקײט. אָבער, פֿערשטעהט זיך, עס איז נעניג פֿון אײַך אײן פּיפּס און איהר זענט פֿרײַ, כאָטש דער ציל װעט ניִשט זײַן דערגרײכט.

זי האָט געענטפֿערט:

— צײַט האָב איך גענוג. איך װאָלט בּקויז געװאָלט בּעטען: אַ טאָג אוּרלויב, דעם קומענדיגען מאָנטאָג, פֿאַר אַ נײַע װיכער פּריװאַטער אָנגעלעגענהײט!

— נאַטירליך — דאָס קאָנט איהר צו יעדער צײַט קריגען! איך װעל מיר שרלויבען דאַן צו קומען צו פֿאָהרען נאָך אײַך. איך האָף, אַז דעמאָלט װעט איהר שוין האָבען עפּים מיר צו זאָגען.

— אָבער הער פּראָקוראָר, — האָט זי געזאָגט, — מײַן מאַן װײסט װענגען אַלעם. עס װאָלט גוט געװען, װען איהר װאָלט איהם בּעזוכט. ער לײַדט שטאַרק צוליב דעם. גוט?

װענס האָט זיך נידריג פֿערנײגט.

דער װעכטער האָט אַרײַנגעלאָזט די גרעפֿין. זי האָט זיך נאָכאַמאָל אויסגעדרעהט מיט אַ כּשופֿ'דיגען שמײכעלע.

— ערפֿאָלג! — האָט װענק נאָכגעשריגען.

און זי איז פֿערשװוּנדען אין לאַנגען קאָרידאָר.

די גרעפֿין האָט געהאַט פֿערלאָזט דאָס הויז פֿון געהײמראַט הענדעל אַ בּערוישטע. דער אונבּעקאַנטער איז פּלוצלינג פֿערשװוּנדען. אָבער איהר בּערוּהרונג מיט דער קראַפֿט פֿון זײַן גײַסט האָט זי בּעהערשט און זי האָט דערין ניִשט מעהר געקאָנט פֿערגעסען. די דאָזיגע קראַפֿט, פֿול מיט געהײמניסען, האָט פֿון איהר אַ בּיסעל אַװעקגערוקט דעם פּראָקוראָר.

און בּעת עס האָט זיך געעפֿענט פֿאַר איהר די טיר פֿון דער קאַמער, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זי געהט דאָ אַרײַן אָהן דעם בּרען, װאָס זי האָ טפֿריהער געהאַט, װי אין אַ קאַלטער, פֿרעמדער װעלט־װײַטער קאַמער, װאָס אינטערעסירט זי ניִשט.

זי האָט איהם געזאָלט נאָכאַמאָל זעהען מאָנטאָג.

— צום נאָהענטסטן טאָג מיט מײַן מעריום. דעם קאָמענדירנגען מאַנטאַן. פֿאַרבעט איך ווידער אײַער שכל. — האָט איהר, אײדער זי איז אַוועקגעגאַנגען, געזאָגט דער אַל־טער געהיימראַט מיט זײַן נעווערהנליכען נוטהערציגען, סקעפּ־טישען שמייכעל. וואָס האָט אַזוי צונעצויגען מענשען.

די טיר פֿון דער תּפֿיסה־קאַמער האָט זיך פֿערשלאָסען הינטער איהר. זי האָט בעמערקט עפּיס אַ געשטאַלט אויף דער שטול. דאָס געשטאַלט האָט זיך נישט בעוועגט.

— ווער? — האָט עס אַ ברום געטאָן כמעט ווי אַ הונד.

— גוט מאָרגען! — האָט די גרעפֿין געזאָגט.

קאַראָזאַ האָט זיך פֿויל אויסגעדרעהט. ערשט דאַן, ווען איהר בליק איז געפֿאַלען גלײַך אויף דער גרעפֿין, האָט די לעצטע געטאָן אַ לײַכטען געשרײַ און מיט אַ גוט־געמאַכטער פֿערוואונדערונג שנעל צוגעשפּרונגען צו איהר. אויסרופֿענדיג:

— איהר דאָ? אָבער מיר קענען זיך דאָך! וואָס פֿאַר אַ וואונדערליכער צופֿאַל!

און זי האָט גלײַך אָנגעהויבען צו פּלוידערען, ווי זי וואָלט נישט בעמערקט קאַראָזאַ'ס שלעכטע שטימונג.

— שטעלט אײַך פֿאָר, פֿרײַליין, מען האָט אונז אַרעס־טירט און שראַמ'ס לאָקאַל. אַזאַ פּרעכטיגער לאָקאַל! ער איז געוואָרען פֿערמאַכט דורך דער פּאָליציי. איך זאָג אײַך, עס איז גאָט'ס וואונדער, ווי דער אַרעסט איז צוגעגאַנגען. איין פּאָליציאַנט איז אַרײַן דורכ'ן פֿענסטער, אַ צווייטער דורך די טיר. און אַ פּאָר סעקונדען האָט מען אונז אַרומגערינגעלט. אײנער האָט געקרעכצט: „איך בין אַ בכבוד'ער בירגער! איצט בין איך קאָמפּראָמיטירט געוואָרען!". עס איז געוואָרען אַ געטומעל און געלויפֿערײַ ווי אין אַן אמת משוגעים־הויז! איך האָב זיך נישט געקאָנט לעגיטימירען, און דערפֿאַר האָט מען מיך אַרעסטירט! זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס זאָל איך טאָן? איז עס טאַקע אפֿשר אַ פֿערברעכען צו שפּילען? אָבער איך, ווי איהר ווייסט, האָב דאָך קיין איין מאָל נישט

געשפּילט !

אָבער קאַראָזאַ האָט זי בעטראַכט פֿון אויבען אַראָפּ מיט א בייזען בליק.

— זאָגט מיר, וואָס איך איז !... איך זעה, אַז איהר זענט נישט מיט אַלעמען ! — האָט די גרעפֿין נעבעטען.

— מיר איז... אַז איך וויל, איהר זאָלט מיך לאָזען צו־רוה !... און דער יונגערמאַן מיט דער בלאָנדער באָרד איז דעמאָלט אויך געווען ?

— אַ, דער. וואָס האָט געשפּילט מיט קאָ־גּ'ען ? דאָס מיינט איהר ? ניין, ניין, ער איז נישט געווען. זינט דעמאָלט איז ער קיין איינציג מאָל מעהר נישט געקומען.

— און דער אַלטער פּראָפֿעסאָר ?

— און ער איז אויך נישט געווען.

— נו, מעהר דאַרפֿט איהר מיר נישט דערצעהלען, — האָט די קאַראָזאַ געזאָגט פֿרעך — ווייטער געהט מיך נישט אָן קיין שום זאַך ! די וועלט אינטערעסירט מיך נישט ! איך בין אומגליקליך !... איך בין פֿערלאָזט, פֿערראַטען דורך אַלע! גאָרנישט געהט מיך מעהר אָן. איך בין אַ פֿערלוירענע ! איך קאָן אייך בלויז נישט זאָגען. אייך בלויז דערצעהל איך עס. איהר זענט אַן'אומזעריגע. איך בין פֿערלוירען, אינגאַנצען פֿערלוירען — זאָג איך אייך ! און פֿערראַטען אַזוי, אַז מען דאַרף זיך נישט ווענען מיר מעהר, ווי ווענען אַ מויז, וואָס איז דערפֿרוירען געוואָרען אויפ'ן פֿעלד. אָ, איהר בייזע הינט !... בייזע הינט !...

קאַראָזאַ איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בענקעל און אָנגע־כאַפּט די גרעפֿין בײַ די העגד.

— איהר זענט געווען מיט אונז. זייט ווייסען — האָט זי געשריגען וואָס אַמאָל מעהר היסטערישער און ווילדער, — אַז קיינער אויף דער וועלט איז נישט געוואָרען אַזוי מיאוס פֿער־ראַטען, ווי איך. און איך האָב עס גאָרנישט געדאַרפֿט. איך בין געווען אַן'אַרטיסטקע. איך בין געוואָרען פֿערעהרט... און

דערנאך אַזוי מיאוס פּעריאַטעז, אַוועקגעוואָרפן און פּער-שטויסן! אַוועקגעוואָרפן. ווי אַ פּאַרכאָוואַס הינטעל אין רינשטאָק!...

— פאַרוואָס האָט ער אייך אַוועקגעוואָרפן? — האָט די גרעפין געפרעגט. זי האָט געפרעגט נישט דרייסט. זי האָט זיך געהאַלטען ווי אַ מיידעל, לגבי דער ראָזיגער גרויסער צאַר-ניגער. ווילדער פרוי...

יאָ, ער האָט זי אַוועקגעוואָרפן, — האָט זי געטראַכט— אַוועקגעוואָרפן אויף שטענדיג. און אַ שרעק האָט זי אַרומ-גענומען. ווייל זי האָט געגלויבט, אַז ער איז טויט. זי איז מיט איין מאָל געוואָרען אומזיכער מיט איהר גאַנצער אונטערנעה-מונג.

— ער איז דאָך געשטאָרבען! — האָט זי שטיל און אין צווייפעל געזאָגט.

— ווער? ! — האָט די קאַראָזאַ אַ געשריי געטון.

— איינער פרייגר.. ווינטער, — האָט די גרעפין פּעזלע-גען געענטפערט און איז גרייט געווען צו בעטיילינגען זיך אין איהרע ליידען. דער געדאַנק וועגען דער אַרבייט, וואָס דער פראָקוראָר האָט איהר אָנפּערטרויט, איז איצט אַוועק אַן אַ זייט.

אָבער יענע האָט קרעכצענדיג גענומען שרייען:

— וואָס? ער איז נישט געשטאָרבען! איך מיין אַ לע-בעדיגען! איך זיץ דאָ אַ געפאַנגענע! און ער שטעהט דאָרט אין דער שטאָט, — גרויס ווי אַ טורעם, ווי אַ פעלז, זאָג איך אייך. אַך. די נאַריש מיידעל, ווייסט דו נישט, ווער ער איז? אַלץ איז אין זיינע הענד אַ נעבעכדיג שפּילעכעל! מיין כלו-מר'שטע אונגעטרייקייט איז אויך געווען פאַר זיין נוצען!...

ווינטער? ער איז טויט! וואָס קאָן דען זיין עפּיס נאַרישערס ווי ווינטער'ס טויט! ?... אָבער יענער אַנדערער לעבט, לעבט פריי, הינטער מיין קאַמער! ווען ער וואָלט מיך בלויז געקאָנט דולדען ביי זיינע פיס, אַפּש ווי בלויז אַ פוטער, וואָס דינט אַנ-

צוואַרעמעןֹ דעם גרויסען פֿינגער פֿון זײַן פֿוס... דאָס איז אַ ריזיגער מאַן. זאָג איך דיר... אַ ווילדער, — אַ בער, — אַ לײַב — אַ מינגער פֿון בענגאַליען... פֿערשטעהסט ?... נישט פֿון אונזער קאַלט לאַנד. נאָר פֿון בענגאַליען, וואו עס איז אַמאָל געווען מײַן גן־עדן. און וואוהין איך וועל שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען. ווײַל מען וועט מיך לאָזען פֿערפֿוילט ווערען דאָ אין דער נאָרע !

און באַלד איז זי איבערגעגאַנגען אין אַ רוהיגען טאָן און געפֿרעגט :

— זאָג מיר, צי גלויבסטו, אַז עס זענען דאָ מענער, וואָס זענען אַזוי שטאַרק, אַז זייער ווילען קאָן... די מויערען... דאָ אַרום מיר... צוברעקלען, אויב ער ווייסט, אַז איך וויל אַזוי... איך פֿערלאַנג אַזוי ? !

— אין דער ווירקליכקייט זענען אַזעלכע נישטאָ. אָבער פֿאַר אינזערע אויגען זעהען זיי אַזוי אויס ! — האָט געענטפֿערט די גרעפֿין. דער אָטעם פֿון ליידענשאַפֿט, וואָס האָט אויף איהר פּלוצלינג אַ בלאָז געטהון, אָנקומענדיג פֿון אַן אַנדער מענשליך האַרץ, האָט ווײַטער געשטורעמט אין איהר ווי אַן אָרקאַן.

ווי בעדויערנסווערט זי, די גרעפֿין, האָט איצט אויסגעזעהען אין איהר ראָלע אויסצוגעגאַרען געהיימנוסען ! ווי נעבעכדיג זי האָט אויסגעזעהען אין איהרע אייגענע אויגען ! זי האָט פּלוצלינג אָפּגעוואָרפֿען אַלע פּלענער און צוזאָגען, ווי עפּיס אַזוינס, וואָס האָט זי בעשמוצט. זי איז פֿול געוואָרען מיט מיטלייד פֿאַר דער דאָזיגער פֿרוי.

— יאָ, אַזוי איז עס. — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט, — אַזוי זעהען זיי אויס אין אונזערע אויגען.

און דאָ האָט די גרעפֿין, נישט ווויסענדיג, ווי אַזוי עס קומט צו איהר. פּלוצלינג דערזעהען פֿאַר די אויגען יענעם אומבעקאַנטען פֿון מײַ־אָווענד בײַם געהיימראַט. ער איז געשטאַנען ווי אַ סטאַטוע פֿון שטיין. ער האָט נישט געוואָלט

פֿערשוואונדען ווערען. יענער׳ס דערצעהלען האָט איהם אויפֿ-
געלעבט. דאָס געשטאַלט האָט זיך בעוועגט, ווי עס האָט געוואָלט, הין און צוריק... די גרעפֿין האָט מיט איינמאָל דערפֿיהלט אַן׳אונגעהויערע בענקשאַפֿט אָנצוקוקען אָט דעם מאַן... זי ווייס נישט פֿאַרוואָס... עפּיס אַ טונקעלע קראַפֿט ציהט זי צו איהם...

— האָסטו איהם אַזוי שטאַרק געליבט? — האָט זי געפֿרעגט די קאַראָזאַ.

קאַראָזאַ האָט מיט גרינגשעצונג געענטפֿערט:

— אַך, וואָס בעדייט דען דאָס וואָרט... ליבען...

פּלוצלינג האָט זי הויך אַ געשריי געטאָן:

— איך ליב איהם נישט! ער איז בלויז פֿאַר מיר אַליין! ווייל דאָס איז אַן׳אמת׳ער מענש! ער איז אַ גאַנצע וועלט פֿאַר זיך אַליין! ער געפֿינט זיך דאָרט, אין דער גרויסער שטאָט פֿון קליינטשיגע מענשעלעך, קליינע הייזער און גאַסען, — און איז ווי די דזשונגעל, ווי אַן׳אור-וואַלד! מיר דאַכט זיך, אַז אין איהם בעהאַלטען זיך טיגערס און שלאַנגען — אַלץ, וואָס איז שטאַרק אין דער נאַטור!

זי איז פּלוצלינג ענטשוויגען געוואָרען. זי האָט נישט געפֿינען קיין גענוג פּאָעטישע ווערטער, כּדי אויסצודריקען די געפֿיהלען, וואָס האָבען געציטערט אין איהר בלוט.

און ביידע פֿרויען זענען געזעסען נאָהענט איינע צו דער אַנדערער, די גרעפֿין אויף דער פּאָדלאָגע און קאַראָזאַ אויף דער שטיהל — מיטגעריסען פֿון עפּיס איין גרויסער אונגעהויערער בענקשאַפֿט.

— זאָגט נאָך עפּיס! — האָט די גרעפֿין זיך אָנגעריפֿען מיט געבעט און מיט מורא.

— שווייג, אָדער איך דערשטיק דיך... איך דערשטיק דיך! — האָט קאַראָזאַ אַ געשריי געטאָן.

דעמאָלט איז די גרעפֿין אָפּגעטרעטען. זי האָט געפֿיהלט, אַז זי גרענעצט זיך מיט איהר ביז-איצטיג לעבען, אַז זי נעהמט

אַרײַן אין אַן אַנדערער װעלט, װאָס איז פֿיל נידעריקער, װי יענץ לעבן, װאָס זי האָט געפֿירט ביז אַהער. זי האָט זיך געפֿילט װי אַ פֿײגעלע אין די נעגל פֿון אַ בערג־אָדלער.

מען האָט זי געבראַכט עסן. בײדע האָבן עס ניט אָנגערירט. קאַראָזאַ האָט זיך געלײגט אין אָנגעטאָן בעט אױף אײנעם פֿון די געלעגערס. די גרעפֿין האָט איר נאָכגעטאָן און זיך אױך געלײגט אױף דעם שטרױ־זאַק פֿון צװײטן געלעגער. די נאַכט האָט זיך געגלימשט איבער זײ. די איבערלעבונגען פֿון טאָג האָבן זײ אַרײַנגעבראַכט אין אַ װאַכטאָגיקער, פֿאַרמאַטערנדער שלאָפֿלאָזיקײט, װי אין אַ זומפּ.

אינמיטן דער פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט האָט זיך די קאַראָזאַ פּלוצלינג האַרט אָנגערופֿן:

— דו שלאָפֿסט?

— נײן!

— צו װאָס ביזטו דאָ?

די גרעפֿין האָט דאָן ניט געהאַט קײן דרײסטקײט איבערצוחזר׳ן איר לײַנען. זי איז אין פּחד אַנטשװיגן געװאָרן.

אַ װײַלע איז קאַראָזאַ געװען שטום. דערנאָך האָט זי גלײַכגילטיק געזאָגט:

— מען האָט דיר אַהערגעבראַכט, דו זאָלסט מיך פֿאַרהערן! האָב איך דיר עפּעס געזאָגט?

— יאָ!

— װער האָט דיר באַפֿױלן?... ער?...

— יאָ!

— האָב איך דיר געזאָגט זײַן נאָמען?

— נײן!

— דאָס איז גוט! אַנדערש װאָלסטו ניט אַרױס פֿון דאַנען קײן לעבעדיקע! און װען אַפֿילו איך האָב אָנגערופֿן דעם נאָמען און דו זאָגסט איצט לײַגנט, טאָ װײס, אַז ער האָט איבערהױפּט ניט קײן שום נאָמען. ער איז טױזנט

מענטשן. ער איז אַ גאַנץ לאַנד! ער איז אַ װעלט־טײל!

— פּונקט װי יענער! — האָט די גרעפֿין געטראַכט.
אָבער אין אַ סעקונדע אַרום האָט זי נישט געװאוסט, צי האָט
זי דאָס אַרױסגערעדט מיט'ן קול.

— װען װעסטו אַרױס פֿון דאַנען?

— װען דו װעסט װעלן.

— נו, טאָ גײ שױן אַרױס! גײ, זאָג אַלץ, װאָס כ'האָב
גערעדט.

— ניין! — האָט די גרעפֿין געענטפֿערט.

— פֿאַרװאָס זאָלסטו נישט זאָגן, אױב דו ביזט דאָ
אַהערגעקומען?

— יעצט איז עפּיס אַנדערש.

— יעצט איז גאָרנישט אַנדערש! — האָט קאַראַזאַ
חוצפּה'דיג אָפּגעלײקענט. אַלץ איז אַזױ װי עס איז. אַזױ װי
עס איז געװען. ער איז דאָרט אין דער ברײטער פֿרײהײט,
איך, װי אַ שמאַטע, פֿױל אין דער טורמע. זאָג איהם אַלײן!

— ניין, איך װעל גאָרנישט זאָגן.

— פֿאַרװאָס, דו... נאַלעט־אַרומטרײבערין? — האָט
קאַראַזאַ מיט צאָרן אױסגערופֿען.

— דערפֿאַר, װײל דו קאָנסט איהם אַזױ ליב האָבען!
דאָ איז די קאַראַזאַ ענטשװיגען געװאָרען. אָבער אין
עטליכע סעקונדען אַרום האָט זי זיך געװאָרפֿען אױפ'ן גע־
לעגער, געבּרומט און ביטער געװײנט.

די גרעפֿין איז שטיל געלעגען.

X

װענק האָט בעקומען שלעכטע נאַכריכטען װעגען דאָ־
לענדער'ס געזונד־צושטאַנד. ענטגעגענשטעלענדיג זיך ענער־
גיש די אָנפֿאַלער, האָט אײנער פֿון זײ איהם דערלאַנגט אַ
שװערען זעץ אין קאָפּ מיט אַ טעמפּ שטיק אײזען, פֿון װעל־
כען ער האָט געקריגען אַ מוח־ערשיטערונג. ער האָט זיך װײ־
טער געפֿינען אין אַ בעװאוסטלאָזען צושטאַנד און זײן מצב

איז געווען אַזאַ אומבעשטימטער, אַז די דאָקטוירים האָבן אַליין נישט געוואוסט, צי ער וועט לעבן, אָדער שטאַרבן.

ווען מ'האָט אים אויסגעפרעגט, האָט — לויט דער מיינונג פון די דאָקטוירים — נישט געקאָנט זיין קיין רייד פאַר צוויי אָדער דריי וואָכן, אויב ער זאָל אפילו אויסהאַלטן די קריזיס.

וואָס שייך קאַראָזאַ'ס אנטייל אין פאַרברעכן, האָט ער פון איהר פערזענליך גאָרנישט געקאָנט אַרויסקריגן קיין ערקלערונגען, ווייל זיין פאָדערן ערקלערונגען פון איהר איז געווען פאַר איהר אַ באַווייז, אַז ער האָט געהאַט אַן'איינפאַלים אויף איהר אַרעסט; באין ברירה האָט ער געמוזט האָפן, אַז די גרעפין וועט אפשר קאָנען עפּים אויפקלערן — און ער האָט געוואַרט.

היינט איז געווען מאָנטאָג און ער האָט ערוואַרט, אַז פיר אַ זייגער וועט ער געוואָהר ווערן, צי עס האָט זיך איהר איינגעגעבן עפּים צו דערווייסן זיך.

דעם היינטיגען טאָג איז ער נישט אַרוים פון הויז. די צוויי פאַלען, צווישען וועלכע ער האָט צונויפגעזאַמעלט זיינע כחות, זענען נישט געווען צו פאַראייניגען, ער זאָל זיי ביידע קאָנען האָבען נעבען זיך. איינער איז געווען די טורמע פאַר פרויען און דער צווייטער, ווייכטיגערער, איז געווען — קאָנסטאַנץ. פון דאָרט האָט ער כסדר אָפגענומען טעלעפאָנישע געשפרעכען. עס האָט זיך געהאַנדעלט נישט צו לאָזען ענטקומען פאָלדרינגער'ן.

אַזוי ווי ער האָט לאַנגע שעה'ן געמוזט פאַרברענגען ביי זיך, וואַרטענדיג, איז ער אָהן אויפהער געגאַנגען הין און צוריק אין דער אונגעדולדיגסטער שטימונג; אַט איז ער געלאָפען צום טעלעפאָן־אַפּאַראַט און אַט צום פענסטער.

דאָ איז אים מיט איינמאָל אויפגעפאַלען געוואָרען עפּים אַ פערשוין. באַלד אינדערפריה, אַ זייגער אַכט, האָט ער אים צום ערשטען מאָל דערזעהען, און אין אַ האַלבער שעה אַרום ווידער. דאַן איז ער אים פערשווינדען געוואָרען פון די אויגען אַ לענגערע צייט. יעצט האָט ער אים דערזעהען. דער פערשוין האָט כסדר שפּאַצירט פאַר זיין הויז — ער איז

אַוועק, דערזעהענדיג איהם אין פֿענסטער — און יעצט איז ער געשטאַנען וועט אין ראָג.

האָט מען דעם דאָזיגען פּערשוין געהייסען איהם נאָכ־פֿאָרשען?

ווענק האָט בעשלאָסען דאָס געוואָהר צו ווערען.

ער האָט געהייסען אַ געהיים־אַגענט אַזוי זיך צו לאַ־ראַסמעריזירען, אַז דער, וואָס האָט איהם בלויז געקענט פֿון דער ווייטענס, זאָל איהם האַלטען פֿאַר דעם פּראָקוראָר אַליין. דאַן איז דער שאָפֿער געקומען מיט זיין אויטאָ צו ווענק'ס הויז, און ווענקען ער האָט געוואַרט אויף דעם פֿערמאַסקיר־טען אַגענט; דער לעצטער איז אַרויס און דעם מאָמענט, ווען דער אומבעקאַנטער האָט זיך ווידער געוויזען אין רינג. דער פּאָליציי־אַגענט איז שנעל אַרונטערגעלאָפֿען דאָס שטיקעל וועג פֿון קאָרידאָר צום אויטאָ, איז אַריינגעשפּרונגען, האָט זיך איינגעטוליעט אין אַ ווינקעל און דער אויטאָ איז שנעל אָפּגע־פֿאָהרען. ווענק האָט גערעכענט, אַז דאָס דאָזיגע איינפֿאַכע שפּיצעל קאָן איהם עפּיס ברענגען.

דער טעלעפֿאָן האָט איהם גערופֿען: קאָנסטאַנץ וויל רעדען!

„דער פֿערפֿאָלגטער האָט דריי אַ זייגער געברענגט אויף דעם וואָקזאַל 16 בחורים. דריי מיט 36 געהט אָפּ דער עקס־פּרעס־צוג קיין אָפּענבורג. עס איז נישט בעקאַנט, ווער פֿון דער דאָזיגער געזעלשאַפֿט פֿאָהרט אָפּ. אַ מייל האָט קלומ־פּעך און אַ סך גאַרנישט. קודם כל איז נישט בעקאַנט, צי דער פֿערפֿאָלגטער פֿאָהרט אויך. עפּיס אַנ'אַנדערער פּערשוין האָט געקויפֿט זיבען בילעטען קיין אָפּענבורג. צוזאַמען מיט'ן פֿער־פֿאָלגטען דאַרפֿט מען האָבען אויפֿ'ן אויג אַלט מאַן. איינער פֿון זיי האָט אַ ניי פּנים; ביז אַהער האָט מען איהם נאָך נישט געזעהען. עס איז מעגליך, אַז דאָס איז דער פֿיהרער פֿון דער פּאַרטיע און איז אַנ'אַגענט פֿון פּראָנצויזישען פֿ־עמ־דען־לעגיאָן וואָס דאַרפֿען מיר טון?

— „גרייט אָן דריי אַגענטען און צוויל־קליידונג. אויפֿ

די אַלט מאַן פֿאָהרען, דאַן זאָלען די דריי אַגענטען מיטפֿאָה=
רען מיט זיי. אייב איינער, אָדער צוויי וועט זיך אַרויסזעצען
אין וועג, זאָל איינער פֿון די אַגענטען אויך אויסשטייגען, כדי
יענע נאָכצופֿאָרשען. עס איז מעגליך, אַז זיי וועלען זיך צו=
שיידען אין וועג“.

דער בעאַמטער פֿון קאָנסטאַנץ האָט איבערגע׳חזר׳ט דעם
בעפֿעהל.

— אַזוי איז עס! גוט. בעשטעלט שוין אַ טעלעפֿאָן=גע=
שפּרעך אויף דער צייט, ווען דער צוג געהט אָפּ. געענדיגט!

דערנאָך האָט וועניג געבעטען מען זאָל איהם פֿערבינדען
מיט אַפֿענבורג. אין פֿינף מינוט אַרום האָט ער שוין געגע=
בען בעפֿעהלען דורכ׳ן טעלעפֿאָן:

— מיט׳ן צוג פֿון קאָנסטאַנץ קומען זיבען אָדער אַכט
מאַן. געהיים=אַגענטען פֿאָהרען מיט. אויף יעדען פֿאַל זאָלט
איהר האָבען אויפֿ׳ן וואָקזאַל זעכצען בעוואָפֿענטע מענשען.
וואַהרשיינליך האָבען די רייזענדע פּעסער קיין עלזאַס. זיי
זענען געפֿעלשטע... אויב איהר וועט זיי אַרעסטירען, מיידט
אויס צו מאַכען אַ טומעל. אין די ידיעות, וואָס איהר וועט
געבען דער פּרעסע, זאָלט איהר זאָגען, אַז עס האַנדעלט זיך
דאָ וועגען דייטשען, וואָס זענען ווערבירט געוואָרען אין פֿראַנ=
צויזישען פֿרעמדען=לעגיאָן. — און קודם כל זאָלט איהר צו=
געבען, אַז זיי זענען שוין בעפֿרייט און אַהיימגעשיקט גע=
וואָרען אויף זייערע וואוינונגס=ערטער. גיט נישט קיין צייכען,
אַז איהר ווייסט וועגען פֿאַלשע פּעסער. אויב עמיצער פֿון זיי
וועט הייסען פֿאָלדרינגער אָדער היינריכסען, זאָלט איהר איהם
גוט האַלטען און אָפּגעבען אונטער אַ בעזונדערער וואַך!

באַלד דערנאָך האָט קאָנסטאַנץ ווידער מיטגעטיילט:

„עס זענען געפֿאָהרען זיבען מאַן. פֿאָלדרינגער איז גע=
בליבען אַליין. ער איז אַוועק אין דער מלינה „אונטער׳ן
שוואַרצען אָקס“. מיר היטען איהם גוט“.

דאַן האָט וועניג ברעה געהאַט פֿאַרצוברייטען זיך אַרויס=
צונעמען די גרעפֿין פֿון דער טורמע. עס איז געווען האַלב פֿיר.

ער איז געווען אליין אין הויז. ער האט טעלעפאנירט נאך זיין אויטא. ווען ער האט דערהערט אונטען רוישען דעם אויטא, האט ער געוואלט ארויס. ער האט שוין געעפענט די טיר.

מיטאמאל האט ער אויף דער שוועל בעמערקט עפיס אנ'עלטערען הער. עס איז געווען אנ'איינגעבויגענער זקן מיט א גרויער, געדיכטער בארד, שטארק ראזע באקען און העלע אויגען.

— האב איך דעם כבוד צו רעדען מיט'ן הער וועגק ? — האט ער געפרעגט.

— ביטע ! — האט דער פראקוראר געזאגט. — אבער איך בעט צו ענטשולדיגען... איך מוז באלד אוועקגעהן אין א אמטליכער אנגעלעגענהייט.

— בלויז א סעקונדע ! — האט דער אלטער געזאגט — איך הייס ווינטער. איך בין זיין פאטער !

וועגק האט זיך פערנייגט מיט רעספעקט און ארויבגע-לאזט דעם גאסט, ער האט איהם אריינגעפיהרט אין קאבינעט.

— הער פאן וועק ! מען האט מיר געזאגט, אז איהר פיהרט די אויספארשונג אין... ענין פון... מיין זוהן... בע-נעדיקט איז געווען מיין איינציג קינד. איך האב איהם שלעכט ערצויגען. איך בין דאס גאנצע לעבען געווען פערנומען מיט מיינע געשעפטען. מיינע פאבריקען זענען גרויס. די פרוי איז מיר פריה אפגעשטארבען. א סך זיהנדלעך זענען היינטיגע צייט אויסגעגאנגען נא מארנע.

ער האט דאס אלץ ארויסגערעדט פשוט.

— דאס נעמט נישט אראפ די פעראנטווארטליכקייט פון מיר. אונזערע זיהן זענען געווען אונזער לוקסוס. אונזער ארבייט איז געווען אונזער פליכט. עס וואלט געווען בעסער, ווען דאס וואלט געווען פערקעהרט. זיין לעבען קאן איך נישט פא-דערן צוריק פון גורל. דאס, וואס איך וויים פון מענשען ווע-גען די סיבות פון מארד — איז פאר מיר גענוג. איך וויל מעהר נישט וויסען. איך קום דא מיט אנ'אנדערען צוועק. מיין זוהן האט געקריגען פון מיר 10.000 מארק רענטע א

חודש פֿון דעם דאָזיגען גאַנצען אומגליק איז מיר געבליבען בלויז איין וואונש: איך וואָלט געוואָלט די 10.000 מארק אַוועקגעבען, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך געלעבט. איך וואָלט גערן געגעבען נאָך 10.000 א חודש. דאָס דאָזיגע געלד דאַרף מיך דריקען. אַז עס זאָל עפּעס ברענגען נוצען די מענשען. הער ווענק, איך בין געקומען בעטען אַ עצה.

— קודם כל מוז איך מיך... פֿאַר אייך... מודה זיין, הער ווינטער, אַז איהר האָט מיך גערירט!

און ווירקליך איז ווענק געוואָרען שטאַרק גערירט פֿון ווינטער'ס האַלטונג. אַזאַ העררשען אינבער זיך, אַזוי דערשטיקען דעם פֿאָטער-שמערץ, אַזאַ אומבעזוינגבאַרע ליבע צום נאָ-הענטסטען... דאָס אַלץ, וואָס האָט זיך אומגעריכט ענטפּלעקט פֿאַר איהם, האָט איהם לכתחילה געמאַכט פֿאַר צופיל מיט-פֿיהלענד:

— באמת. איך ווייס ניט, הער ווינטער, וואָס איהר ווענדעט זיך אקוראַט צו מיר?

— איך קאָן עס אייך זאָגען, הער ווענק, איהר האָט זיך געשטעלט אַנ'אויפגאַבע צו באַפעלען די מערדער. איך וויל דאָך פעלד, פֿון וועלכען איהר פליקט אראָפּ די דערנער, פּער-זעהען מיט עפּיס נוצליכעס. דער אַנדענק פֿון מיין זוהן זאָל זיין פֿרוכפּערדיג. פֿון זיין לעבען האָב איך, ליידער, גאָרניש געהאַט. זאָל מיר כאָטש זיין לויט געבען עפּיס, וואָס איך זאָל מיטנעמען אין דער אייביגקייט!

זיין קול האָט געקלונגען שטאַרק אַזש ביז צום לעצטען וואָרט.

— איהר איילט זיך. אפשר טאַקע געהט איהר איצט אַוועק אין מיין אומגליקליכען ענין. דאָס שטערט אייך אוועק-צוגעבען מעהר צייט. ניט אמת?

— ווירקליך — האָט ווענק געזאָגט.

— קאָן איך מיט אייך ברייטער ארומרעדען מאָרגען אָדער אין אַנ'אַנדערען טאָג? ווען קאָנט איהר געפֿינען א

— ס׳קאָן זײַן מאָרגען, הער װינטער. קומט, װען איהר װילט. בעסער פאַרמיטאָג. איך בעשטים אײַך נישט קײן שעה. זעה איך, דאָס נישט פערשטעהן. אײַערע אינסטרוקציעס איך װעל כסדר זיך געפינען אין דער הײם. איך דאַנק אײַך. ציעס, נאָר װענען אַנ׳ארבײַט אונשעדליך צו מאַכען אַ באַנדע פערברעכער, װאָס איז געפעהרליך פאַר׳ן לאַנד. איהר װילט, איך האָף, אַז מיט געמײַנזאַמע כחות װעט אונז זיך אײַנגעבען צו שאַפען אַ גוט װערק.

— נײן, נײן, דאָס דאַרף איך אײַך גאָר דאַנקען. איהר װילט דאָך מיר העלפען שטעלען אַ רעקסמאַל, כדי דער נאָמען פון מײַן אומגליקליכען זוהן זאָל אין דער צוקונפט נישט בלײַבען אײַנגעהיט אין אַ שלײער פון בלוט.

זײ זענען צוזאַמען אַרויס.

װענק איז געפאָהרען אין דער טורמע. ער האָט זיך פער־שבײַמיגט מיט אַ האַלבער שעה, װי ער האָט צוגעזאָגט.

— די פרוי איז אױסגעפאָהרען פאַר פיר אַ זײגער — האָט געזאָגט דער טורמע־דירעקטאָר.

— װי אַזױ ? — האָט װענק אױסגעשפּעען אַנ׳ענטטױש־טער — װאָס האָט זי איבערגעלאָזט פאַר מיר ?

— גאָרנישט !

— און איהר װײסט אויך גאָרנישט ? האָט זי אײַך נישט געזאָגט ? האָט איהר זי נישט געפרעגט ?

— נײן, איך האָב נישט געפרעגט !

— פאַרװאָס נישט ? — האָט װענק געפרעגט, אױפּגנע־

— דאָ האַנדעלט זיך נישט װעגען אײַערע אינסטרוק־

— אין מײַנע אינסטרוקציעס איז נישט דערמאָנט װע־רײַצט פון מאָן פון ענטפער.

גערן געענטפערט.

נעון אַזאַ אױפגאַבע ! — האָט דער טורמע־דירעקטאָר אונ־דאַפט איהר דאָ נישט דערמאָהנען...

— אױב אַזױ איז בעסער. איך דערװעג מיך אײַך צו

בעטען, אַז אין דער צוקונפֿט זאָלט איהר אויסמיידען אַזעלכע נייע זאַכען אין דער טורמע...

— אַזוי, הער דירעקטאָר! איהר פֿיהלט זיך, ווייזט אויס, נישט גוט אויף אייער פּאָסטען. איך וועל האָבען די געלעגענהייט צו רעדען וועגען אייך אַ פּאָר ווערטער מיט'ן מיניסטער.

— .... וואָס איז געשעהען? — האָט זיך ווענק געפֿרעגט. ער איז געווען אין צאָרן און עטנטוישט. אַריינזעצענדיג זיך אין אויטאָמאָביל — וואָס איז געשעהען? — האָט ער געטראַכט, פֿליהענדיג איבער די גאַסען.

* * *

זיבען אַ זיינער דעמזעלבען אָווענד איז די גרעפֿין אַוועק צום געהיימראַט ווענדעל. זי האָט דאָרט געטראָפֿען די זעלבע געזעלשאַפֿט, וואָס יענע מאָל. אָבער זי האָט די מענשען ווע־ניגער בעמערקט, ווי דעמאָלט. אַרום איהר און דעם דאָקטאָר מאַרקיזע זענען געפֿיהרט געוואָרען געשפּרעכען, וואָס צוגעפּ־פֿלטכטענדיג זיך אין אַ געמיש פֿון מענער, האָבען זיי פֿאַר איהר געקלונגען ווי בלעטער געבען אַנ'אַלטאַנגע, און וועלכער זי האָט זיך געפֿינען מיט איהר שכן.

אָבער דער דאָקטאָר מאַרקיזע איז דעם הײַנטיגען אָווענד געווען שווייגענדיג געשטימט. דאָס, וואָס ער האָט שוין יאָ אַרויסגערעדט, איז עקשנות'דיג געווען געצילט אין עפּיס אַ נישט־געזעהענעם פּונקט.

די גרעפֿין האָט לאַנג געקעמפֿט מיט זיך, צי זי זאָל איהם נישט דערצעהלען איהרע איבערלעבונגען אין דער טורמע... זי האָט געוואָלט דערצעהלען, אַז זי האָט זיך בעגעגענט מיט אַ פֿרויען־נשמה, וואָס איז אַזוי שטאַרק אין איהר ליבע, ווי זיינע ווערטער, זיינע געדאַנקען — אפשר נאָך שטאַרקער, וויל עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פֿרוי, וואָס האָט זיך געפֿינגט אין גלייכצייטיג טריאומפֿירט אין איהר אָפּ־געשטויסען־געוואָרענער ברענענדיגער ליבע. אַזוי אַנגע־שטרענגט זענען געווען דער גרעפֿינ'ס איבערלעבונגען, אַזוי

שטאַרק זענען געווען איהרע עראינערונגען וועגען דער בעַ־
געגעניש מיט דער פערברעכערין, אז זי האָט נישט אויפגעַ־
הערט צו טראַכטען פון איהר.

זי האָט בעמערקט, אַז ווי אין דעם ערשטען אָוועַנד האָט
ער מיט שטאַרקע ווערטער רפון זיין הויז מויל אויך איצט
איינגעטראָגען זיך אין איהר מיט זיינע טיפע, ליידענשאַפט־
ליכע, פּינקלענדיגע, בלישטשענדיגע, אָבער קאַלטע אויגען. זיי
האָבען געהאַט די גלאַנצענדיגע גרויקייט פון מאַרמאָר. עס
האָט זי אַרויסגענומען אַ לייכטער שרעק.

זי האָט געקוקט אַהין, וואו איהר מאַן איז געזעסען. דער
מאַן האָט זיך געפינען נעבען דער נאַכט־וואַנדלערין. אַנגעַ־
בויגען אַ ביסעל צו איהר האָט ער עפּיס געזאָגט. עס האָט
אויסגעזעהען, ווי זיינע ווערטער וואָלטען געפאַלען אויף די
געשיקטע רייטמישע בעוועגונגען פון זיינע פינגער. דער רינג
האָט זעהר שטאַרק געבלישטשעט אין דער לופט. דאָ האָט
זיך אין האַרץ פון דער פרוי דערוועקט אַ וועה, אַ מדהל געַ־
פיהל פון ליבע צו איהם, צום גראַף האַאזע.

— ער איז אַ קינד! — האָט זי געזאָגט צו זיך. ווען
ער וואָלט נישט געהאַט מיך, וואָלט ער געווען שוצלאָז, ווי
אַ קינד...

מאַרקיזע איז וואָס־אַמאָל מעהר געוואָרען שווייגענדיגער.
ער האָט נאָרנישט געגעסען. ער האָט זיך אויך נישט געַ־
געבען די מיה צו מאַסקירען זיין שווייגען, וואָס האָט געקאָנט
ווערען אויפפאַלענד. אדרבא, ער האָט שטאַרקער געשוויגען,
און עס האָט שוין באַלד אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט די דאָ־
זיגע גאַנצע געזעלשאַפט דאָ אהערגעבראַכט מיט'ן ציל, זי
זאָל איבערראַשען און פערטעמערן זיין שווייגען, ווי אַ טוראַ־
ניי פון עפּיס אַן'אַפריקאַנישען קעניג.

גראַף האַאזע האָט אַרומגעטאַנצט נעבען דער נאַכט־
וואַנדלערין, מאַכענדיג קאָמישע בעוועגונגען. זי האָט זיך
צוועקגעזעצט נעבען איהם מיט צולאָזטע שוואַרצע האָר, אַ
בלאַס פּנים, אַ פּעמען קערפּער און גלייכגילטיג געקוקט דורך

זײַן אַקסעל אױף דער געזעלשאַפֿט.

די גרעפֿין האָט גענומען האַסן דעם מענש, װאָס איז געװעזן נעבן איהר אין אַ שלעכטער שטימונג, בעת איהר מאַן האָט אַ פֿרעהליכער אַרומגעטאַנצט אַהין און צוריק אי-בער'ן צימער, און שיער נישט אױסגעזעהען קאָמיש. נײן, דאָס איז נישט געװען קײן שנאה! עס איז געװען אַ הײסער אי-נערליכער אונרוה, װאָס איז געקומען פֿון פֿערלאַנג צו װעלען זיך שטאַרקער איבערגעבען דעם מאַן.

דער טיי-אָװענד איז געװען געענדיגט. די געסט האָבען נאָך אַ ביסעל גערעדט, שטעהענדיג בײַם טיש.

מאַריקױזע האָט איבערגעלאָזט זײַן שכנ'טע און צוגעגאַנ-גען צום גראַף האַאזע. ער האָט איהם אַרײַנגעצױגען אין אַ שמועס װעגען דער פּסיכאָלאָגיע פֿון די שפּילער.

— יאָ, איך האָב די נאַטור פֿון אַ שפּילער — האָט דער גראַף געזאָגט — איך בלײַב קאַלט װי אײז, בעת איך פֿער-שפּיל; איך צינד זיך אָן און בעקום אַ שעפֿערישע פֿאַנטאַזיע, װען איך געװין.

מאַרקױזע האָט בעמערקט:

— דאָס שפּילען איז די עלטסטע, שטאַרקסטע, אײַנגע-אַרטיגסטע פֿאָרם, אין װעלכער דער מענש, װאָס האָט פֿון דער נאַטור בעקומען אַנ'אַרטיסטישען טאַלאַנט, פֿיהלט זיך אַלס קינסטלער.

— דאָס איז אינטערעסאַנט. װי-נאָך קענט איהר עס בעװײַזען? — האָט דער גראַף זיך אָנגערופֿען.

— גאַנץ אײנפֿאַך. בעת'ן שפּילען קאָן זיך יעדער מענש, װערענדיג געצװאונגען פֿון זײַן װילען, װעניגסטענס אײנמאָל זיך דערנעהנטערן צום שאַפֿונגס-מאָמענט. דער גרונד פֿון קינסטלערישען שאַפֿען איז אַ צופֿאַל. פֿון דעם דאָזיגען צו-פֿאַל שעפּט דער קינסטלער זײַנע טעמען. מיר בעמערקען נישט דעם צופֿאַל, װײַל מיר פֿערטראַכטען זיך נישט איבער איהם.

— אהא, איהר זענט אַ פּאָעט, הער דאָקטאָר!

— ניין, גראף, איך בין בלויז א פסיכיאטער.

— אזעלכע זענען טאקע אונזערע מאדערנע פאעטען. זיי שעפען זייער יניקה ניכער פון אונטערבעוואוסטזיין, ווי פון ריינעם שכל. און ווי די הענטיגע וויסענשאפט האט פעסט-געשטעלט, איז דאס אונטערבעוואוסטזיין דער טרעגער פון גייסטיגען לעבען... אבער... צי ווילען מיר שפעטער א שפיל טון אין באקאראט?

— יא. איך בין גרייט.

די נאכט-וואנדלערין האט געוואלט אנהויבען צו בעווי-זען איהרע קונצען. איינער פון די אנוועזענדע דאקטוירים האט זי ארייננעפיהרט אין מיטען זאל און זי איינגעשלעפערט. אין דאזיגען פערהיפנאטיזירטען צושטאנד האט זי געדארפט ווייזען די וואונדער פון איהר זכרון. שוין אויף דעם פריהער-דיגען סעאנס — אזוי האט דער גראף ערקלערט דעם דאקטאר מארקוזע מיט א קול, פול מיט פערוואונדערונג — האט זי איבערגעגעבען איהרע איבערלעבונגען פון דער צייט, ווען זי איז נאך געווען א זויג-קינד.

דער גראף, רעדענדיג איצט, האט פלוצלינג דערפיהלט, אז עפים אן'אונגעאטירליכער שטראם ווארעמקייט נעמט איהם ארום. ער האט זיך אומגעדרעהט. אבער ער האט הינטער זיך גארנישט געפינען, א חוץ די טאפעטען אויף דער וואנד, אויף וועלכע עס זענען געהאנגען בילדער פון עפים א שולע.

די נאכט-וואנדלערין האט נישט געוואלט פאלגען איהר היפנאטיזירער. זי איז אפילו ארויס פון צושטאנד אליין עפים צו פיהלען, אבער יעדערער פון די צושויער האט געקאנט בעמערקען, אז איהר בליק ליטערט זיך איינציגוויז אויס און באלד קאן זי ווערען צוריק ווי פריהער.

— עמיצער פייניגט מיך.

די שטים פון דאקטאר האט זי סוגעסטיאנירט. אויסצי-הענדיג די ווערטער, האט ער געזאגט צו איהר:

— קיינער פייניגט אייך נישט. איך פיהר אייך בלויז

אַרײַן אין׳ם לאַנד פֿון אײנער יונגער. אײנס... צװײ... דרײַ... שלאָף אײַן. אײנס... צװײ... דרײַ.. שלאָפֿסט שױן!

כמעט נישט בערירנדיג די האַנט, האָט ער גענומען איהר שטערן, צײלענדיג כּסדר:

— אײנס... צװײ... דרײַ... װיפֿיל יאָהר ביזטו אַלט?

— איך בין אַלט צעהן חדשים און דרײַ טעג

— װאָס האָט געטאָן דײַן מאַמע, בעת זי האָט דיך אַרױס גענומען פֿון װיגעל?

— זי האָט מיר אַראָפּגענומען די װיקעלעך... עס האָט מיר װעה געטאָן און איך...

זי האָט אָפּגעזיפֿצט און זיך גיך אױפֿגעװעקט.

— עס איז דאָ פֿאַרהאַן עפּיצער, װאָס מוז אױפֿגעקן. ער פּײַניגט מיך. װער איז עס?

דער דאָקטאָר האָט זיך געװענדעט צו אַלע:

— הײַנט גיט זיך נישט אײַן. עס איז דאָ פֿאַרהאַן אַזאַ שטערונג, װאָס איך קאָן נישט דערקענען, און דעריבער קאָן איך עס נישט בעזײַטיגען.

דער געהײמראַט האָט זיך דערנעהנטערט צו דאָקטאָר מאַרקוזע.

— אפשר װעט איהר, דאָקטאָר, פּרובירען? שטיצענדיג זיך אױף די עקספּערימענטען, װאָס איך האָב אַמאָל געזעהען, מײן איך, אַז אײַער אַרײַנמישען זיך, װעט פּאַראַליזירען די שטערענדע קראַפֿט.

מאַרקוזע האָט מסכּים געװען צו פּרובירען. אָבער ער האָט פֿאָראױסגעזאָגט, אַז ער איז נישט זיכער אין ערפֿאָלג. ער האָט זיך פֿעררופֿען, אַז ער איז נישט בײַ דער געהעריגער שטימונג הײַנט, װײַל ער איז גוט פֿערקיהלט.

דאָך איז ער צו צום מעדיום.

די אָנװעזענדע האָבען בעמערקט, אַז בלױז אַ׳אונבעװעגענדע האַנד-בעװעגונג פֿון דאָקטאָר האָט אױף דעם מעדיום געהאַט אַ גוטע פּעולה. דאָס מײדעל איז פּלוצלינג בלאַס גע-

טאָרען. זי האָט זיך נאָך נישט בעוועגט, אָבער עס איז געווען לייכט צו דערקענען, אַז אין איהר קומט פאָר אַ קאַמף געגען עפּיס פרעמדעס, נישט געזעהענעס... אָבער איהר ווידער-שטאַנד איז אונטער'ן דרוק פון יענער קראַפט גיך געבראָכען געוואָרען און איהרע ברעמען האָבען אונמעגליכטיג זיך פער-מאַכט.

דאַן האָט מאַרקוזע געגומען רעדען מיט אַ האַרט קול, וואָס האָט בעצווינגען דעם ווילען פון מעדיום.

דאַן האָט מאַרקוזע גענומען רעדען מיט אַ האַרט קול, וואָס האָט בעצווינגען דעם ווילען פון מעדיום.

— דו ליגסט אין דער מוטער'ס בויך. דו האַלסט דיינע הענד אַרום דעם גוף. דו ביזט אַלט זעקס חדשים. עס איז אָווענד. דו שרייסט. פאַרוואָס שרייסטו?

פון דעם שווערען קערפער פון דיער סאָמנאַמבולערין, וואָס איז איצט געשלאָפען מיט אָפענע אויגען, האָט זיך דערהערט אַ שוואַך, פישטשענדיג קול:

— דאָס בייכעל טוט וועה.

— עס איז דערפאַר, וויל מען האָט דיר געגעבען צופיל צו טרונקען. ווער האָט דיר געגעבען צו טרונקען?

— אַ פּרויען-קערפּער — האָט דאָס קול געענטפערט.

— ליבסטו דעם דאָזיגען פרויען-קערפּער?

דאָס מיידעל איז געוואָרען גראָ ווי אַש, און דאָס פּישטשענדיגע קול האָט אָנגענומען אַ שרייענדיגע, ליידענדע און בייזען טאָן:

— ניין! ניין! ניין!

— וואָס האָסטו געוואָלט טון דעם דאָזיגען פּרויען-קערפּער?

— ביסען איהם דעם האַלז.

— פאַרוואָס?!

דאָ האָבען די ליפען פון מעדיום אָנגעהויבען צו ציטערען און איהר גוף האָט זיך גענומען קאָנוואולסיוו וואַרפען. מאַרקוזע האָט אויסגערופען:

— נאָר אַ רגע און איהר לעבען איז אין געפאַהר. איך מוז איבערהיטען דעם סעאַנס.

ער האָט דאָס מיזרעל אַנידערגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע. ער האָט זי מיט בערוהיגענדע בעוועגונגען אַרויסגעבּרענגט פון שלאָף, האָט איהר אָפּגעוואַשען דאָס פּנים מיט וויין, און ווען די נאַכט־וואַנדלערין איז געקומען צו זיך, האָט ער זי געפיהרט צום בעט זיך לייגען.

איצט האָבען זיך אַלע אַוועק געטון צום דאָקטאָר. מען האָט געפרעגט, וואָס דער מעדיום האָט געוואָלט זאָגען.

גראַף האַאוזע האָט ענטציקט געזאָגט:

— עס איז געווען אַ לעגענדע, — אַ לעגענדע בּיי די מויערען פון לעבען, איהר זענט אַ גאון, דאָקטאָר. אָבער האָט איהר זיך אָנגעשטויסען, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען, בעת זי האָט אַזוי געציטערט?

עפּיס אַ דאַמע איז צוגעקומען און אויך געפרעגט דאָס זעלבע. מאַרקיזע האָט געשוויגען. זיינע אויגען האָבען געזוכט די גרעפין. אויך זי איז באַלד אָנגעקומען און אויך איבער־ג'חזר'ט די זעלבע פראַגע.

דאָ האָט מאַרקיזע געזאָגט:

— זי האָט געוואָלט זאָגען: „דערפאַר, ווייל איך האָב פיינד געקריגען איהר בלוט!“

די גרעפין איז געוואָרען איבעראַשט. אַנדערע האָבען געשוויגען, אַ ביסעל איבערגענומען פון ענטפער. די גרעפין האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַן פאָטעל און האַרט געזאָגט:

— אַ קינד קאָן נישט האַסען!

— פון וואַנען ווייסט איהר עס? — האָט מאַרקיזע גע־פרעגט כמעט ברוטאַל.

— איך ווייס עס... לויט זיך! — האָט זי געענטפערט.

— נו, אויב אַזוי דאַרפט איהר שטאַרק צופרידען זיין פון זיך. איהר האָט נישט בלויז אַ געניאַלען זכרון, נאָר איהר זענט פשוט אַ זעלטענער מלאך אויף דער ערד, — האָט מאַר־קיזע געזאָגט מיט חוזק.

שמועסענדיג האָבען זיך די געסט צוטיילט אין גרופּען. בלויז גראף האַוזע איז געשטאַנען אַ שווייגענדיגער. עס האָט איהם כּסדר דאָקומשעט דער מאָדנער וואַרעמער שטראָם, וועלכען ער האָט געפיהלט אין הינטער-טייל פון קאָפּ! ער האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט. ער האָט מיט דער האַנד אָנ-געטאַפּט דעם מוח. נאָרנישט! ער איז צו צום שפּיגעל. גאָר-נישט! ער האָט זיך געזעצט און ס'האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער דרימעלט איין אין שלאָף. אָבער ער האָט געזעהען אַלע מענשען און אַלץ געהערט. ער האָט געוואָלט רעדען, נאָר ער האָט געפיהלט, אַז די ווערטער וועלען פאַלען פון זיין מויל, ווי אָהן זיין ווילען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו דער גרופּע, וואו ס'האָט זיך געפינען דאָקטאָר מאַרקוזע, און דערמאָנט:

— מיר האָבען דאָך געזאָלט שפּילען אין באַקאַראַט?

— ווי איהר ווילט. אויב מיר וועלען געפינען נאָך מענ-שען, — האָט מאַרקוזע העפליך געענטפערט.

האַוזע איז פּלוצלינג געוואָרען לעבהאַפט

— אך, ווי ליב עס וועט מיר זיין צו שפּילען מיט אייך! און איהר, הער געהיימראַט, מוזט מיטשפּילען.

— איך האָב מיינע פּליכטען לגבי די דאַמען אַלס ווירט פון הויז, — האָט יענער געענטפערט, — אָבער איהר וועט הײַנט געפינען גענוג אַמאַטאָרען.

זעקס מאַן האָבען זיך געזעצט צום גרינעם טישעל. עס איז געשטאַנען נעבען ווינטער-גאָרטען. אַ לאָמפּ מיט אַ טי-פען אַבאַזשור האָט געהאָנגען איבער'ן טישעל, און דאָס צי-מער איז געווען פערזונקען אין אַ דעליקאַטער האַלב-טונקעל-קייט.

אין ווינטער-גאָרטען, וועלכען מען האָט געקאָנט זעהען דורכ'ן פענסטער, האָבען זיך געוויגט הויכע טראָפּישע פּאַל-

מען־בוימער, אנשפארענדיג זיך אן דער גלעזערנער וואנד,
וואו עס האט זיך אנגעשלאגען דאס העלע ליכט פון שטערן.
די הויכע פאלמען האבען אויסגעזעהען ווי פאנטאסטישע ליי־
טערס צום הימעל, וואס האבען פערלוירען זייער שטייפע
פארם און זיך איינגעהילט אין די שויבען, זייענדיג אויסגע־
צויגען אין עקסטאז.

מען האט אויפגעמאשט די קארטען אויפ'ן טיש, זעהר
עס דארפט דער ערשטער האלטען די באנק. די געסט הא־
בען בעלאגערט דעם שפיל־טיש. די גרעפין איז געשטאנען
אן א זייט, אין שאטען, צוקוקענדיג זיך צום שפיל. מאר־
קוזע האט געזעהען איהרע בריסטען, וואס האבען זיך אויפ־
געהויבען הינטער דער זיידענער בלוזע.

ער איז געוועזען קאלט און אומעטיג. ער האט קוים בע־
וויליגט ארויסצורעדען אווארט. ער האט איינגעהאלטען א
שטורם, וואס האט זיך אויפגעהויבען אין איהם. ווען עמיצער
האט עפּיס געזאגט צו איהם, האט ער געענטפערט קורץ און
שארף, נישט ווילענדיג זיך אריינלאזען אין א געשפרעך. עס
האט אויסגעזעהען, אז ער שפּילט אויפמערקזאם, אבער דאס
איז נישט געוועזען ריכטיג. ער האט געשפּילט אמאל אויף 20
מארק און אמאל אויף 200 — ווי עס איז איהם איינגעפאלען.

באלד האבען די אנדערע שפּילער, זעהענדיג, אז ער
שפּילט אויף 200 מארק, גענומען שטעלען גרעסערע סומען.
מען האט אריינגעלייגט אין קאן 100 און 200 מארק. מען
איז געווארען וואס אמאל מעהר אריינגעטון. בעת מען האט
אנגעהויבען שפּילען, האט מען בשעת די פּויזעס צווישען
איין קאן און צווייטען, געשמועסט, גערעדט; איצט אבער איז
געוועזען שטיל, אלע האבען געשוויגען. אפילו די צוקוקערס
האבען געשוויגען. צווישען די שפּילער האט געהערשט א
קאמפף־שטימונג, עס איז געווארען הייס. און די הייסקייט
איז אריבער צו די צוקוקערס.

די גרעפין האט זיך צוגעקוקט, וואס פאר א סומען איהר

מאַן האָט אײַנגעשטעלט.

ער האָט דאָך קײנמאָל נישט געשפּילט. וואָס איז אים געשעהן? — האָט זי זיך געפרעגט.

דער גראַף האָט געוואונען. ער האָט איבערגעלאָזט דאָס געלד און ווײטער געשפּילט אויף אַ טאָפּעלטער סומע. ער האָט פּשוט אַרויסגעוואָרפן געלד.

דעם גראַף איז, אַלס לעצטען פון דער רײה, אויסגעפאַלען צו האַלטען די באַנק. ער האָט שוין פריהער געוואַרט מיט אונגעדולד אויף'ן מאָמענט, ווען ער וועט קאָנען טײלען קאָרטען, און ריזיקירען מיט זײן געלד מעהר ווי פריהער.

אין צימער איז געווען גוט הײס, פּונקט ווי די הײסקײט פון די מוחות וואָלט דאָ אַריבער.

די גראַפין האָט זיך אַראָפּגעבויגען אין דער טונקעלקײט. איהר מאַנ'ס אונפערשטענדליכע אויפפיהרונג האָט זי געמאַכט ערשטוינגען.

מאַרקיזע'ס אויגען זענען געווען אײנגעגראָבען אין גראַפ'ס פּנים.

דער לעצטער האָט איבערגענומען די באַנק.

די קאָרטען זענען געווען צוטײלט. ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט. און ער איז אַרײנגעפאַלען אין אַ פריהליכער בערוישונג, ווען עס איז איהם נישט פערבליבען קײן אײנציגע פון דער טאַליע קאָרטען. ער האָט געווינען אַלע קרנ'ס. מאָרגע איז געווען דאָס, וואָס בעת ער האָט נאָכאַמאָל דערלאַנגט קאָרטען, האָט איהם בעהערשט אַ געפיהל פון אונזיכערקײט, אַזוי ווי פריהער. ער האָט אָבער נאָכאַמאָל געווינען.

דאָס האָט זיך איבערגע'חזר'ט נאָך עטליכע מאָל. די שפּילער און די צוקוקער זענען געווען איבערראַשט פון האַזאַרדס אײנגעהערענליכען גליק.

— אפשר מאַן — האָט זיך עמיצער געוואונדערט צו דער גראַפין — שפּילט הײנט פערזאָנליך גליקליך.

אַלע האָבן אינסטינקטיוו אָנגעקוקט די גרעפֿין, אָבער באַלד האָט זיי דאָס שפּיל ווידער צוגעשמידט צום ט״ש.

דער גראַף האָט ווידער געטיילט קאָרטן. ער האָט באַ־האַלטן די צוויי קאָרטן, וואָס ער האָט גענומען פֿאַר זיך; ער האָט געהאַט צוויי פֿינגערן און ער האָט ברעה געהאַט צו־צוקויפֿן אַ דריטע קאָרט.

— שטהע! — האָט זיך דערהערט אַ געשריי, ווי פֿון אַן׳אונטער־אָפּצייר. אַ שווערע און גראָבע האַנד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿ׳ן טיש אויף דער שמאָלער און ווייסער האַנד פֿון גראַף האַזע, אויף וועלכער עס האָט געבלישטשעט אַ פֿילפֿאַרביגער רינג; דעם גראַפֿ׳ס האַנד איז אַוועקגעריסן געוואָרן פֿון טיש און אַלע אַרום האָבן געזעהן, אַז דער גראַף האָט געוואָלט נעמען די אונטערשטע קאָרט אַנשטאָט די, וואָס איז געלעגן פֿון אויבן.

עס איז געווען אַ נייטעל.

— אַהאַ! אַ נייטעל! איצט פֿערשטעה איך אייער גליק, שווינדלער. — האָט דאָס הייזעריגע קול געברומט — איהר שולער.

אַלע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט פֿון אָרט, עס איז גע־וואָרן אַ טומעל און געדרורע. גראַף האַזע איז געזעסן אַ צובראָכענער און אַן׳איינגעקורטשעטער אויף זיין שטוהל.

ער האָט הילפֿלאָז און פֿערלוירען געקוקט אַרום זיך מיט דערשראָקענע אויגען.

— דער מענש מיט׳ן הייזעריגען קול האָט געשריגען: —
דאָס געלד אָפּגעבען! אָבער שוין! דאָס גאַנצע געלד!

די שפּילער און די צוקוקער האָבן זיך אויסגעמישט צווישען זיך. פּלוצלינג האָט זיך פֿון דער טונקעלער זייט דערהערט אַ געשריי. צוליב די האַסטיגע בעוועגונגען פֿון דעם קרעפּטיגען מאַן, וואָס האָט דעמאַסקירט דעם נאַרף, איז יעמיצער אומגעפֿאַלען, און פֿאַלענדיג, האָט ער מיט־געשלעפּט אַ צווייטען. דער לעצטער האָט זיך אָנגעכאַפּט

אָן מישמוך, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט'ן געלל און מיט די קאַרטן אַראָפּגעצויגען אויף דער ערד. דאָס געלד האָט זיך געקייקעלט צווישען די פֿים פֿון די געסט. מענשען האָבען זיך געוואָרפֿען דערויף... פּלוצלינג האָט זיך אויסגעלאָשען דאָס ליכט. עס איז געוואָרען פֿינסטער.

אָבער דער דאָקטאָר מאַרקוזע, וועלכער האָט נאָר געוואַרט אויפ'ן מאָמענט, ווען דער גראַף וועט דעמאַסקירט ווערען, און די גרעפֿין וועט פֿאַלען אין חלשות (דער, וואָס איז געפֿאַלען אין געוועזען די גרעפֿין) האָט זי געכאַפּט אין זיינע אָרימס און מיט עטליכע שפּרונג האָט ער זיך געפֿונען אין ווינטער־גאָרטען, צווישען די פּאַלמען־בוימער. ער האָט זי געטראָגען אַ פֿער'חלשטע צווישען די צווייגען און אַנגעקומען צו אַ נידריגער וואַנט, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט דער גאַס. ער האָט זי אַריבערגעטראָגען איבער דער מויער פֿון יענער זייט האָט עמיצער געהאָלפֿען. אין אַ קליין שטיקעל צייט אַרום האָט זיך דער אויטאָמאָביל געלאָזט אין אַ משוגענעם גאַלאָפּ, ווי אַן'אָנפֿאַלער מיט זיין רויב.

— איצט ביזטו מיין! — האָט דער דאָקטאָר געברומט מי טריאומף.

די קסעניאַ־גאַס איז געוועזען לעדיג. דער מאָטאָר האָט אַ סאַפּע געטון און דער אויטאָ האָט זיך פֿערהאַלטען פֿאַר'ן דאָקטאָר'ס הויז. מאַרקוזע האָט די פֿרוי אַריינגעטראָגען אין זיין וואוינונג.

זי איז נאָך אַלץ געווען פֿערחלשט.

## XI.

פֿון דעם האָגעל פֿון זידעל־וועררמער, פֿון דעם מבול פֿון פֿעראַכטונגס־בליקען און פֿון אַ שרעקליך־אוניבערער לאַנגע האָט זיך אויפֿגעהויבען דער גראַף האַאַזע ווי פֿון אַ שווערען שלאָף, און האָט זיך אַריינגעגליטשט אין פֿאָדער־צימער. ער האָט געטראַכט וועגען זיין פֿרוי. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין מוט אומצוקוקען זיך צו איהר און צו פֿרעגען אויף איהר. ביים מויער פֿון הויז איז געשטאַנען זיין אוטאָ. דער שאָפֿער האָט אַרויפֿגעלעגט די האַנט אויפֿ'ן ראָד. דער גראַף האַאַזע האָט זיך אָבער אָנגערופֿען:

— וואַרט אויף דער פֿרוי גרעפֿין!

און אַליין איז ער אַוועק ווייטער און געדונגען דעם ערשטען און בעסטען אוטאָ, כדי צו פֿאָהרען אַהיים.

— וואָס איז געשעהן מיט מיר? — האָט ער געמורמעלט. — איך הויב נישט אָן צו בעגרייפֿען... עפּעס אַ ווארעמקייט האָט מיר צוגעשטופּט די האַנט צום טיש... וואָס איז דאָס געשעהן?... אַך, ווען דאָס וואָלט געווען בלויז אַ בייזער חלום!

אָבער דאָס איז נישט געווען קיין חלום. ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין ווילאַ. ער איז אויסגעשטיגען. אַ געוויסע צייט האָט ער שפּאַצירט אין גאָרטען. דאַן איז ער אַריין אין פֿאָדער־צימער. דער לאַקיי האָט איהם אַראָפּגענומען דעם מאַנטעל. דער גראַף איז אַריין אין דער פֿרוי'ס סאַלאָנדעל, און וועלכען זיי האָבען זיך געוועגליך, ווען זיי

האָבען צוזאַמען פֿערבראָכט ערגיץ אַן אָווענד, איבערגעגעבען איינע דעם אנדערן די איבערלעבונגען פֿון אַדורכגעמאַכטען ווײַזט און די פֿערזענליכע אײַנדרוקען. ער איז שוין אַזוי געוואוינט דערצו, אַז די פֿיס האָבען איהם אַלײן אַרײַנגעטראָגען אהין.

אָבער הײַנט איז ער געווען אַלײן. וואו געפֿינט זיך מײַן פֿרױ? — האָט ער זיך אײַנסטינקטיוו און מיט ערשטױנונג געפֿרעגט. דער דעליקאַטער גערוך פֿון איהר צימער האָט איהם אַדורכגענומען און ער האָט זיך געפֿיהלט ענטױשט, וואָס אין אַזאַ שווערער מינוט פֿאַר איהם, געפֿינט ער זי נים בײַ זײַן זײַט.

עס איז איצט געווען זײַן ערשטע שווערע איבערלעבונג.

אָבער צוגלײַך איז עס געווען פֿאַר איהם פֿערשטענדליך, אַז זי האָט איהם פֿרלאָזט. ער האָט געגלױבט, אַז דער הײַנטיגער אונפֿערשענדליכער פֿאַרפֿאַל, וואָס איז געשעהן בײַם געהײמראַט וועגדעל בײַם גרינעם טיש, האָט איהם בעוואָרפֿען מיט בלאָטע. ער איז קאָמפּראָמיטירט. דוזי האָט איהם מן הסתם אַוועקגעוואָרפֿען. עס איז געקומען אַ מאָמענט פֿון נסיון. זי מוז אַוועק פֿון איהם ביז צו דער צײַט, ווען ער וועט זיך קענען רהעאַבילימירען.

אָבער ווי אַזוי וואַשט מען אָפּ דעם פֿלעק?

און דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטון, איז אַרױפֿגעפֿאַלען אויף איהם שווער און קאַלט, ווי אַ פֿעלז אונז וואָלט איהם געפּרעסט די ברוסט. יאָ, ער האָט עס געטון! ער האָט פֿער־שטעלט די קאָרטען פֿון הינטען און גענומען פֿון אויבען! אויף אַזאַ אופֿן האָט ער געוואונען געלד. אָבער ער האָט דאָך בכלל נים געוואָלט געווינגען! ווי אַזוי איז עס געשעהן?

— ווער וועט מיר העלפֿען? — איז ער געווען פֿער־צווייפֿעלט. — איך האָב געטון דאָס, וואָס איך האָב נישט גרױף מטון. איך האָב מיך אַלײן בעזודיגט פֿון דער גע־

זעלשאַפֿט! שוין ביז צום סוף פֿון מײַן לעבן װעל איך פֿאַר
דער עפֿענטלעכער מײנונג בלײַבן אַלס קאָרטן־שפּילער. קען
מען מיר קײנער מער ניט העלפֿן?

ר האָט זיך געפּרובט פֿערטײדיגן פֿאַר זיך אַלײן:

— איך װײס, אַז איך האָב עס געטון. אָבער איך װײס
ניט, װי אַזױ איך האָב עס געטון. איך װײס ניט װי אַזױ
און ניט צו װאָס. איך פֿערליר דאָס צוטרױען צו זיך. פֿון
הײנט אָן קען אך ניט זײַן זיכער און מיר אויף קײן סע־
קונדע. שרעקליך! עס בעפֿאַלט מיך אַ פּחד פֿאַר
זיך אַלײן. איך זעה איצט, אַז אויף דער װאַנט הענגט אַ
בילד פֿון קאָקאָשקאָ און דאָרט שטעהט אַ סקולפּטור פֿון אַר־
כיפּענקאָ, דאָס װײס איך און װעל עס שטענדיג װיסען, אָבער
װאָ ספֿון קאָפּ, פֿון מײַן אָבערן קאָפּ, װעט אַרױסקריכען,
דעריז קען איך קײנמאָל ניט זיכער זײַן. מײנע אויגען זעהן
נאָך, די אויער הערען, אָבער מײַן מוח איז קאַליע, איז ניט
אין אָרדנונג. קען זיך דאָס אַמאָל ניט ענדיגען מיט משוּ־
געים־הויז? מײַן קערפּער איז אײַנגעהילט אין ליכט פֿון טאָג,
אָבער מײַן מוח איז פֿול מיט דער פֿינסטערניש פֿון אַ תּהום.
קען מיר עמיצער העלפֿען אַרױסקריגען זיך פֿון אַזאַ צו־
שטאַנד?

ער האָט געקעמפֿט מיט טרעהרען. ער האָט זיך געשעמט
צו װײנען. ער האָט ניט געקענט פֿעסטשטעלען, צי עס
דערגעהט איצט צו זײַן בעװאוסטזײַן דאָס, װאָס ער טוט.

מיט אײנמאָל האָט ר זיך צוריק דערמאָנט און זײַן
פֿרוי. װאו קען זי ערגיץ זײַן? װאו איז זי אַװעקגעגאַנגען?
פֿאַרװאָס איז זי נאָך ניט דאָ?

— אך, דוזי, — האָט ער געמורמעלט, — קום און
העלף מיר! פֿאַרװאָס ביזטו נאָך ניט דאָ?

ער האָט אָנגעקלונגען און אַרױס אַנטקעגען דעם דינער.

— די פֿרוי גרעפֿין איז דאָ?

— די פֿרוי גרעפֿין איז נאָך ניט־געקומען!

— האָט זי נישט טעלעפאָנירט?

— ניין, העד גראַף. אָבער פאַר אַ שעה צוריק האָט טעלעפאָנירט ווענק. ער האָט געבעטען, אַז די פרוי גראַפין זאָל בעוויליגען איהם אויפצונעהמען מאָרגען פאַרמיטאָג. דעם נומער פון זיין טעלעפאָן האָב איך פערשריבען אויף דער טאַוועל ביים אַפּאַראַט.

— קאָנסט געהן, — האָט דער גראַף געזאָגט.

— איך וועל גערן צום ד"ר ווענק, יאָ... איך געה צו ווענק'ן...

און די ווערטער האָט ער הויך געוואָרפען אין ליידיגען צימער און דער אָפּקלאַנג פון די ווערטער האָט אויסגעדריקט די טויזענדער ספקות, וואָס האָבען געריסען זיין ברוסט און פון איבעראַשונג די האָר אויפ'ן קאָפּ געמאַכט איהם אויפשטעלען.

— איך מוז אַלץ דערצעהלען עמיצען... איך מוז מיך אויסרעדען...

ער איז צוגעשפּרונגען צום אַפּאַראַט. ער האָט אָנגעקלונגען לויט'ן פערצייכענטען נומער.

— דאָ רעדט פּראָקוראָר ווענק, — האָט זיך אָנגערופען אַ וויים, פרעמד קול, וואָס האָט ביי האַוזען'ן אַרויסגערופען אַ שוידער.

ער האָט צונויפגענומען די גאַנצע ענערגיע, דאָס גאַנצע ביסעל נאָך איבערגעבליבענע זעלבסט-בעהערשונג, כדי ער זאָל קאָנען רוהיג פרעגען:

— וואָלט איך געקאָנט רעדען מיט אייך תיכף ומיד?

און דעם איצטיגען שרעקליכען פערלאַנג אַדורכצופיהרען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די דראָהטען צושמעלצען זיך פון הייסען בעגעהר און עס וועט נישט קאָנען קומען קיין ענטפער דורך זיי. ער האָט אָפּגעאָטעמט מיט דערלייכטערונג, הערענדיג:

— מיט פֿאַרגעניגען, הער גראַף. איך ערוואַרט אייך.

— פּריץ! — האָט ער אַ געשריי געטון, — גרייט צו דעם קליינעם אוימאַ.

און ער איז צוריקגעפֿאָהרען אויפֿסניי אין צענטרום שטאָט.

ווענק האָט געמיינט, אַז דער גראַף קומט אין דער פֿרוי'ס נאָמען און עס איז עפּיס געשעהען אין טורמע, וואָס האָט איבערגעשניטען די דירעקטע בעציהונגען מיט איהם...

— הער גראַף... איך בין מודה, אַז דאָס איז געווען אַ געפֿעהרליכער עקספּערימענט! די פֿרוי גרעפֿין!...

— ניין, ניין! — האָט האַאזע אַ מאַך געטון מיט דער האַנד — דאָס קום איך... איך... און מיינס אַג'ענין... עפּיס איז געשעהען מיט מיר!

כמעט שרייענדיג האָט ער אַלץ דערצעהלט. ער האָט נישט פֿערגעסען דעם פּרט, אַז אין דעם אָוונד האָט ער גע־פֿיהלט אַן'אוננאַטירליכע וואַרימקייט אין הינטערטייל פֿון קאָפּ. ער איז אַליין געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז אַן'אָנ־זאָג פֿון אַ זיך דערנעהנטערנדען אומגליק.

— נעמט עס נישט פֿאַר אומגוט, הער דאָקטאָר ווענק. איך בין אייך פֿרעמד. איך קום צו אייך ביינאַכט. אָבער איך וואָלט פּשוט זיך אויפֿגעהאַנגען, אויב איך וואָלט זיך נישט געקאָנט אויסרעדען פֿאַר אַ מענש. קאָן איך ווייטער דער־צעהלען?... דער דאָזיגער וואַרעמער שטראָם האָט גע־שטראַהלט אין מיין קאָפּ מיט היץ, ווי אַ צוגליהט שטיק אייזען, אָבער באַלד איז עס צוגאַנגען איבער מיין לייב און איך האָב אפֿילו הנאה געהאַט דערפֿון. איך האָב זיך גע־שפּירט, ווי נאָך אַ הייסער באָד. איך האָב געהאַט דעם איינ־דרוק, אַז איך האָב זיך געראַטעוועט פֿון עפּיס, וואָס איז געלעגען פֿאַר מיר, און אין דעם דאָזיגען אַנגענעהמען מאָ־מענט, ווען איך האָב זיך בעפֿרייט פֿון אָט דער נישט־גוטע־

הענער לאַסט איז געשעהען יענע. און דער ערשטער האַל-
בער שעה האָב איך נישט געוואָלט גלויבען, אַז דאָס האָב איך
אָם געטון. ערשט. און דער היים בין איך דערגאַנגען דעם
פּרוויערונגען אמת. יאָ, עס איז געשעהען. עס איז אמת! עס
לאָזט זיך נישט פערבעסערן — נישט פאַר די אויגען פון
מענשען און נישט אין מיינע אייגענע אויגען!

ווענק'ן איז פּלוצלינג געקומען אין זכרון. זיין אייגענע
איבערלעבונג מיט'ן אַלטען פּראָפעסאָר.

— ווי גאָט איז מיר ליב! — האָט ער כמעט אויסגע-
שריגען, — זאָל יענער האָבען אויך דאָ אַהערגעטראָפען?...
און בליץ-שנעל האָבען זיך אין זיין מח אויסגעמישט די
בילדער פון דער גרעפין און פון דער קאַראָזאַ בכים שפּיל-
טיש...

— האָט איהר עפּיס אַ חשד?

— דער גראַף האָט נישט פערשטאַנען די פראַגע.

— פערשטאַנען? אַה, איהר מיינט... אַז איך בין שוין
לאַנג אַזעלכער? אַ קראַנקער? ניין, קיינמאָל נישט?

— ניין, איך מיין אַ חשד געגען אַ געוויסער פּערזאָן,
וואָס האָט זיך דאָרט געפינען?

— אַזאַ געדאַנק איז מיר נישט געקומען אין קאָפּ אַריין.
איך פערשטעה נישט, אַז עמיץ אַנדערש זאָל קאָנען... ניין,
ניין, איך בין קיינעם נישט חושד!

— האָט זיך אין דער געזעלשאַפט נישט געפינען אַ נישט-
געהעריגער גאַסט? וועֶר האָט זיך אייך אויסגעוויזען פּער-
דעכטיג? אָדער ווער האָט זיך אויפגעפיהרט אַנדערש, ווי די
אַנדערע געסט?

— עס איז דאָרט געווען אַ קליינער קרייז פון די פּער-
זענליכע פריינד פון געהיימראַט. ניין, קיינער נישט.

ווענק האָט אָפּגעוואָרפען זיין חשד. ווי נאָך האָט ער
באַטש אַ רגע געקאָנט טראַכטען, אַז די אַנוועזענהייט פון דעם

פֿאַרברעכער, וועלכן ער זוכט, האָט אַ שייכות מיטן דעם גראַפֿ'ס אומערקלערלעכן שפּילן? דער פּראָפֿעסאָר קאָן ערקלערט טערען דערמיט, וואָס ביי איהם איז אויף אַ מאָמענט פֿאַר־שווינדען דער ווילען און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער טוט. דער גראַף דאַרף אומבעדינגט געהן צו אַ פּסיכיאַטאָר נאָך הילף. עס איז נישט אויפֿ'ן אָרט, וואָס ער איז געקומען צו איהם, אַ קרימינאַליסט. אָבער ער וויל דערפֿון נישט מאַ־כען קיין ווערטער.

האַאַזע האָט געשוויגען. דער פּראָקוראָר האָט איהם אוי־בערגעלאָזט זיך אַליין. דער גראַף האָט זיך אויפֿגעשטעלט.

— איך האָב מיך בעהערשט... עס איז מיר אַ שאָד, וואָס אָהן שום רעכט האָב איך אייך געשטערט ביינאַכט. איך בעט אייך, איהר זאָלט עס נישט אָננעמען פֿאַר אומגוט. און אַן אומגליק דאַכט זיך אויס דער נשמה, אַז זי פֿאַלט אין אָפּ־גרונד. און דאַן זוכט דער שכל די ערשטע און בעסטע הילף. איהר האָט אָנגעקלונגען. עס איז געווען אַ שייכות צווישען מיר און מיין... הויז. און דעריבער...

ער האָט איבערגעריסען, פֿרעגענדיג מיט מורא:

— אָבער זאָגט מיר, צי זאָג איך איצט דאָס, וואָס איך דאַרף זאָגען? אָדער אפשר טו איך עפּיס אַ נאַרישקייט? נעמט אין אַכט, אַז דאָס איז דאָס שרעקליכסטע אין מיין לאַגע. מיר שטעהט פֿאָר אין דער ציקונפֿט צו האָבען אַלס שטענדיגען חבר פֿון לעבען — אַ פּסיכיאַטאָר.

— ניין, גראַף. איהר רעדט קלאָר און זיכער דאָס, וואָס איהר ווילט רעדען. בימע זעהר ,איך בין גרייט צו טון פֿאַר אייך אַלץ. עס איז דאָ אַ גרעניץ, אויף וועלכער מיין פֿאַך קומט זיך צונויף מיט דער בעשעפֿטיגונג פֿון אַ פּסיכיאַטאָר.

עס איז געווען גוט שפּעט. ווענק האָט פֿאָרגעלעגט דעם גראַף, ער זאָל איבערנעכטיגען ביי איהם.

האַאַזע האָט אַרויסגעמורמעלט:

— יאָ... אָבער... מיין פֿרוי...

דאָ האָט ער אַ קוק געטאָן אויף ווענק'ן און ענטשוויגנ־
געוואָרן. ווענק'ס פּנים האָט אַ ציטער געטאָן, ווי עס וואָלט
אויף זיך אָנגעשלאָגן דעם גראַפ'ס ליידן.

ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט דער גראַף ווייטער
געקאָנט רעדן.

— יאָ, איך נעהם אָן אייער פאָרשלאַג. איך וועל אי־
בערנעכטיגן ביי אייך.

צומאָרגענס אינדערפרי האָט ווענק געפרעגט דעם גראַף:

— וואָלט עס פאַר אייך געווען אנגענעהם, ווען איך
וואָלט ווענען אייער פאָרפאַל גערעדט מיט'ן געהיימראַט ווענ־
דעל.

— ניין. איך בעט אייך, איהר זאָלט אַזוי רעדן...

ער האָט איבערגעריסן. ער האָט עפּיס געהאַט אויף
דער צונג. ווענק האָט געקוקט אויף איהם און געוואַרט. ענד־
ליך האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך שטעה פולשטענדיג צו אייער דינסט. אפשר
האָט איהר נאָך עפּיס אַ וואונש צו מיר...

דאָ האָט האַזע שנעל און מיט אַ פאַרוויטעלטן שמיי־
כעל געענטפערט:

— רעדט אויך מיט מיין... פרוי, פאַר וועלכער איך
שעהם זיך אַזוי!

— איהר האָט נישט קיין גרונד צו שעהמען זיך.

— מיין פרוי האָט ליב שטאַרקע און געזונדער מענ־
שען. איך האָב שטענדיג גוט געוואוסט, אז אונזער געמיינזאַם
לעבען איז פאַרבינדען מיט שוואַכע פעדים... יעצט שטעהט
די פראַגע, צי זי וועט ווייטער מסכים זיין צו לעבען מיט אַ
מענש, וועלכער איז קראַנק!

— איך וועל רעדן מיט איהר דערוועגען!

* * *

ישר געהיימראַט האָט העפליך אויפגענומען ווענק'ן, מיט

זײַן כאַראַקטעריסטישער פֿעיִקייט אָפּצושטעמפּלען די שפּיצן פֿון גשװויסטע פֿאָרפֿאַלן אין לעבן, האָט ער ערקלערט װענדי'ן, אַז לויט זײַן מײנונג האָט דעם גראַף פּשוט פֿאַרגלוסט זיך אַרויסצורופֿן אַ שטיקעל אױואַנטורע. ער האָט זיך אָנגעשטעקט פֿון זײַן פֿרוי, װאָס האָט אַ צו בעפֿלינגעלטע פֿאַנטאַזיע. ער איז זיכער, אַז ער האָט נישט געשפּילט אין פֿאַלשע קאָרטן צוליב'ן געלד. נײן, דאָס זיכער נישט. ער האָט פּשוט געשפּילט די ראָליע פֿון אַנ'אױואַנטוריסט, כּדי זיך צו װײַלן אַ ביסעל. שולדיג אין דער גאַנצער מעשה איז דער גראַפֿינ'ס שכן, װעלכער האָט פֿון אַ װיץ געמאַכט אַ געזעלשאַפֿטליכן סקאַנדאַל!

— קאָנט איהר מיר נישט זאָגן, הער געהײמראַט, װער עס איז געװען דער דאָזיגער שכן?

— איצט, װען איך האָב זיך אַזוי נישט גינסטיג אויסגעדריקט װעגן דעם גאַסט, פּאַסט נישט, איך זאָל אויסזאָגן זײַן נאָמען, — האָט װענדעל געשמײכעלט — עס איז אַנ'עלטערער מענש, אַ פּראָפֿעסאָר פֿון אַנאַטאָמיע.

— און דאָך... דאָך איז די זאַך פֿיל ערנסטער, װי דער הער געהײמראַט רעכענט... דער גראַף האָט פֿאַרבראַכט בײַ מיר אַ גאַנצע נאַכט. ער איז ענטלאָפֿן פֿון זיך צו מיר. ער האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע ביז צו די קלענסטע פּרטים. און איך האָב נישט דעם מינדעסטן גרונד צו בעשולדיגן איהם, אַז ער האָט כאָטש אויף אײן שטעל פֿאַרדרעהט דעם אמת. אויף זײַן אויפֿריכטיגקייט קאָן איך נישט האָבן קײן חשד. ער איז געװען דערשלאָגן, פֿאַרצװײפֿעלט, דערדריקט פֿון דעם מערקװירדיגן פֿאָרפֿאַל. האָט זיך צװישען אײַערע געסט נישט געפֿינען אַזעלכער, װאָס האָט געקאָנט מאַכן אַ בעזונדערען אײַנדרוק אויף דעם גראַף?

דער געהײמראַט האָט זיך צולאַכט.

— נײן! בײַ מיר איז נישט געװען אַזעלכער.

— נעמט נישט פאַר אומגוט מײַן צודרינגליכקײט. זענט איהר פולשטענדיג זיכער, אַז אַזאַ מענש איז אין אײנער גע־זעלשאַפט נישט געווען?

— אַזוי מײַן איך. מײַנע אַלע געסט קען איך שוין לאַנג פערזענליך. איהר ווייסט דאָך, פאַרוואָס מען האָט דאָ אָהער־געבראַכט די נאַכט־וואַנדלערין? עס זענען דאָך געווען פאַר־מענשען: דאָקטוירים, פּראָפעסאָרען, עטליכע מאַלער מיט בערימטע נעמען און מײַנע פערזענליכע פרײַנד. ווײַטער איז דאָרט געווען דאָקטאָר מאַרקוזע, וועלכען איך קען, וואָס אַנ־אמת איז, נישט אַזוי לאַנג, אָבער וואָס זײַנע פּראַקטישע פעהיגקײטען שעץ איך זעהר הויך. דאָס איז אַ דאָקטאָר פסי־כאָ־פּאַטאָלאָג. פון דאַנען קומט טאַקע צו מיר דער געדאַנק, אַז אויב דער גראַף האַאַזע געפינט זיך טאַקע אין אַזאַ מצב, ווי איהר שילדערט מיר, דאַרפט מען אים איבערגעבען היילען זיך דעם דאָקטאָר מאַרקוזע. דער גראַף איז אַ זוהן פון מײַן פרײַנד פון דער שול־באַנק. זײַן גורל געהט מיר שטאַרק אָן. ראַט אים אין מײַן נאָמען, ער זאָל זיך ווענדען צום דאָקטאָר מאַרקוזע. איך וועל אים מיטגעבען אַ רעקאָ־מענדאַציע־בריוו. אָבער איך קען בלויז דעם נומער פון זײַן טעלעפאָן.

ווענק איז אַרוים.

פון געהיימראַט איז ער אַוועק קײַן טוצינג, אין דער ווי־לע פון די האַאַזעס. אָבער דער לאַקײ האָט איהם געזאָגט, אַז מאַן און פרוי האַאַזע זענען הײַנטיגע נאַכט נישט אַהיים־געקומען.

דאַן האָט ווענק זיך צוריקגעקעהרט אין זײַן וואוינונג. און דאָרט האָט ער געטראָפען וואַרטען אויף איהם דעם גראַף, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרעהט אַ צומישטער, אַ בלאַסער. מיט דײַטליכע סימנים פון לײַדען אויף'ן פנים.

— כ'האָב באַלד פערשטאַנען! — האָט ער געזאָגט, ווען ווענק האָט איהם מיטגעטיילט, אַז די פרוי איז נישט

אהיימגעקומען — און דער געהיימראַט וואָס זאָגט ?

— איך האָב איהם איבערגעגעבען אַלץ, וואָס איהר האָט מיר דערצעהלט. ער האָט דעם גאַנצען פּאָרפֿאַל אָפּגעשאַצט אַנדערש ווי מיר, אָבער גאָרנישט אַזוי שלעכט פֿאַר אייך. ער ראַט אייך, איהר זאָלט זיך איבערגעבען און די הענד פֿון אַ געוויסען דאָקטאָר, וועלכען ער קען. ער האָט מיר געגעבען אַ בריף צו איהם. אָט האָט איהר איהם.

— דאָקטאָר מאַרקוזע... ער איז אויך געקומען געווען,— האָט געזאָגט דער גראַף, איבערלייענענדיג די אַדרעס אויפ'ן קאָנווערט.

— זאָל איך געהט צו איהם און אייער נאָמען ? — האָט ווענק געפֿרעגט.

— אָ, ניין, פּראָקוראָר ! איך קאָן נישט מיסברויכען מיט אייער העפֿליכקייט. איך מוז מסכים זיין אָנצונעמען דעם פּאָרפֿאַל, ווי אַזוינס, וואָס איז נוגע מיר אַליין; און איך אַליין מוז ליידען צוליב איהם. אַזוי ווי עס איז דאָ דאָ פֿער־צייכענט דער נומער פֿון טעלעפֿאָן, וועל איך באַלד רעדען מיט'ן דאָקטאָר מאַרקוזע. ערלויבט איהר צו רעדען פֿון דאַ־נען ?

— הער דאָקטאָר מאַרקוזע ! — האָט גראַף האַאַזע גע־רעדט, אַראָפּבויגענדיג זיך צום אַפּאַראַט. — איהר זענט געב־טען געוועזען אַנ'ערות פֿון מיין אומגליק ביים געהיימראַט ווענ־דעל.

— יאָ.

— איך דאַרף אייער מעדיצינישע הילף. דער געהיימ־ראַט ווענדעל האָט מיר געגעבען אַ בריף צו אייך. קאָן איך אייך איהם תיכף איבערגעבען ?

פֿון אַפּאַראַט האָט מען געענטפֿערט :

— ניין. איך וויל פּאַציענטען בלויז ביי זיי און דער היים. וואו איז אייער אַדרעס ? ערוואַרט מיך מאָרגען פֿאַר־מיטאָג עלף אַ זייגער. חזר'ט איבער ווען אַ זייגער.

— עלף! — האָט קאַזוּ איבערגע'חזר'ט דערשראָקען אויף דאָס מיפּסטע.

און זאָפאָרט האָט ער פאַרלאָזט דעם פּראָקוראָר.

XII

אונטער אַ שוואַרצער דעק, אויסגעהאַפטען מיט רויטע בלישטשענדיגע שטרייפען, האָט זיך אויפגעוועקט די גרעפין האַזוּ.

אַרום איהר איז געווען טונקעל און פרעמד.

אַ שוואַך ליכט פון ערגיץ אין דער הויך איז געפאַלען מיט אַ דערשטיקטען גלאַנץ אויף דעם צימער, און וועלכען זי האָט זיך געפונען. זי איז געלעגען אין אַ בעט אַנ'אָנגעטוּענע.

דאָס צימער האָט זי נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט גע-זעהען. זי איז געלעגען, בעמיהענדיג זיך צו דערמאָנען, וואָס מיט איהר איז אַלץ געשעהען. האַרט, ווי דער שטויס פון אַ האַמער, האָט זיך אין מח אָפּגעשלאָגען אַ מאָמענט פון איה-רע איבערלעבונגען, — דער מאָמענט, ווען די גראָהע אויגען פון דאָקטאָר מאַרקוּזע, וועלכער האָט איהר דערציעהלט וועגען מיגערס אין די געדיכטע וועלדער, זייענדיג אַראָפּגעבויגען צו איהר, — ווען די גראָהע אויגען, וועלכע האָבען מעהר אויס-געשראַשט, ווי די נענעל פון אַ חיה, פון וועלכער עס געהט אַ ריח פון פערגאָסען בלוט — האָבען זיך איינגעקוקט אין איהר... עס זענען געווען אויגען פון אַ געשפּענסט, וואָס האָ-בען זיך איצט, דערמאָנענדיג זיך, געמאַכט אויפציטערן. זי האָט געוואָלט כאַפּען דעם אָטעם, אָבער די לונגען האָבען אָפּגעזאָגט. זי האָט זיך געפיהלט אַזוי, ווי איהר האַרץ וואָלט געוועז ענטלאָפען פון איהר ברוסט... ניין! ווי אַ פערד, וואָס זיינע פאָדקאָווען האָבען פּלוצלינג פערלוירען אונטער זיך דעם האַרטען שטיינערנעם גרונד, בלייבענדיג העגנען איבער אַ תהום...

עס האָט זיך געעפענט עפּיס אַ טיר. זי האָט נישט געענ-

געוואוסט, וואו. זי האט עס גיכער געפֿילט, ווי גוט געה־
הערט דעם סקריפּ. זי האט געוואַרט אויף עפּעס. איהר כח
הדמיון איז אויך געוואָרען פֿערשטאַרקט און געוואַרט.

פֿון דער טונקעלקייט האט זיך דערהערט אַ קול, וואָס
האט זיך געווענדעט צו איהר:

— איהר האט זיך אויפֿגעוועקט. ווילט איהר, איך זאָל
ליכטיג מאַכען?

דאָס איז געווען אַ קול, וואָס האט אָפּגעקלונגען, ווי
האַרט מעטאַל. פֿון וואַנען האט דאָס קול געקאָנט אַריינדרינ־
גען דורך דער פֿינסטערניש?

עפּיס אַנ'אונבעשטימטער קלאַנג האט זיך אַרויסגע־
ריסען פֿון איהר האַלז. זי האט נישט געוואוסט, וואָס זי רעדט.
עס דאַכט זי בעהערשט אַ געפֿיהל פֿון אונצופֿריעדענהייט. זי האט
בלויז אויסגעצויגען די הענד ווי צו שיצען זיך.

דאַן איז אין צימער פּלוצלינג ליכטיג געוואָרען. דאָק־
טאָר מאַרקוזע האט שוין געהאַט פֿערמאַכט די טיר. ער איז
געשטאַנען בײַ איהר בעט און געזאָגט:

— דער ענין איז גאַנץ קלאָר. איך האָב אײַך געוואָלט
און איך האָב מיר אײַך גענומען.

די גרעפֿין האט צוריקגעקריגען די שפּראַך. זי האט זיך
אויפֿגעהויבען אויפֿ'ן געלעגער, אָבער איהר אונמעכטיגקייט
איז געווען אַזוי גרויס, ווי ס'גאַנצע בלוט וואָלט איהר אויס־
געטריפט... וואָס וויל דער דאָזיגער מענש פֿון איהר? אָ, זי
ווייסט זעהר גוט, וואָס ער וויל. דאָס איז געווען אַ טינגער.

דאָך האט זי געפֿרעגט:

— וואָס ווילט איהר?

— איך האָב שוין געזאָגט! — האט דאָס שטאַרקע
קול קורץ געענטפֿערט.

— דאָך?

— איהר בלײַבט בײַ מיר!

— איך וויל נישט! — האָט די גרעפין געשריגען —
איך וויל העלפען מיין מאַן. איך וועל דאָ נישט בלייבען.
ערשט איצט האָט זי זיך קלאָר דערמאָנט, וואָס עס איז
געשעהען. איהר מאַן האָט געשפּילט פאַלש אין קאָרטען.
— גאָט מיינער, גאָט מיינער, ווי אַזוי האָט עס געקאָנט
געשעהען?
זי האָט דאָך געוואוסט, אַז ער האָט עס ביז אַהער קיינ־
מאָל נישט געטהון. ווי שרעקליך עס איז! וואָס פאַר אַ ליידען
פאַר דעם פיינפיהלענדען מאַן איהרען! וואָס פאַר אַ ביטע־
רע ענטטוישונג! זי איז ערשט נישט לאַנג געוועזען ביי דער
מיטהעלפערין פון ווינטער'ס מעאַדער, און איצט האָט זי זיך
געפיהלט נידריגער פון איהר. אַלץ האָט אויפגעקאָכט, אויפ־
געבראויזט אין איהר.
זי האָט ווידער דערהערט דאָס קרעכצענדע, שרעק־אָנ־
וואַרפענדע, ריזיגע מעכעגרליכע קול.
— איהר ווילט נישט? איך פרעג אייך אָן.
ער האָט נישט געפרעגט קיין מיגער און קיין בופּעל־אָקס
— זאָל ער איצט פרעגען אַ שוואַכע פרוי?
— אויסגעצייכענט! צי דאַרפט ער דען זי פרעגען?
ער האָט דאָך זי מיט געוואַלד אַהערגעבראַכט.
— ווי אַזוי קום איך אַהער? — האָט זי געפרעגט.
— מיר האָבען צוערשט צו רעדען וועגען וויכטיגערע
זאַכען. ווי אַזוי פלאַנט איהר איינצוארדנען אייער לעבען?
— דאָס געפרעגט דאָס קאַלטע און שטאַרקע קול מיט אַ געפ־
ווייסער ערנסטקייט, וואָס האָט אַרויסגערופען אַ שוידער אין
איהרע אָדערען.
— איך וויל נישט! — האָט די גרעפין אַ געשריי געט־
טון — זי האָט געפיהלט ווי פיינליגונגס־מכשירים וויאָלטען
זיך איינגעשניטען אין איהר מוח.
— עס האַנדעלט זיך נישט וועגען דעם, — האָט ענט

קיל גענטפערט — עס האנדעלט זיך בלויז וועגן דעם, צי איהר וועט דא בלייבען פרייווילינג, צי אלס געפאנגענע.

די גרעפין איז געקומען צו זיך זעהענדיג, אז מען וויל זי כמעט צוואנג דא פערהאלטען, זי האט זיך בעמיהט צו נויפצונעמען די געדאנקען. זי האט זיך ארומגעקוקט און זיך איינגעהערט.

אז זא ווילע ארום האט זיך געענטפערט:

— איהר קאנט מיך נישט האלטען געפאנגען און מוטשען!

דערויף האט מארקיזע געענטפערט און א דראהענדען טאן:

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איהר זענט נאך און מינכען?

— איהר האט מיך פערשלעפט.

— איך בין נישט קיין נארר.

— ווער זענט איהר? ווי הייסט איהר?

זי האט געוואלט ענטפערן: „איך וועל אייך אנרופען נארר". אבער עפיס א זיסע שטערונג האט נישט דערלאזט די צונג ארויסצורעדען דעם דאזיגען מיאוס'ען נאמען. זי האט איהם נישט ארויסגערעדט. עפיס האט זיך אויפגעהויבען אין איהר נשמה א געפיהל, וואס האט אנגענעהמער גע־מאכט איהר לאגע. א געפיהל, וואס האט געברענגט א הבטחה, און א גוטער צוזאג פון עפיס א גאר ווייטער ווייטקייט האט גענומען זיך וועקען אין איהר הארצען.

עס איז ענטשטאנען ביי איהר א געדאנק, אז זי דארפט אפשר זיך פיהלען גליקליכער דערפאר, וואס בעת איהר מאן איז אריינגעטרעטען געווארען און א נישט־בעקוועמער סיטואַ־ציע, און אנ'אומגליק, איז זי נאך נישט קאמפראמיטירט ביי קיינעם. זי האט שטרענג געפרעגט:

— זאגט, וואס ווילט איהר נאך פון מיר?

דער מאַן, וואָס איז געשטאַנען פאַר איהר, האָט געקוקט אויף איהר פער'עקשנ'ט און רוהיג; אונטער זיין בליק האָט זיך איהר געדאַכט, אַז איהר פראַגע האָט דאָ נישט קיין זין און זי שווימט אַוועק אין ווייטען ים. אָבער דער ווייטער ים איז געוועזען די ברוסט פון דעמדאָזיגען מאַן. אינעווענינג און אויסעווענינג האָט זיך נישט געפינען קיין שטאַרקערע ברוסט. די דאָזיגע ברוסט איז געוועזען די נעץ פאַר איהרע בעהאַלטענסטע און פערבאָרגענסטע חלומות... אַה, ווען מען קאָן אַזוי זיין צוזאַמען מיט אָט דעם מאַן און דער דזשונגעל... און דער דזשונגעל....

און דאָ האָט דער מאַן, וועלכער האָט זיך אַזוי שטאַרק נעע־אַט איינגעקוקט אין איהר, געזאָגט רוהיג, אָבער אין דער רוהיגקייט איז געוועזען בעהאַלטען אַ דונער:

— די מענשליכע בריאה איז צו עלענד און נשבעדיג, אַז די זכרים און נקבות זאָלען בעזיצען איין און די זעלבע מאַכט, וואָס די וועלט־שאַפונג האָט געמאַכט אַלס אונטער־שיד פון די געשלעכטער; מען דאַרף איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַריינגקוקען טיפער און אָפען זיך מודה זיין, אַז די פרוי געהערט צום מאַן, פונקט ווי דאָס ליכט צום מאָג!

— אַ, דאָס הייסט, — האָט די גרעפין געפרעגט דער־שראָקען, — אַז איהר, איהר ליבט מיך?... און דערפאַר געפינ איך מיך דאָ?

— איך בעגעהר אייך, פרוי. און דאָ איז פאַר מיר מעהר ווי ליבע. איהר זענט דאָ דערפאַר, ווייל פאַר מיין בעגעהר איז נישט פאַרהאַן קיין שום שטערונג. איהר קאָנט ווערען אַ קעניגין! אויף אָט דער ברוסט און אין עיטאַפּאַמאַר און צפון־בראַזיליען. אַ קעניגין — אַ הערשערין איבער נישט בעטרע־טענע וועלדער, ווילדער חיות, באַרבאַרישע פעלקער, מאַלען, בערג און האָריזאָנטען. און ווער קאָן אייך אין אונזער פאַר־אַכטונגס־ווערטער וועלט געבען מעהר?

— קיינער נישט! — האָט די גרעפֿין געענטפֿערט, מיט צעריכטע פֿון געהיימנים פֿון טרוים, וואָס האָט גיך אָנגעהויבען אין איהר אַ טאָפּעלט שפּיל.

— האָט איהר, הייסט עס, בעשלאָסען פֿרייוויליג דאָ צו בלייבען? — האָט ער געפֿרעגט די גרעפֿין.

די גרעפֿין האָט אָנגענומען איהר פֿריהערדיגע האַלטונג. זי האָט זיך אַוועקגעבויגען פֿון אַט דעם מענש. ווי זי וואָלט געזוכט שוץ געגען איהם, האָט זי זיך געשטעלט הינטער דער קאַנאַפּע. זי האָט פֿערביסען די ליפּען.

אין איהר שווייגען האָט זיך אין אַ פּייניגענדען צער געדיכטען אַ פֿערלאַנג צו ענטלויפֿען פֿון דאַנען, אָבער גלייכצייטיג האָט זיך אויפֿגעוועקט אין איהר אַ בעגעהר דאָ צו פֿערבלייבען און צו זיין געהאָרכזאַם.

* * *

מאַרקוזע האָט בעזוכט דעם גראַף האַאזע.

— אייער קראַנקהייט האָט נישט אין זיך קיין שום געפֿעהרליכעם, — האָט ער געזאָגט — מען קאָן זי אויסהיילען, אויב איהר וועט צוריקגעווינען אייער זיכערקייט אין זיך. מ'וועט זי נישט קאָנען אויסהיילען און זי וועט זיך נאָך פֿערערגערן, אויב דאָס וועט זיך אייך נישט איינגעבען. צוליב טאַקטישע סיבות וועל איך אייך, ווי אַלע אַנדערע פּאַציענטען, קורירען אין דער היים. איך שטעל אייך אַ בעדינג, אַז דורך דער גאַנצער צייט פֿון דער קוראַציע טאָרט איהר נישט אַרויס פֿון הויז און אויך נישט זעהען קיינעם, וואָס קאָן אייך דערמאָנען אָן אייער אַמאָליגען אַרט לעבען.

האַאזע איז געוואָרען איבערראַשט פֿון אַזאַ שטרענגקייט, מיט וועלכער דער דאָקטאָר האָט איהם אָנגעוואָרפֿען זיינע קור-פֿאָרשריפֿטען. זייענדיג אַנ'איידעלער און נישט דרייסטער פֿון דער נאַטור אויס, אַ חוץ דעם אַ ביסעל דערדריקט פֿון די לעצטע איבערלעבונגען, האָט ער זיך נישט דערוועגט צו פּראָטעסטירען מיט איין וואָרט. פֿון דער ערש-

פֿעה רגע אַז האָט ער דערפֿיהלט שרעק פֿאַר זײַן דאָקטאָר.

בעת מאַרקוזע האָט פֿערלאָזט דאָס הויז, וואו אַ סך זאַ־כען האָבען געווײזען, אַז דער גראַף פֿערעהרט שטאַרק זײַן פֿרוי, האָט ער געשעפּטשעט צו זיך:

— ער וועט מוזען פֿערשווינדען ווערען, אויב זײַן נאָ־מען וועט נאָך אײנמאָל דערמאָנט ווערען דורך איהרע ליפּען!

ער איז געווען צוריינצט, ווי אַ ווילדע חיה. דאָס קומען און בערוהרונג מיט אַ מענש, צו וועלכען יענע פֿרוי האָט אַזוי לאַנג געהערט אַלס ווײַב, האָט איהם געבריהט די אָדערן, האָט איהם אויפֿגערייצט, ווי ער וואָלט געווען אַנ׳אָקס, וואָס ווערט מיט נעגעל געשטאָכען און קאַרק אויף דער אַרענע. ער האָט זיך אינסטינקטיוו אַ בויג געטהון פֿאָראויס, ווי צו אַנ׳אָנפֿאַל, און האָט אַרײַנגעקוקט אין זײַן פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט, אוי־בערגענומען פֿון האַס און פֿערלאַנג אויף נקמה. ער האָט זיך געפֿיהלט אַזוי, ווי אין דער נשמה וואָלט איהם געפּלאַצט אַ געשוויר און אַרויסגעוואָרפֿען דעם אייטער פֿון בייז. ער האָט זיך פּשוט געוואָרפֿען פֿון צאָרן.

קומענדיג אַהיים, איז ער גלייך אַרײַן אין צימער, אין וועלכען די גרעפֿין איז געווען פֿערמאַכט. די שטוב איז גע־ווען בלויז אַ ווינקעל, אַ בעהאַלטען אָרט, און געמויערטען הויז. דאָס ליכט איז אַרײַנגעדרונגען דורך אַנ׳אײַנציגער עפֿענונג, וואָס האָט זיך געפֿינען אין דער הויך, און דאַך.

בעת ער איז אַרײַנגעקומען, האָט די פֿרוי זיך אויפֿגע־הויבען. זי איז געווען בלייך, ווי די קושענס פֿון בעט, אויף וועלכען זי איז געלעגען. זי איז צו צו איהם און געזאָגט:

— וואָס איז היינטיגע נאַכט געשעהען מיט מיר? וואָס האָט איהר מיר געטהון?... איך האָב מײַן בעוואוסטזײַן פֿער־לוירען...

— איך האָב געטהון דאָס, וואָס איהר האָט געלאָזט טהון.

דאָ האָט די פֿרוי אַזאַ שטאַרקען צימער געטהון, אַז זי

איז אַנידערגעפֿאַלען, און ליגענדיג אויף דער ערד, האָט זי איהם צוגעוואָרפֿען אַ פֿעראַכטונגס-בליק. זי האָט געשריגען פֿון ווערהטאָג און אויפֿרעגונג.

— שטן! מזיק!

— דער דאָזיגער נאָמען געפֿעלט מיר, — האָט מאַרקוזע געזאָגט — עס איז אַ קאָמפּלימענט פֿאַר מיר. איהר וועט ניט טרעפֿען, אַז דאָס איז פֿאַר מיר אַ צערטעל-וואָרט. פֿון איצט אָן זאָלט איהר מיך רופֿען לוציפֿער. עס איז דערפֿאַר, ווייל איך ברענג אייך ליכט.

די גרעפֿין, ליגענדיג נאָך אַלץ אַ צוּבראָכענע, אַ פֿער-לוירענע, האָט געהאַלטען אין אויסברעכען אין אַ געוויין. אַ פּאַנישער, ווערהטאָג'דיגער שרעק האָט זי בעהערשט. פּלוצ-לינג האָט זי זיך קאָנוואולסיוו אויפֿגעטרייסעלט:

— וואו איז מיין מאַן? — האָט זי געפֿרעגט.

און דאָ האָט זי דערזעהען, אַז מאַרקוזע האָט געמאַכט אַן'אָפּשטויסענדע מינע. עס האָט זיך איהר געדאַכט, ווי איהר וועהטאָגליכע, פּייניגענדע פֿראַגע האָט איהם געשטאָכען.

אַ פֿערוואונדערונג האָט זי געטראָפֿען: איז דער דאָזי-גער מענש ווירקליך אַזוי שטאַרק, אַז פֿאַר איהם, פֿאַר זיין ווילען פֿאַלט אַלץ אום, גיט זיך אונטער, — עס צופֿאַלט אַלץ, וואָס איך בין געוועזן אַמאָל און וואָס אַנדערע מענשען האָבען בעדייט פֿאַר מיר.

אַ צוויי-פֿאַכיגער גייסטיגער שטראָם האָט בעהערשט איהר נשמה: ליבע און האַס. זי האָט זיך אַזוי נעשעהמט, אַז אין איהר קאָן זיך נאָך געפֿינען אַ פֿונק פֿון ליבע פֿאַר אַזאַ פֿערברעכער.

זי האָט נאָכאַמאָל אַ רוף געטהון אין טונקעלען צימער:

— וואו איז מיין מאַן?

דאַן איז מאַרקוזע פּלינק אויפֿגעשטאַנען און אַרוים

נאָך אַ לענגער געשפּרעך מיט אים, האָט זיך מאַר־קוזע איבערגעטון און איז אַוועק אין דער ריכטונג פֿון ווירטעמבערג. געוואָרג האָט זיך אומגעקערט אין דער ווילע אין שאַכטע!

מאַרקוזע איז אַוועק צום וואָקזאַל און געפֿאָרן קיין שטוטגאַרט. זײַנע אַגענטן האָבן אים טעלעפֿאָניש אַרויס־גערופֿן: „עפּיס אַ קראַנקער בעט אים אויף אַ וויזיט“. דאָס האָט געהייסן: „עס איז דאָ עמיצער אויפֿן אויג, וועלכן מען קאָן אויסליידיגן.

בעת מאַרקוזע האָט דעם זעלבן אָוונט זיך ווידער גע־זעצט צום שפּיל־טיש, האָט ער זיך מיט איינמאָל דערמאָנט דעם צוזאַמענשטויס פֿון זײַן אויטאָ מיט דער פֿורר אַס־פֿאַלט.

די אַספֿאַלט־פֿורר האָט איצט אויסגעזען איז זײַנע אויגן ווי אַ ריזיקע חיה. וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון דער פֿינסטערניש אויף דער גאַס. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די דאָזיקע חיה גרייט זיך צו באַפֿאַלן אים, אַז זי וואַקסט אויס צו אַן אומגעוועהנליכער גרויס און איינציגווייז נעמט זי אָן דאָס געשטאַלט פֿון פּראָקוראָר ווענק. זי האָט אים אָנגעקוקט אין די אויגן מיט אַ שרעקליך פּנים, ווי אַ חיה פֿון פֿאַר דער וועלט־באַשאַפֿונג. וועלכע באַווייזט זיך איז ים אויף פֿעלזן אײַן. די דאָזיקע אומדערטייליכע. פֿערגעפּעלטע ערא־נערונג האָט מאַרקוזען אָנגעפֿילט מיט שרעק. ער האָט שלעכט געשפּילט. ער האָט צו פֿריִה פֿערלאָזט דעם טיש, האָבענדיק פֿערשפּילט אַ ביסעל געלד און נאָך אין דער זעל־בער נאַכט האָט ער זיך אומגעקערט קיין מינכען.

אויפֿן וועג האָט ער, ווי עס וואָלט זיך פּלוצלינג עפּעס ענטפּלעקט פֿאַר אים, געזאָגט: „דאָס איז קאָמיש. עס האַנדעלט זיך פּשוט דערוועגן, וואָס איין איינדרוק ווערט פֿערטוישט מיט'ן אַנדערן. דאָס וויל איך אַרויסיאָגן פֿון מײַן קאָפּ די פּײַניקענדע בענקשאַפֿט נאָך דער פֿרוי מיט שרעק פֿאַר'ן פּראָקוראָר. דאָס איז לעכערליך!“

נישט געקוקט דערויף האָט ער זיך ווײַטער געהאַלטן
בײַ זײַנע פּלענער. פֿאַרוואָס שטעהט דער דאָזיגער מענש
נאָך אַלץ איהם אין וועג ? האָט ער, מאַרקוזע, נישט אַרויס־
געגעבען קיין גענוג דײַטליכען בעפֿעהל ? אויב נישט, וועט ער
דעם בעפֿעהל איבער׳חזר׳ן!

אין דער וואוינונג אין מינכען האָט ער זיך גלײַך גע־
לעגט שלאָפֿען. ער האָט אין זיך אויפֿגעגעבען דעם פֿערלאַנג
תיכּף צו זעהען די גרעפֿין און איז אײַנגעשלאָפֿען גיך און
פֿעסט נאָך די אַלע דאגות אַ גאַנצען מעת־לעת.

* * *

.... בעת די אַרבײַטער, וואָס האָבען אויסגעגלײַכט די
טראָטואַרען אין שאַכטען האָבען זיך אומגעקעהרט צו דער
אַרבײַט נאָך דער מיטאָג־פּויזע, האָט זיך אויסגעמישט מיט
זיי עפּיס אַ פּערשוין, וואָס איז אַרויס פֿון דער אין שכנות־
ליגענדער שענק און פֿערלאַנגט צו רעדען מיט׳ן אויפֿזעהער.
ער האָט געפֿרעגט, צי ער קאָן נישט דאָ קריגען קיין אַרבײַט.

— איך קאָן דיר אָוועקגעבען מײַן אַרבײַט, אויב דו
וועסט מיר גוט בעצאָהלען — האָט איינער פֿון די אַרבײַטער
חוזק געמאַכט.

אָבער דער געקומענער האָט ערקלערט, אַז ער וויל קרי־
גען בעצאָהלט גלײַך פֿון אויפֿזעהער.

— אַזוי איז עפּיס אַנדערש, — האָט דער אַרבײַטער
זיך צולאַכט, — אָט געהט אונזער אויפֿזעהער.

דער אומבעקאַנטער איז צוגעגאַנגען צו איהם, האָט גע־
רעדט מיט איהם שטיל און אומבעמערקבאַר האָט ער איהם
אַוועקגעצויגען פֿון די אַנדערע.

— הממם... אפשר וועט זיך געפֿינען אַרבײַט — האָט
געזאָגט דער אויפֿזעהער, וועלכער איז נישט געווען קיין אַנ־
דערער, ווי אַן איבערגעטוענער פּאָליציי־קאָמיסאַר, — בײַטע
ווײַזט די פּאַפּירען.

דער אומבעקאַנטער האָט געוויזען זײַנע פּאַפּירען, זאָגענ־
דיג שטיל: „העָר קאָמיסאַר, פֿעררעכט איך נישט מיט ווע־
רען פֿערוואונדערט. מאַכט אַן אָנשטעל, אַז איהר לייענט

מײַנע פּאַפּירן און זאָגט, אַז איך װעל אַ געהילף־הײצער בײַם אַספאַלט־אױװען. הײצער איז דאָך אינספּעקטאָר שמידט?

— יאָ, יאָ... נו, גוט, גוט! קוממט — האָט דער קאָמי־סאַר געענטפערט — איהר קאָנט דאָ קריגען אַרבײַט... עי, שמידט, קוממט אהער! — האָט ער אױסגערופען. און דער שטיל האָט ער איבערגעגעבען שמידט'ן, אַז דער הער פּראָ־קוראָר װעט פערברענגען אַ טאָג אַלס זײַן געהילף בײַ דעם אַספאַלט־אױװען.

ער איז צו צום אױװען און שטיל געפרעגט שמידט'ן, צי עס איז פאַרהאַן עפּיס נײַעס.

— עס איז דאָ — האָט אינספּעקטאָר שמידט געענט־פערט — דער הער קאָמיסאַר האָט נאָכאַמאָל געקלונגען צו אײַך אין אונזער ענין. אָבער איהר זענט שױן ניט געװען אין דער הײם. עס זענען געשעהען מאָדנע זאַכען. מיר האָ־בען דאָך געזעהען בײנאַכט יענעם פערשױן, װי ער איז אַרײַן אין דער װילע; עס האָט זיך אונז געדאַכט, אַז דאָס איז געװען דער זעלבער, װאָס האָט איבערגעלאָזט בײנאַכט דעם אױטאָ. אָבער עס װײַזט זיך אַרױס, אַז דאָס איז אַ טעות. דעם אױטאָ האָבען מיר צוריק נישט געזעהען. און הײַנט אינדערפריה איז בלױז עפּיס אַ פרוי אױסגעשטיגען אױפ'ן װעג, װאָס פיהרט פון דער װילע און זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ לודקע. צי איז זי אַרױס פון דער װילע גופא איז אונז נישט געלונגען צו דערגעהן. אָבער אין אַ שעה אַרום האָט זיך מיט אײנמאָל בעװיזען אױפ'ן שאָסעע פאָלדרינגער, װאָס װערט פון אונז פערפאָלגט, און ער איז אַרײַן אין דער װילע. מיר האָבען אָבער נישט געזעהען, אַז ער זאָל האָבען אַרױסגע־גאַנגען פון דער װילע. דאָס איז זעהר רעטזעלהאַפט.

— האָט איהר נישט קײן חשד, אַז די װילע קאָן האָבען עפּיס אַן'אונבעקאַנטען אױסגאַנג.

— נײן. אונזערע בײז־אַהעריגע אונטערזוכונגען האָבען פעסטגעשטעלט, אַז יענער פאָלדרינגער בענוצט זיך שטענ־דיג מיט'ן זעלבען װעג, סײ װען ער געהט אַרײַן און סײ װען

ער געהט אַרום. איבעריגענס געהט ער זעהר זעלטען אַרויס. אפילו נישט יעדען דריטען טאָג.

— איז נישט דאָ קיין וועג אַריינצוקריגען זיך אין דער ווילע?

— אָהן צו וואַרפען זיך אין די אויגען — אוממעגליך! איך זעה איצט פון דאַנען, ווי זיי דערוואַטערן פון דאָרט א בעטלער. זיי האָבען דאָרט א גרויסען דאָג־הונד, וואָס איז אויסגעצייכענט דרעסירט... נייז, דאָרט קאָן מען זיך בגנבה נישט אַריינקריגען.

— געפינט זיך דאָרט איצט פּאָלדרינגער?

— יאָ. איך האָב איהם ערשט נישט לאַנג געזעהען אין פענסטער.

— האָט דער אויטאָ א טאָוועל מיט א נומער?

— יאָ, פון קאָנסטאַנצער קרייז. אָט איז דער נומער.

— זיכער א געפעלשטער. דער אויטאָ איז דאָך געקו־מען פון לינדוי?

— יאָ. איך האָב טעלעפאָניש מיטגעטיילט דעם נומער קיין פרידריכסהאַפען, ראַווענסבורג, לינדוי, וואַנגען און קאָנ־סטאַנצ. פון קאָנסטאַנץ האָב איך געקריגען אַנ'ענטפער, אַז דער אָנגעוויזענער נומער געהערט כלומר'שט צו עפּיס א סאַ־ניטאַר־קאָלאָניע. אָבער דער אויטאָ מיט אַזאַ נומער פאָהרט קיינמאָל נישט אַרויס פון קאָנסטאַנץ.

— לאָזט זיך דאָס נישט אויפקלערען: דער אויטאָ איז איינגעמאָלדען אין דער ווילע, אָבער ער שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר דער ווילע, ווייל דעם פּאַסאַזשיר האָט עפּיס אוים־געוויזען צו זיין פערדעכטיג... אפשר אונזער אַספּאַלט־וואָ־גען?... האָט מען נישט פּאָלדרינגער'ן מיטגעטיילט, אַז דער אויטאָ וואַרט אויף איהם אויף דער גאַס און דער לעצטער האָט איהם אַוועקגעפיהרט ערגיץ אין א בעהעלטעניש. איז עס נישט אַזוי? אין דער זעלבער צייט איז דער מענש, וואָס האָט פערלאָזט דעם אויטאָ, אַריין אין דער ווילע? אָדער ער געפינט זיך נאָך איצט מיט פּאָלדרינגער'ן אינעווענינג, אָדער

רען דאָרט. וואו עס האָט זיך געפינען זיין אוֹיטאָ. דאָס דאָזיגע בעהעלטעניש מוזען מיר אויפדעקען.
— צו וואָס? — האָט מאַרקוזע גראָב געפרעגט. —
אָבער באַלד האָט ער פערגעסען די פראַגע; ער האָט גע־וואָלט עפּיס הערען וועגען גאַרג'ן.
— ער געפינט זיך אין דער ווילע אין שאַבען. ער געדענקט אונגאַנצען נישט אַרויס. ער היט אָפּ די פּאַרזיכטיגקייט.
— וואָס טוט ער?
— ביינאַכט העלפט ער צו ביים טראַנספּאָרטירען די קאָקאַאין־פּאַקעטען דורכ'ן טונעל אונטער'ן גאַרטען פון דער ווילע אין דער שווייץ אַריין. אָבער איך ווייס פון אַ נייער סחורה. וואָס וואָלט דאָרט געהאַט גרויס ערפאָלג. עס איז אַזאַ עטער.
— צו וואָס דאַרפען זיי עטער? — האָט מאַרקוזע געפרעגט.
— זיי הויבען שוין אַליין אָן איהם אויסצואַרבייטען, אָבער עס קאָסט נאָך דאָרט גענוג טייער. מיר וואָלטען גע־קאָנט פערקויפען אַ סך ביליגער.
— ווער „הויבט־אָן"? וואו?
— ביי אונז, אין דער שווייץ.
— ביי אייך? און וויפיל זענט איהר דאָרט פאַרהאַן?
— מען וואָלט עס געקאָנט פערשפּרייטען צווישען די מאַסען.
— איך וויל איצט נישט וויסען פון קיין געשעפטען. פערשטאַנען?! — קיין שום געשעפטען נישט.
— גוט. איך וועל שוין וועגען דעם נישט רעדען.
— שפּעטער, אפשר שוין קיינמאָל מעהר נישט!
דאָ האָט זיך עפּיס אַ ברום, עהנליך צו אַ קרעכץ, אַרויס־געריסען פון שפּעטער'ס היזעריגען האַלז:
— דאָקטאָר, און עיטאָפּאָמאַר?
— שווייג, שפּעטער! מיר טרינקען! איך ווייס איצט גאָרנישט... מיר טרונקען! אַה, דו פויגעל מיט אַ יאָהרלובּער.

— טאָ איז וואָס? איך ליג שטענדיג שפּעטער צוריק אַרײַן אין דעם דאָקטאָר'ס געשעפֿטען.

— דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל דאָ נוט מען דיר צעהן פּראָצענט מעהר, ווי עס נעמט דער ערגסטער פּראָצענטניק. איצט גענוג דערמיט! טרונק, דו בהמות־אָנטרײַבער! טרונק!...

... שפּעטער איז דער ערשטער אַראָבגעפֿאַלען פֿון דער שטוהל, אויף וועלכער ער איז געזעסען. ער איז געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע אין שמוץ און מיט אַן־אונגלויבליכען בליק אָנגעקוקט זײַן העך. ער איז געלעגען ווי אַ הונט, וואָס גוסס'ט און ער הויבט־אָן צו פֿערשטעהן. אַז ער וועט שוין מעהר נישט קאָנען וואַלגען איבער זײַן בעל־הבית.

מאַרקוזע, וואַקלענדיג זיך, האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט די שפּיצען פֿינגער בײַם קאַנט פֿון טיש, ער זאָל נישט אומפֿאַלען צוזאַמען מיט דער שטוהל אויף דער פּאָדלאָגע. ער האָט געבּרומט:

— שפּעדי, גלויבסטו דערין, אַז עס זענען דאָ מענשען כּיט אַזאַ שטאַרקען ווילען, אַז זיי קאָנען דער'הרג'ענען אַ מענש... אָהן איהם אָנצורירהען?..

אָבער שפּעדי האָט נישט פֿערשטאַנען. מיט אויסגעגלאָצטע אויגען האָט ער געקוקט אויף זײַן העך נאַריש אין געשטײַ, מיט אַ קרענקליכער זאָרג וועגען איהם.

— איך קען עס! איך! און איך וועל עס טון! שלאָף!..

— האָט דער דאָקטאָר פּלוצלינג אויסגעשפּיגען — און אײַנהויבענדיג זיך, האָט ער אַרויפֿגעטרעטען אויף דעם מאַן, וואָס איז געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע.

מאַרקוזע האָט געשטעלט עטליכע טריט. ער האָט זיך געמוזט אָנשפּאַרען אין עפּיס. דאָ האָט ער זיך פּלוצלינג בעהערשט. זײַן ווילען האָט זיך צוריקגעקעהרט צו איהם. איצט איז ער געשטאַנען שטײַף, האַרט, אָהן אַ סימן זיך צו וואַקלען, בלויז צובּרענטער פֿון ווײַן; אַרומגענומען פֿון זײַן שטאַרקען ווילען איז ער אַרײַן אין צימער, וואו די טרעפּ האָט זיך געפֿונען, און ער איז פֿערבליבען בײַ איהר, נישט

אַרויסרעדענדיק קיין וואָרט. און פון דער איצטיגער רגע אָן ווען די שאַנד איז געשעהען, האָט די פרוי אָנגענומען פאַר ליב דעם יאָך. זי האָט פערגעסען איהר פערגאַנגענהייט, זי האָט פערגעסען וועגען זיך אַליין, און זי איז געוואָרען זיין קנעכט.

* * *

ביינאַכט איז מאַרקוזע געפאָהרען קיין באָרענזעע.

אַזוי ווי ער האָט פערלאָשען די לאַמטער, צוקומענדיג צום פראָנט פון דער ווילע, איז שיער ניט געקומען צו קיין קאַטאַסטראָפע. זיין אויטאָ האָט זיך צונויפגעשטויסען מיט אַ וואָגען מיט אַספאַלט, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער גאַס, אויף אַ דרייסיג טריט פאַר'ן גאָרטען-טירעל. ער האָט זיך אָבער געכאַפּט אין דער לעצטער סעקונדע און גע-בען ראָד פון וואָגען אָפּגעשטעלט זיין אויטאָ. ער איז דע-ריבער ניט געפאָהרען גלייך אַהיים. נאָר ער איז געפאָהרען ווייטער לערך אַ קילאָמעטער, דאָ האָט ער איבערגעלאָזט זיין אויטאָ ביים רוג און צו פוס איז ער אַוועק מיט'ן פרעג צו דער ווילע.

— פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אַז אַספאַלט-אַרבייטער זענען בעשעפטיגט אויף דער גאַס? — האָט ער שטריינג גע'מסור'ט געאָרג'ן — אפילו אַ זאַפּאַלקע, וואָס ליגט אונבעמערקט פאַר מיין הויז קאָן זיין אַן'אָנזאָג פון אומגליק פאַר אונז. נעח נאָכ'ן אויטאָ! לויף! ער שטעהט אויפ'ן וואַ-סערבורגער שאָסעע. פיהר איהם אַריין אין דער שאַפע און קום באַלד!

צומאָרגענס אינדערפריה האָט דער טעלעפאָן אויפגע-וועקט ווענס'ן.

— דאָ רעדט די אַספאַלט-פאַבריק.

ווענס האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

— איז הער. וואָס איז געשעהען?

נעכטען ביינאַכט אַ זייגער צוויי האָט עמיץ אַן'אויטאָ-מאָביל זיך אָפּגעשטעלט לעבען אונזער אַרבייטס-אָרט, דער-נאָך איז ער געפאָהרען ווייטער. אַזוי ווי ער איז געפאָהרען מיט פערלאָשענע רעפלעקטאָרען, איז שמירט, לויט מיין בעש-

פֿהל איהם נאָכגעפֿאָהרען אויף אַ ראָווער. ער האָט געטראָפֿען אין אַ פֿירטעל שעה אַרום דעם אויטאָ אויפֿ'ן רוג גאָס נעבען וואַסערבורג אָהן אַ פּאַסאַזשיר. ער איז גלייך צוריקגעקומען, כדי מיר מיטצוטיילען דערוועגען. איך האָב זיך אַריינגעגליטשט אין גאָרטען פֿון דער ווילע. ווען איר און שמיד האָבען דערנאָך געוואָלט צוריקקעהרען זיך צום אויטאָמאָביל, האָט ער זיך שוין ניט געפֿינען אויפֿ'ן אָרט. היינט אין דער פֿריה איז ניט געשעהען קיין אויפֿפֿאַלענדע זאַך.

— גוט! ערוואַרט מיך היינט!

מיט אַ פּאָר שעה צוריק איידער דאָס דאָזיגע געשפּרעך איז געפֿירט געוואָרען אויף די טעלעפֿאָן־דראָהטען — דאָס איז נאָך געווען ביינאַכט — האָט מאַרקיזע פֿערלאָזען די ווילע. ער האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ פּר'יען־קלייד און זיך אויפֿגעזעצט אויף אַ שיפֿעל. ער האָט גענומען די רודער אין די הענד און געפֿאָהרען אין דער ריכטונג פֿון „קלוים־מר־באַרג". עס איז אַדורכגעפֿאָהרען אַ מאָטאָר־שיפֿעל. אין נעווענינג איז געזעסען אַ פֿישער, וואָס האָט זיך צוריקגעקעהרט פֿון אַ שמוגלער־אַרבייט אַהיים. מאַרקיזע האָט איהם פֿערהאַלטען. דער פֿישער האָט דערויף געזאָגט, אַז ער האָט ניט קיין צייט. ער מוז אַהיים מיט'ן פֿאַנג. דערויף האָט מאַרקיזע מיט איין שפּרונג זיך געפֿינען אין מאָטאָר־שיפֿעל, האָט דעם פֿישער אַראָפּגעוואָרפֿען פֿון דער באַנק, האָט איהם פֿערשטופּט ס'מויל און איהם אַריבערגעטראָגען אויפֿ'ן געוויהנליכען שיפֿעל זיינעם. דאָ האָט ער איהם צוגעבינדען צום זיץ־אָרט. איז צוריק אַריבער אויפֿ'ן דאַמפּער־שיפֿעל און זיך געלאָזט שווימען אויף דער אָזיערע. אוצט האָט ער אַראָפּגעוואָרפֿען דאָס פּרויען־קלייד. אונטער דעם פּרויען־קלייד איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ מענער־אַנצוג, וואָס האָט איהם געמאַכט אויסזעהען ווי אַ פֿישער. דאַן האָט ער מיט אַ שנעלער בעוועגונג זיך צוריקגעקעהרט צום ברעג און זיך אויסגעמישט מיט די פּויערים. ביי וועלכע עס איז געווען ביהאַלטען זיין אויטאָ. געאַרג איז דאָ געלעגען און געשלאָפֿען.

— מיר האָבען בײנאַכט געהערט רודערן אַ דאַמפּער נישט װײט פון ברעג. אָבער רעַרופן האָבען מיר שױן נישט געקאָנט האַלטען קײן אױג.

— די הײנטיגע נאַכט װעל איך שלאָפען געבען אַם־פּאַלט־אױװעַן. מיר װעלען דעם אױװען אַװעקשטעלען אַ האַלבען קילאָמעטער װײט פון דער װילע. קאָן מען זיך גוט פאַר־שטעקן לעבען דער װילע?

— יאָ, דאָס קאָן מען.

— נו, װעלען מיר דאָס איצטיגע מאָל דאָס טון. געַ־מאַכט?

— יאָ, אַזױ דאַרף מען עס טון — האָט שמידט פרעה־ליך געענטפערט — װאַרפט אַרײן קױהלען, הער פּראָקוראָר — האָט ער צוגעגעבען, עפענענדיג אַ טירעל פון אױװען.

און װענק האָט אין אױװען אַרײנגעװאָרפען אַ לאָפּאַטע מיט קױהלען.

— ביז אַהער איז אין אַספּאַלט־אױװען נאָך קײנמאָל נישט געברענט געװאָרען. אָבער דאָס איצטיגע מאָל װעט דער אױװען אױסברענגען אַ פאַרברעכער — האָט דער אונטערזוך־מאַך געשפּאַסט.

— ביז איצט איז נאָך גאָרנישט, אָבער איך האָף, אַז עס װעט זיך אײנגעבען.

— איך האָף אױך, אַז ס'װעט זיך אײנגעבען — האָט הײנס אױסגערופען שמידט.

— מען טאָר זיך אָבער נישט צו הײנס נעמען דערצו! גלױבט מיר, שמידט, מיר האָבען דאָ צו טון מיט דער גע־פערליכסטער באַנדע אין אײראָפּא. מיר האָבען שױן פעסט־געשטעלט שװינדלערישע קאַרטען־שפּיל, מאָרד און טעראָר! אַ גאַנצער אַרסענאַל מיט פאַרברעכענס!

* * *

װען זײ האָבען אין אָװענד צוזאַמען פאַרלאָזט דעם אױ־װען, האָט דער הײצער געשעפּטשעט:

— דער הער פּראָקוראָר װעט ערלױבען מיר צו מאַכען

אַ קליינע בעמערקונג. איך מאַך מיר יעדען אָוונט אַזוי, ווי
איך וואָלט מיך אויסגערוהט פֿון דער אַרבייט. איך רויכער
מיר דערביי אָן אַ ליולקעלע. דאָ, אין דער זייט, ווי דער הער
פּראָקוראָר זעהט, איז פֿאַרהאַן אַ קליינע פֿורטקע. וויפֿיל מאָל
איך געה נישט דאָ אַדורך, הער איך בילען דעם הונד. איך
האָב צו מיר געזאָגט: דאָ איז דאָ עפּיס אויפֿצוטון. די דאָ=
זיגע פֿורטקע זעהט מען נישט פֿון דער גאַס אויס!... גיט
אַכט, הער פּראָקוראָר, מיר געהען גראָד אַדורך די פֿורטקע...
גיך אַדורכגעהענדיג בינד איך צו די טיר צו דער פֿוטרינע...
אָ, איהר הערט דעם הונד?!... איך בינד צו מיט אַ דינעם
פֿאָדעם. אויב די פֿורטקע ווערט געעפֿענט, מוז זי איבעררייַ=
סען דעם פֿאָדעם, דערביי בעמערקט עס נישט דער, וואָס
געהט אַרויס. אַזוי נאָך האָב איך, נישט אויפֿוועקענדיג דעם
הונד, צו קאָנטראָלע איבער דער פֿורטקע, הגם איך זעה זי
נישט פֿון דער גאַס. איך ווייס אויך, צי עמיץ איז אַרויס
דורך איהר אין דער פֿינסטערניש, ביינאַכט... כאָטש איך גע=
פֿין מך נישט דאָ, ווייס איך... אונדערפֿריה קום איך יעדעס
מאָל דאָ אַהער, כדי אַוועקצונעמען דעם פֿאָדעם.

— און איצט הענגט דער פֿאָדעם?

— איך האָב איהם ערשט אַרויפֿגעוואָרפֿען.

— איהר האָט עס געמאַכט גאַנץ געשיקט. איך האָב עס
אפֿילו נישט בעמערקט — האָט ווענק געלויבט דעם פּיפּיגען
געהילף.

— מיר געהען צוריק. דאָ איז אַקוראַט דאָ אַ שמעזשקע צו
דער צווייטער ווילע.

— קענט איהר איהרע איינוואוינער?

— זיינט דרייסיג יאָהר וואוינט דאָ עפּיס אַנ'אַלטע פֿריי=
לין. בלי ספק האָבען ביידע ווילעס נישט קיין גרויסע מח=
זקות צווישען זיך.

— זיי זענען ווידער אַרויס אויפ'ן שאָסע.

— אויב איהר ווילט שלאָפֿען, האָב איך גאָרנישט דאַ=
געגען, הער שמידט, איך אָריענטיר מיך שוין מעהר=וועניגער
אַליין.

— אַ גוטער שלאָף וואָלט צו נוץ געקומען, האָט דער פּראָ־
קוראָר. די פאַרגאַנגענע נאַכט בין איך כמעט ניט געשלאָ־
פן, און מאָרגן פרי פאַרמאָגנס דאַרף איך שטיין אויף די
פיס.

— איך פאַרשטיי. אַ גוטע נאַכט!

אַ גאַנצע פרילינגס־נאַכט איז וועננק אַרומגעגאַנגען אין
דער פינסטערניש. אָבער עס איז גאָרניט געשען. ער
האָט גאָרניט באַמערקט.

צומאָרגנס אינדערפרי איז ער אַוועק קיין לינדוי
לויט'ן אַדרעס, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין מינכען. דאָ
האָט מען אים געזאָגט, אַז מען האָט צו אים טעלעפאָנירט
פון זיין וווינונג. דער דינער האָט מיטגעטיילט, אַז דער
גראַף האַאַזע האָט געוואָלט רעדן מיט אים אין אַ דרינגענ־
דער אָנגעלעגנהייט. ער האָט עטליכע מאָל טעלעפאָנירט.
ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט און געבעטן, מען זאָל
תיכף מודיע זיין דעם פּראָקוראָר, אַז ער וויל זיך זען מיט
אים.

וועננק איז צוריקגעפאָרן קיין מינכען. ער האָט גלייך
טעלעפאָנירט צום גראַף. עפּיס אַ פרעמד קול האָט געענטפערט,
אַז דער גראַף איז אַרויסגעפאָרן.

— האָט ער עפּיס איבערגעלאָזט פאַר מיר?

— ניין, גאָרניט.

— ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין אַדרעס?

דאָס געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן. וועננק'ן
איז דאָס אַלץ אויסגעקומען מאָדנע און אומפאַרשטענדליך.

XIII

דעמזעלבן אינדערפרי האָט מאַרקוזע באַזוכט דעם
גראַף האַאַזע.

— איך זע, אַז איר האָט שלעכט, — האָט ער גע־
זאָגט, — אייערע שוואַרצאַפּלען זענען אומנאַטירלעך ברייט
געוואָרן.

— איז דאָס אַ סימן, אַז כ'האָב שלעכט?... — האָט

דער גראַף אַרויסגעשטאַמעלט.

— יאָ, איהר דאַרפֿט נישט רעדען נאָטישט וועגען אײַער צושטאַנד. שליסט איהם אוים פֿון אײַער בעוואוסטזײַן. וואו געפֿינט זיך אײַער פֿרוי?

דער דערשראָקענער גראַף האָט נישט בעוויזען צו ענט־פֿערן, ווי מאַרקיזע האָט אויסגערופֿען:

— האַ, אײַער פֿרוי האָט זיכער נישט געוואָלט לענגער וואוינען מיט אײַך!.... וואוינען מיט אײַך. יאָ, איהר מוזט פֿערגעסען אײַער גאַנצע פֿערגאַנגענהייט, איבערדרייסען מיט אלץ, וואָס איז געווען. רופֿט אַרײַן דעם לאָקאַי.

דער גראַף האָט אָנגעקלונגען. עס איז אַרײַן דער לאָקאַי מיט אַ האַנד־בעוועגונג האָט זיך דער גראַף געווענדעט צום דאָקטאָר.

— האָט עמיצער טעלעפֿאָנירט?

— קיינער נישט, העד דאָקטאָר.

— איז פֿון דער היים האָט עמיצער טעלעפֿאָנירט?

— איך, — האָט האַזע געזאָגט.

— צו וועמען?

— צום הער פּראָקוראָר וועגן?

— צו וואָס?

— איך האָב געוואָלט מיט איהם רעדען.

— וועגען וואָס?

דער גראַף איז מבולבל געוואָרען.

דער גראַף איז געווען צומישט. ער איז שוין נישט דרייסט געווען אויפֿצוהויבען די אויגען אויפ'ן דאָקטאָר.

— גאָרנישט... גלאַט אַזוי... כ'האָב זיך געגלוסט רעדען מיט אַ מענש...

— צי איז אײַער דינער און איך בהמות? — האָט מאַרקיזע גראָב געפֿרעגט — איהר האָט דאָך געקאָנט רעדען מיט מיר! וואָס האָט איהר דען דאָרט אויף דער לונג?

— וועט ער מיין אויסהיילען ? — האָט געציטערט אין
אים אַ פראַגע. אין עפּיס אַ מורא האָט זיך אויפגעהויבן
אין אים געגען דעם דאָקטאָר.

— דו בּיזט נישט קיין מענש ! דו בּיזט אַ מיגוועל ! —
האָט עפּיס אַ פערבּאָרגענע קול געשריגען אין אים. ער איז
אונאויפהערליך געווען שלעפעריג.

— איך בּין אַזוי ווי שטענדיג מיד ! — האָט ער זיך
בּעקלאָגט.

— בּעפעהלט אין מיין אָנוועזענהייט אייער דינער, אַז
אַלע ווייזיטען און טעלעפאָן-געשפּרעכען זאָל ער נישט דער-
לאָזען. ער זאָל קורץ ענטפערן : דער גראַף איז אַוועקגעפאָה-
רען ; די אָרדערס האָט ער נישט איבּערגעלאָזט. ווייטער גאָר-
נישט.

דער גראַף האָט מעכאַניש איבּערגעחזר'ט דעם לאַקאַי
מאַרקיזע'ס ווערטער. דער לאַקאַי האָט זיך נידריג פערנייגט
און אַרויס.

— איך וויים נישט אויף זיכער, צי איך וועל ווייטער
זיך קאָנען פערנעהמען מיט אייך ! — האָט מאַרקיזע געזאָגט.

אָבער האַאַזע האָט אים שוין נישט אינגאַנצען קלאָר
פערשטאַנען. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַ שווערער סם
זויגט זיך איין אין זיינע גלידער.

— עס דורשט אייך ! — האָט מאַרקיזע בּעפוילען.

— יאָ, — האָט דער גראַף געשעפּטשעט.

— טרונקט קאָניאַק געמישט מיט טאָקאַיער. וויפּיל
איהר ווילט קאָנט איהר טרונקען, אָבער בּלויז שווערען וויין !
יעדער אַלקאָהאָל וועט אייך לייכטער מאַכען. איהר מוזט שטור-
מען אין זיך אַלץ, וואָס איז געווען. אויב איהר זענט זיכער,
אַז דאָס וועט זיך אייך איינגעבען, זענט איהר געהיילט. אַלץ
מוז צושלאָגען ווערען ! איהר פערשטעהט מיך ? אַלץ ! דער
אַלקאָהאָל וועט העלפען דערין !

— אַלץ !... — האָט דער גראַף געשטאַמעלט, ווי ער
וואָלט זיך אַראָפּגעגליטשט אין אַ זומפּ, וואָס איז אים שוין

דערנאנגען ביז צום מויל. אליץ...

— אין צוויי יאהר ארום קאנט איהר טראכטען וועגען אנהויבען איינער פריהערדיג לעבען. — אין ווי לאנג ארום?

— האט דער דאקטאר ברוטאל געפרעגט — „אין ווי לאנג ראום, — האט ער איהם אריינגעפליסטערט אין אויער, ווי ער וואלט איהם געשלאגען מיט א האמער אין קאפ.

האאזע, ווי ער וואלט זיך אויפגעוועקט פון זיין פערגלי־וועדונג, האט, איבערראשט פון דער ציפער, געשטאמעלט:

— צוויי יאהר!

— איהר טראכט נארנישט דערוועגען, אז איינער פרוי בעמיהט זיך, מען זאל אייך אריינגעבען אין משוגעים־הויז? זי נעמט צו הילף דערצו דעם פראקוראר ווענק. איז דאס דער זעלבער, צו וועלכען איהר האט טעלעפאנירט?... מאר־גען וועל איך אייך ווידער בעזוכען!

און דער גראף איז געבליבען אליין, א פערשטויסענער, א פערלאזטער. עס האט זיך איהם געדאכט, אז א העלפאנד טרעט איהם אויפ'ן קאפ, אז אלע געפיהלען אין זיין הארצען דאבען זיך אויסגעמישט מיט אונבעקאנטע מאדנע ריחות.

ער האט טרויעריג געברומט צו זיך:

— די וועלט האט מיך פערלאזט!

די בילדער, וואס ער האט געהאט הענגען אויף די וועגד, האבען גענומען טאנצען אויף די ווענד פון צימער. ער האט איצט נישט פערשטאנען, וואס פאר א שעהנעם ער האט איינ־געפינען אין זיי. ווי אזוי האט ער אזוי לאנג געקאנט האלטען זיי נעבען זיך. ער האט גענומען א יעגער־מעסער און צושני־טען איין בילד נאכ'ן אנדערען, און בעהערשט פון זיין משוגעת האט ער נאך די ראהמען צושטאכען.

און ווען ער האט שפעטער א קוק געטון, וואס אזוינס ער האט דא אפגעטון, איז ער אליין איבערראשט געווארען. ער איז געלאפען איבער'ן צימער, האט מיט ביידע הענד זיך געפרעסט דעם שטערען און געשריגען:

— מיין גאט! איך בין דאך משוגע געווארען!

און ער האָט גענומען טרונקען קאָניאַק. ער האָט איהם געטרונקען פון גלעזער. נאָך דריי גלעזער איז ער געווען שכור. דעמאָלט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דער דאָקטאָר האָט פּיס איבערגעלאָזט פאַר איהם. דער עפּיס איז געלעגען פאַר איהם. ער האָט גישט געוואוסט, וואָס עס איז אַזיינס. אָבער ער האָט עס געוואָלט נעמען. און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דער עפּיס איז איהם אַריינגעשפּרונגען אין קאָפּ און געבליבען שטעקען אין איהם, ווי אַ קלין. ער האָט עס דערפיהלט דייטליך צווישען ביידע טיילען פון מוח.

אַ שרעק האָט איהם אויף שטיקער צוריסען דאָס האַרץ, ווי אַ פּאַפּיר.

— דאָקטאָר! דאָקטאָר! — האָט ער געשריגען.

און ער האָט געהערט, ווי זיין קול קלינגט אָהן עכאָ אין אַ מדבר. ווי ווייט די וועלט האָט זיך געצויגען — אַזוי אַיינ-זאַם איז ער געווען.

און ער איז געפאַלען אין חלשות.

* * *

האַלענדער איז געשטאָרבען.

אַלע צייטונגען האָבען אָפּגעגעבען אַ סך פּ׳אַ׳ז ווענען דעם טויט פון צווייטען קרבן. ברענגענדיג אויספיהרליכע בע-שרייבונגען, די שטאָט האָט פיל געשמועסט דערוועגען.

ווענק האָט זיך געפיהלט אַ געדריקטער. מען האָט דער-מאָנט פאַרגעוואָרפען אונגעשיקטקייט.

ער האָט איין אַ געוויסען טאָג בעשלאָסען ווידער צו פּרובען אויספאָרשען די קראַנקע. ער איז אַוועק אין דער תפיסה.

— איך וויל נישט רעדען מיט איך! — האָט זי אויס-געשריען באַלד, ווי זי האָט איהם נאָר דערזעהען.

ער האָט זיך דערמיט געלאָזט אָפּשטויסען, און מיט אַ אויפריכטיג, מיטפיהלענד קול, האָפענדיג נאָך עפּיס, האָט ער געזאָגט:

— איהר ווייסט, אַז די שעהנע דאַמע, וואָס איז אַפּט געקומען אין שראַט׳ס לאָקאַל, איז פערשוואונדען געוואָרען

אָהן זכר ?

קאַראָזאַ האָט הויך גֶעענטפֿערט:

— איך ווייס נישט. איז עס די, וואָס איהר האָט געשיקט צו מיר ?

— יאָ! — האָט ווענק געענטפֿערט, און ערשט ווען ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „יאָ“, האָט ער פֿערשטאַנען דעם זין פֿון קאַראָזאַ'ס פֿראַגע. דאָ מאַקע האָט געשטעקט אַ רעטעניש. האָט דען די גרעפֿין דערצעהלט דער קאַראָזאַ צו וואָס זי איז געקומען אין דער תפיסה ? איז זי, הייסט עס, געווען פֿערבינדען מיט די שפּילער. אָבער דאָס זעהט אויס צו זיין נישט אמת.

עס איז אָבער געווען אויפֿפאַלענד דאָס, וואָס קאַראָזאַ, וועלכע האָט נישט געוואָלט מיט איהם רעדען, האָט תיכף געענדערט איהר בעשלוס באַלד, ווי דאָס געשפּרעך איז אַרויבער אויף אַן'אַנדער טעמע. ווענק האָט נישט געוואָלט ווייזען, אַז ער איז פֿערוואונדערט דערפֿון, וואָס זי, קאַראָזאַ, איז אַזוי אינפֿאָרמירט. דעריבער האָט ער גערעדט דאָס, וואָס עס איז געקומען אויף דער צונג. גלייכצייטיג האָט ער געקלערט, אויף וואָס פֿאַר אַ וועג ער וואָלט געקאָנט אויפֿלעזען דאָס פּיינינגענדע רעטעניש. אין פֿערלויף פֿונ'ם געשפּרעך האָט ער ענדליך אַרויסגעזאָגט די השערה, וואָס איז איהם נישט איינמאָל געקומען אויפֿ'ן געדאַנק. בעת ער האָט געטראַכט דערוועגען, אַ מיינונג, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געוואַגט אַרויסצורעדען אין ווערטער:

— איהר זענט דאָך בלויז אַ קרבן פֿונ'ם פֿערברעכער, און אַ קרבן דערפֿאַר, ווייל איהר האָט נישט געוואָלט מיט איהם איבערריידען!

אויף די דאָזיגע ווערטער איז די קאַראָזאַ אַראָפּגעשפּרונגען פֿון איהר געלעגער און מיט אַ פּייניגענדען, לייד דענדען בליק זיך איינגעזויגען אין איהם. אַן'אויסדרוק פֿון אונענדליכען שרעק האָט אַרויסגעקוקט פֿון איהרע אויגען און האָט איבערגעקרימט די שטריכען פֿון איהר פּנים.

— און דערזבער? — האָט ער געפרעגט, ווי ער וואָלט זי געוואָלט דערמוטיגן: אויסצורעדן זיך, אַזוינס, אויף וועלכן ער האָט געלעגט אַ סך האָפנונגען.

אָבער קאַראָזאַ האָט אַ פאַרגליווערטע געשוויגן.

דאַן האָט ווענק צוגעגעבן:

— איך וואָלט אייך געקאָנט — ווען צווישן אונז וואָלט געקומען צו אַן׳אויסגלייך — מאַכן אַ פאָרשלאַג לטובת אייך.

פאַמעליך האָט די קאַראָזאַ זיך אויפגעוועקט פון איהר שרעק. זינט די דריי יאָהר, ווי מאַרקוזע האָט זי אָפּגעשטויסען פון זיך, איז איהר לעבען געווען נישט עפּיס אַנדערש, ווי אַ לאַנגע קוים פון אויפּאָפּפערונגען פאַר איהם, פון אַלץ אַוועקגעגעבען דעם מענש, וועלכער האָט זי געמאַכט אומגליקליך און זי געטריבען צום פערברעכען. עס איז איהר קיינמאָל נישט איינגעפאַלען איהם צו פערראַטען, אָפּזאָגען איהם צו ברענגען זיך פאַר אַ קרבן. און איהר בלוט האָט זי, ווי אַ צייכען פון קנעכטשאַפט, געטראָגען דאָס געפיהל פון ווילען פאָלשטענדיג אונטערצוואַרפען זיך זיין מאַכט.

און דאָ, אין דער פאַרביינגעהענדיגער בעמערקונג פון פּראָקוראָר, האָט זי געזעהען אַ געפעהרליכע דראָהונג אויפ׳ן אַרעם פון געליבטען מאַן. וואָס ווייסט דער ווענק? און פון וואַנען האָט ער עס געקאָנט ווייסען? זאָל זי די גרעסטע האָבען פערראַטען?

און קאַראָזאַ׳ס קאָפּ האָט גענומען אַרבייטען, כדי צו דערגעהן, ווי ווייט דער פּראָקוראָר איז אינפאָרמירט...

אפשר וועט זיך איהר איינגעבען צו וואָרענען מאַרקוזע׳ן... אפשר — האָט זי ווייטער געטראַכט, און ביי דעם דאָזיגען געדאַנק איז אַ שוידער אַדורך איבער איהר, — אפשר וועט זיך איהר איינגעבען איינצאַנצען צו ראַטעווען דעם דאָקטאָר, און אויף אַזאַ אופן איהם צוריקגעווינען. אָ, ניין — האָט זי מיט ביטערניש געצויגען די מחשבות — דעם דאָקטאָר מאַרקוזע געווינט מען נישט צוריק. צום סוף האָט

זי געזאָגט צו װענס'ן?

— װי עס װײַזט זיך אַרױס, זענט איהר מעהר אינ־פאָרמירט, װי איך האָב גערעכענט. איך װעל דעריבער רעדען. אָבער ניט מיר נאָך צװײ מעג צײַט איבערצולײַגען זיך.

קאַראָזאַ האָט זיך דערװאוסט פון תּפיסה־װעכטער, אַז עמיצער אינטערעסירט זיך מיט איהר. דערפון, װי דער װעכ־טער האָט איהם געשילדערט, האָט זי פערשטאַנען, אַז דאָס איז שפערי. זי האָט דעריבער אײַנגעזעהען אַ געלעגענהײט צו קאָנען מיטטײלען איהם װעגען איהר געשפרעך מיט דעם פּראָקוראָר און הײַסען װאַרענען דעם דאָקטאָר.

— אױסגעצײַכענט! — האָט װענק טריאומפירט, הע־רענדיג, אַז די קאַראָזאַ איז גרייט אױסצוזאָגען פון חדר. ער האָט שױן געװאָלט אַװעקגעהן און אומקעהרען זיך צו זײַן אַרבײַט, אָבער זעהענדיג, אַז ער האָט דאָ אָנגערירט די ריכטיגע ספּרענזשינע, האָט ער געפיהלט, אַז מען װאָלט גע־קאָנט די דאָזיגע נשמה בעװעגען צו זײַן נאָך אַ ביסעל מעהר אָפענהערציג. און ניט איבערערכענענדיג דעם רעזולטאַט פון זײַנע װערטער, האָט ער צוגעגעבען:

— װאָס שייך דער גרעפין. בין איך שױן אויף איהר־שפורען. מיר האָבען אַ גרונד אָנצונעמען, אַז די גרעפין האָט זיך בעהאַלטען בײַ אײַערם אַ פרײַנד.

אָבער באַלד האָט ער זיך פערשעהמט פאַר די אײגענע װערטער — ער האָט זיך פערשעהמט אַזױ שטאַרק, אַז ער האָט זיך אַזש פערװיטעלט, װײַל ער האָט זיך פּלוצלינג דער־מאָנט די מאָמענטען, װאָס ער האָט איבערגעלעבט צוזאַמען מיט דער פערלױרענער.

זײַנע װערטער האָבען אָבער געהאַט אַנ'אונגעריכטע װירקונג. די קאַראָזאַ איז פּלוצלינג געפאַלען אויף איהר גע־לעגער, האָט גענומען שלוכצען, האָט געטרױבט רעדען — דאָס מאָל האָט איהר ניט געדינט — האָט זיך אויפגעהױ־בען און גענומען פאַכען מיט די פױסטען איבער'ן קאָפּ, פול מיט דראָהונג און פערצװײפלונג...

דאָ איז וועגן פלוצלינג אַרוים פון דער קאַמער, פּער־שטעהענדיג, אַז עס וועט זיין בעקוועמער פאַר איהם, אויב ער וועט איהר נישט שטערען אין אזא שטימונג, און עס וועט זי ענדער לאָזען טיפער פערזונקען אין דער דאָזיגער שטימונג.

בעת ער האָט פלינק געעפענט די טיר, איז א מענשישער נישט אַרויפגעפאַלען אויף איהם. דאָס איז געווען דער וועכטער.

— איך האָב געוואָלט אַ קוק טון, וואָס די אַרעסטאַנטקע מאַכט, — האָט ער געזאָגט, פערענטפערנדיג זיך.

— ענטשולדיגט, — האָט וועגן צוגעוואָרפען, פערנומען מיט זיינע געדאַנקען.

* * *

שפּעטער איז געשעהען אָט וואָס:

הינטער העגנגוי אויף דער ווירטעמבערגער גרעניץ, האָט מען פערהאַלטען און אַרעסטירט אַ מענש, וואָס האָט געטריבען אַ סטאַדע קיה קיין ווירטעמבערג. אין די ערשטע טעג האָט דער דאָזיגער מענש זיך געמאַכט פאַר אַ שטומען, דערנאָך איז ער געוואָרען ווילד און גענומען שעלטען מיט קללות.

איינמאָל האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער, ווילענדיג איהם אויסניכטערן, געזאָגט צו איהם:

— איך ראַט אייך, איהר זאָלט זיך בעסער מודה זיין, איידער עס וועט אַרוים דאָס גייע געזעץ. אויב איהר וועט פריהער גע'משפּט ווערען, ווען מען מיט אייך זיך מילדער בעגעהן. שפּעטער קאָן עס אייך דעם קאָפּ קאָסטען!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נייע געזעץ? — האָט יענער געפרעגט.

— לויט'ן דאָזיגען געזעץ דראָהט טויט־שטראָף פאַר העלען אויסהונגערן די בעפעלקערונג.

— טויט־שטראָף?

— יאָ, טויט־שטראָף.

— און אויב מען וועט מיך פריהער משפט'ען?

— קאנט איהר קריגען העכסטענס א יאהר תפיסה.

דאן האט דער ארעסטירטער תיכף זיך מודה געווען. ער האט אלץ דערצעהלט. ער האט אויסגערעכענט, וואס ער האט געטאן די לעצטע צוויי יאהר. ער האט ביים נאמען אנגערופען אלע קאנטרבאנדיסטען, וואס ער האט געקענט.

שטיצענדיג זיך אויף זיינע ערקלערונגען האט מען ארעסטירט פיל מענשען. דער דאזיגער קליינמשינגער ענין איז פלוצלינג אויסגעוואקסען ווי א בארג. איינמאל איז אויך ארויסגערעדט געווארען דער נאמען פון א מאן. וועלכען מאקוזע האט אמאל ביינאכט בעפרייט פון דער ארבייט אויפ'ן שאסעע הינטער לינדוי — דאס איז געווען דער נאמען פון פעש'ן.

פעש איז ארעסטירט געווארען.

די ערשטע נאכט האט ער זיך געפינען אין געפענגניש פון שטעטעל וואנגען, פון וואנען ער האט געשטאמט. אבער ווען דער וועכטער האט צומארגענס געעפענט די טיר פון דער קאמער, איז דער ארעסטאנט שין נישט געווען. ער איז פערשוואונדען. אבער אין עטליכע שעה ארום האט די זשאנדארמעריע אין וואנגען דערהאלטען א ידיעה דורכ'ן טעלעפאן: „אין וואלד אויפ'ן שאסעע הינטער לינדוי האט מען געפינען דעם טויטען קערפער פון א מאנספערשוין; אהן צווייפעל איז דא געשעהען א מארד".

דאס גערייכט איז אוועק אויפ'ן ארט פון פערברעכען. דער ערמארדעטער איז געווען פעש. ער האט געהאט אין קארק און אין דער ברוסט וואונדען פון א שטילעט. ווען מען האט אויפגעהויבען דעם מת, האט מען דערזעהען, אז אויפ'ן גרויסען ווייסען שטיין, אויף וועלכען ער איז געלעגען, זענען געווען אויסגעמאלט מיט בלוט עפיס רויטע צייכענס. עקספערטען האבען נאך דעמזעלבען טאג דעציפרירט די צייכענס. זיי האבען בעדייט:

ווילי ע עליזע.

די בירגערמייסטער פון אלע שטעטלעך אין דער גאנצער געגענד זענען אויסגעפרעגט געווארען וועגען דער דאזיגער ווילי. און מען האט זיך בקרוב דערוואוסט, אז אין שאכען געפינט זיך א ווילע מיט אזא נאמען.

עס איז געווען די זעלבע ווילע, אויף וועלכער די פאָ-ליציי האָט שוין געהאַט געוואָרפן אַן אויג.

מען האָט הערוועגן גלייך מיטגעטיילט ווענק'ן. ער איז חיכף געקומען צו פאָהרען קיין לינדוי. ביידע פאָליציי-בע-אַמטע, וועלכע זענען געווען בעשעפטיגט ביי דער אָספּאַלט-מאַשין, האָבען איינשטימיג פעסטגעשטעלט, אַז אין טאָג, ווען מען האָט פעש'ן אריינגעוואָרפען אין תפיסה, איז פאָל-דרינגער אַרויסגעפאָהרען פון שאַבען אויף אַ ראָווער. ער איז צוריקגעקומען ערשט דריי פאַרטאָגס.

ווענק האָט בעפוילען מען זאָל אַרויסלאָזען אויף דער אָזיערע צוויי דאַמף-שיפלער. מען האָט עס געטון. כדי מען זאָל זיי נישט דערקענען, האָט מען זיי געגעבען די צייכענס פון שיפלער פון דער צאָל-קאַמער. מען האָט זיי פערזעהען מיט צוויי שטאַרקע רעפלעקטאָרען.

ווידער, הייסט עס, איז אומגעקומען אַ מענשליך לע-בען! אָבער דער נייער מאָרד האָט געזאָגט עפּעס מעהר, ווי דער ערשטער... ער האָט געזאָגט וועגען געפאַהרען, וואָס מען האָט פריהער נישט פאָראויסגעזעהען. עס איז איצט נישט גע-ווען קיין ספק, אַז די באַנדע פערנעמט זיך מיט קאָנטר-באַנדע; עס איז געוואָרען קלאָר. אַז אין טומעל פון געוועהני-ליכען לעבען און אין דער מלוכה פון אַלע בירגער האָט זיך די פינסטערע כחות געשאַפען אַ בעזונדערע מלוכה, וואָס האָט געלעבט פון זיי און מיט זיי און האָט געהאָרכזאַם אויס-געפיהרט די געזעצען און בעפעהלען פון איהר הערשער.

פעש האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט פינף קינדער. אזוי ווי זיין פערמעגען איז קאָנפיסקירט געוואָרען, איז די גאַנצע פאַמיליע זיינע אריינגעפאַלען אין די אָרעמס פון שרעקליכער נויט.

ווענק איז אַוועק צום אַלטען ווינטער מיט אַ ביטע ער זאָל זיי העלפען. גלייכצייטיג האָט ער איהם פאָרגעלעגט אַ פּלאַן:

— גרינדעט אַן ערציהונגס-אַנשטאַלט פאַר קינדער פון

פֿערברעכער... ס'קאָן זײַן אונטער אַנ'אַנדערע נאָמען... דער־
מיט װעלען אַנדערע קאַפּיטאַלען האָבען אויפֿגעטאָן עפּעס
װיכטיגעס... מען װעט דאָ קאָנען פֿון די פֿריהסטע יאָהרען
אָן אָבשטראָפֿען די קינדער, אויף װעלכע די פֿעהלערען פֿון
די עלטערן געהען איבער בירושה, מ'העט קאָנען אונטערזו־
כען זײַערע נײַגונגען, פֿערבעסערן זײ, אויב עס װעט זיך לאָ־
זען; און אויב דאָס װעט זײַן שװער, װעט מען די דאָזיגע
עלעמענטען קאָנען האַלטען װײַט פֿון דער געזעלשאַפֿט, אײַ־
חשר זײ װעלען ברענגען שאָדען דעם כלל. אויף אַזאַ אופֿן
װעט מען בעצײַטענס אונשעדליך מאַכען אַ בעדײַטענדען
טײל פֿערברעכער און מ'װעט ראַטעװען אַ סך מענשען...

— איך װעל עס טון — האָט װינטער געזאָגט — איך
דאַנק אײַך

* * *

דעמזעלבען אָװענד איז װענק געגאַנגען דורך דער מאַר־
שאַל־גאַס צו דער מאַקסימיליאַן־גאַס. יעצט ער איז פֿאַרבײַ־
געגאַנגען לעבען דעם טראַקטיר „זאַל פֿון די פֿיר יאָהר־צײַ־
טען“, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז צװישען די פֿיל מענשען,
װאָס שטופּען זיך בײַם אַרײַנגאַנג, זעהט ער עפּיס אַ בעקאַנ־
טען. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, װער
דאָס איז געװען, און ער איז געגאַנגען װײַטער. אויפֿ'ן װעג
האָט ער װײַטער געטראַכט: צו װעמען האָבען געקאָנט גע־
הערען די איהם אַזוי גוט בעקאַנטע פּלײצעס?

אַזוי טראַכטענדיג איז איהם אויסגעקומען אַדורכצו־
געהן נעבען אַ שױ־פֿענסטער פֿון אַ געשעפֿט, אין װעלכען עס
איז געהאָנגען אַ פּלאַן פֿון דער טלױב־לאָטעריע. אין פֿינס־
טערען פֿענסטער האָבען זיך געװאָרפֿען אין די אויגען די
גרויסע אותיות פֿונ'ם אַפֿיש. די פּלוצלינג האָבען זיך שאַרף
אָנגעזעהען די װערטער: „דאָס גליק פֿון שפּילער“.

די דאָזיגע װערטער האָבען װענק'ן געמאַכט דערמאָנען:
די פּלײצעס זענען דאָך געװען פֿון שפּילער מיט דער בלאָנ־
דער באָרד.

ווענק איז אַזש איבערראַשט געוואָרן פֿון דער דאָזיגער ענטדעקונג. שוין לאַנגע טעג און נעכט, ווי ער זוכט אין גאַנץ דייטשלאַנד דעם דאָזיגן מענש, און דאָ האָט ער זיך גע-פֿינען צוויי טריט נעבן אים, אַז מען האָט פּראָסט געקאָנט צוגעהן צו אים און אים ערקלערן:

— איהר זענט אַרעסטירט.

ער איז גלייך צוריקגעגאַנגען אין טראַקטיר. אויף דער הויפּט-טיר האָט ער איבערגעלייענט אַ קליינעם פּלאַקאַט:

## עקספּערימענטאַלער אווענד
## פֿון דאקטאר מאַרקוזע

ער האָט גלייך בעפֿוילען די אַנוועזענדע אַגענטען צו בעזעצען די איינגענג פֿון זאַל, נעבען וועלכען עס האָט זיך געפֿינען אַ גרויסער רעסטאָראַן. און ווען די אַגענטען האָבען שוין געהאַט פֿאַרנומען אַלע טירען, איז ער אַריין אינעווענדיג אין זאַל. אינ'ם זאַל האָט מען זיך גוט געקענט צוקוקען צו אַלעם.

ער איז אַדורך די רייהען שטיהל. דער עקספּערימענטאַ-טאָר, דאָקטאָר מאַרקוזע, האָט זיך פֿאַרגעברייט אַרויסצו-טרעטען.

ווענק האָט זיך געזעצט אויף אַנ'אָרט און לויט אַ סדר גענומען בעטראַכטען די פּנים'ער און די פּלייצעס פֿון די צושויער. אָבער ער האָט קיינעם נישט געטראָפֿען מיט די פּלייצעס, וואָס האָבען זיך אַזוי שטאַרק איינגעגראָבען אין זיין זכרון.

בעקאַנטע האָט ער געזעהען. אין דער ערשטער רייהע איז געזעסען דער בעריהמטער ווענדעל. נעבען אים ווענק'ס אַ חבר פֿון געריכט מיט זיין פֿרוי. ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער דערקענט נישט קיינעם און ער האָט ווייטער הייס און ענערגיש געזוכט. אָבער אַלץ איז געווען אומזיסט.

דאַן האָט ער בעשלאָסען דרייסט אויסצופֿיהרען זיין איינפֿאַל. ער איז צו צו די פּאָליציאַנטען, און זיי געגעבען

פאָלגענדע אָנװײזונגען:

אַלע טירען װעלען װערען פאַרמאַכט. אַ חוץ די מי־
טעלע טיר. צװײ פּאָליציאַנטען װעלען אַרײַן אין זאַל. אײנער
װעט גלײַך אַרױף אױף דער בינע און בעטען דאָס פּובלי־
קום, עס זאָל רוהיג אין אַ רײַהע פאַרלאָזען דעם זאַל. בײדע
װעלען אַכטונג געבען, אַז קײנער זאָל ניט בלײַבען אין'ם
זאַל. פיר אַנדערע אַגענטען װעלען שטעהן בײַ די אָפענע
טירען און װעלען אַרױסלאָזען די מענשען אײנעם נאָכ'ן
אַנדערען. די טירען װעלען נאָר זײַן עטװאָס געעפענט.

װענס אַלײן האָט בעשלאָסען זיך אױסצושטעלען בײַ
די טירען. אין מאָמענט, װען ער װעט אַרױסגעבען אַ בעפעהל
צו אַרעסטירען, דאַרפען די צװײ אַגענטען מאָמענטאַל בינ־
דען דעם, װעלכען ער װעט אָנװײזען. די צװײ איבריגע אַגענ־
טען דאַרפען בלױז זעהען, אַז קײנער זאָל זיך ניט דער־
נעהנטערן צו די, װאָס װעלען אַרעסטירען. די רעװאָלװערען
דאַרפען זײ האַלטען גרײט צו שיסען.

* * *

נאָכדעם, װי דער פּאָליציי־בעאַמטער האָט ערקלערט,
אַז דער אָװענד קומט ניט פאָר, איז אין זאַל ענטשטאַנען
אַ פרעהליכע פערװאונדערונג. דערנאָך האָבען זיך געלאָזט
הערען דרײַסטע פּראָטעסט־שטימען. דער בעאַמטער האָט
מיט טאַקט בערוהיגט דאָס פּובליקום.

װען פון פּאָליציאַנט'ס מױל איז געפאַלען דער בעפעהל
צו פערלאָזען דעם זאַל, איז דער ערשטער געדאַנק, װאָס איז
געקומען דעם דאָקטאָר מאַרקוזע'ן אין קאָפּ אַרײַן, געװען:
צי האָט ער אַזױ לײַכטזיניג געראַפט שטעלען זיך אין גע־
פאַהר מיט אַן'עפענטליכען אױפטריט? אָבער דעם דאָזיגען
געדאַנק האָט ער תיכף אָפּגעשטױסען, װי אַ נישט־גערעכטען
פאָרװאורף געגען זיך אַלײן.

דער דאָזיגער אויפטריט איז פאַר איהם, נישט געווען אַפּצוגעבען — ער איז געווען פאַר זיין נשמה ווי אַ באַמבע. און וועלכער עס זאַמלען זיך צוגויף די זאַפּאַסען פון זיין אויפרייס-קראַפט. זיין פעהיגקייט צו סוגעסטיע, וואָס איז דערגאַנגען ביז קונסט, האָט געפאָדערט כסדר זיך צוגוי-פּצו-טרעטען מיט אַ ריזיגער, נאָמענלאָזער מאַסע. יעדעס מאָל נאָך אַזאַ בעריהרונג האָט ער זיך געפיהלט דערפרעהט, וואָס זיין ווילען וואַקסט אַרוים פון די גרענעצען פון זיין קרייז, וועלכען ער איז געוואוינט צו געבען דירעקטע בעפעהלען. ער האָט געהאַט הנאה דערפון, וואָס זיין קראַפט בעצווינגט אַ גרעסערען עולם, און ער האָט גע'חלמ'ט, אַז דער קרייז וועט וואַקסען ביז צו דער אונענדליכקייט.

זיין לייךענשאַפטליכער גייסט האָט זיך געאיבט אין אַרומנעמען גרויסע מאַסען, און אַריינגעמען אין זיינע מאַכט-דורשטיגע הענד פיל מענשען, וואָס זאָלען פאָלגען זיינע בעפע-לאַנגען...

דאָ, אויף דער סצענע, האָט ער זיך געפיהלט ווי נייגעבוירען. דאָ האָט ער אָנגעהויבען דאָס לעבען מיט אַ נייער קראַפט, ווען די מלחמה האָט איהם אַרויסגעריסען פון זיינע פלאַנטאַציעס אויף׳ן צפון-ים און איהם אַ רואינירטען צוריק אַריינגעוואָרפען אין פאָטערלאַנד.

מיט גוטע טריט איז ער צו צו אַ פּאָליציאַנט און איהם געפרעגט:

— וואָס איז געשעהען?

— נאָך אַן'ערקלערונג מוזט איהר זיך ווענדען צום הער פּראָקוראָר ווענק — האָט יענער געענטפערט — ער איז דאָרט הינטער דער טיר.

מאַקוזע איז בלאַס געוואָרען, איז אַוועק פון פּאָליציי-בעאַמטען און שנעל צוגעלאָפען צום געהיימראַט ווענדעל, וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסען אין דער ערשטער רייה.

געהענדיג, האָט ער זיך מיט דער האַנד אַ טאַפּ געטון ביי דער קעשענע, צי ער האָט אין דער טאַש דעם בראַונינג, די

שנאה און דער קאַמף האָט אַ כוואַליע ברענענדיג בלוט אַ־
בערגעוואָרפֿען פֿון זײַן מוח און די מוסקילען, און זײַנע געֿ
דאַנקען איז אויף אַ סעקונדע אַדורכגעפֿלויגען אַ בילד, ווי ער
צילט מיט'ן רעוואָלווער ווענק'ן גלײַך אין מח אַרײַן.

— צוערשט — דו, און דערנאָך — איך, — האָט ער
שטיל געזאָגט.

אָבער ער האָט אַ שמײַכעל געטון צום געהײַמראַט.

— אײַער מאַלט צו סוגעסטירען — האָט דער געהײַמ־
ראַט זיך אָנגערופֿען — האָט, ווײַזט אויס, אונרוהיג געמאַכט
דעם פּראָקוראָר ווענק.

— ווענק'ן? — האָט מאַרקוזע געפֿרעגט, מאַכענדיג זיך
פֿערוואונדערט.

— איך האָב איהם דאָ נישט לאַנג געזעהען, ווי ער האָט
זיך געֿגנב'עט פֿון שטוהל צו שטוהל און מיט זײַנע שאַרפֿע
אויגען האָט ער יעדען צושויער אַדורכגעביסען די מאַרינאַר־
קע, דאָס ווערטעל אין דאָס העמד, פּרובענדיג אויף זײַן קרי־
מינאַליסטישען שטײַגער, זײַן געוויסען. אָבער עס דאַכט זיך
מיר, אַז זײַן קרבן האָט ער נישט געפֿינען.

מאַרקוזע'ס ברוסט האָט זיך צושפּרייט מיט אַ פֿרעהלי־
כען אָטעם. ער האָט אויסגעזעהען ווי אַ יונג פֿערדעל, וואָס
קאָן אַנטלויקליכעס נאָך אַ גאַנצען טאָג הונגערן אַרײַנשטעקען
דעם קאָפּ אין אַ קאָריטע פּאַשע.

הגם ער האָט עס אויסגעצײַכענט פֿערשטאַנען, האָט ער
דאָך אַ פֿרעג געטון דעם געהײַמראַט:

— פֿון וואַנען נעמט איהר עס?

— גאַנץ פּשוט. ווען ער וואָלט געזעהען „זײַן" מענש,
וואָלט ער איהם געהײַסען אַנ'אַגענט אַוועקפֿיהרען, און ער
וואָלט אײַך נישט געשטערט דעם סעאַנס.

— יאָ, דאָס איז ריכטיג, — האָט מאַרקוזע געזאָגט —
קומט, לאָמיר געהן.

מאַרקוזע האָט זיך געלאָזט צו דער טיר, שלעפּענדיג
מיט זיך דעם געהײַמראַט. מיט אַלע תּנועות האָט ער זיך

איצט בעמיהט נישט צו פערלירען פון זיך דעם געהיימראט ווענדעל, וועלכער האט איצט פערדעקט די געפאהר, וואס האט איהם געדראהט.

יעדעס מאל, ווען עס האט געדראהט דער געהיימראט זאל זיך אפרייסען פון איהם, האט ער עס אזוי קונציג גע־מאכט, אז ווענדעל איז שטענדיג געבליבען מיט איהם.

ער האט גוט פערשטאנען, אז בשום אופן טאר ער נישט ארויסגעהן אליין פאר'ן פנים פון פראקוראר ווענק.

דער בעריהמטער אלטער געהיימראט האט אין דער גע־פעהרליכער מינוט געדארפט איינזויגען אין זיך די אויפ־מערקזאמקייט פון אויספארשונגס־הונד, וואס האט אויף מאר־קוזע'ן געלויערט ביי דער טיר.

ווענדעל איז געוועזן שוין א מאן אין די יאהרען. ער האט זיך גארנישט געאיילט. מארקוזע האט נישט געטארט אדורכ־געהן דער לעצטער, ווען ער האט געקאנט גוט בעמערקט ווע־רען. עס האבען זיך כסדר געשופט מענשען צו דער טיר און מיט זיי האט ער געדארפט ארויס, אויב ער זאל נישט בליי־בען דער לעצטער.

איינס איז געוועזן זיכער: ער איז עס געוועזען דער, וועל־כען דער פראקוראר האט געזוכט. ער, און נישט קיין אנדע־רער! עס איז אויך קלאר געוועזען, אז ווענק האט נישט גע־וואוסט, דאס ער זוכט דעם דאקטאר מארקוזע, ווייל אנדערש וואלט ער איהם ארעסטירט גלייך אויף דער ביהנע! אבער ווי אזוי האט ער אנגעטראפען אויף זיינע שפורען? עס איז דאך א פייניגענד רעטעניש. פערראט? ניין, ער איז נישט געווארען פערראטען! אפשר האט ווענק דערקענט אין איהם עפיס א סימן פון די פערשטעלטע פערזאנען, וואס אלס אזעל־כער איז ער געקומען אין די שפיל־הייזער? ניין! ער ווייסט גאנץ גוט, אז זיין אויסערגעוועהנליכע קונסט צו כאראקטע־ריזירען זיך, מאכט אונמעגליך, צו דערקענען איהם. אבער פארט? ווי אזוי?...

דאַן האט עפיס א האנד אנגערירט זיין אקסעל. מאר־

קוזע האָט אַ קוק געטאָן אויף שפּערי'ס פּרענענדיגע אויגען —
ער האָט דערזעהען נעבען איהם אַ צווייטען מאַן פֿון זיין זי־
כערהייטס־וואַך. און תיכף האָט ער אַ גלייכגילטיגער אַוועק־
גענומען די בליקען פֿון זיי.

שפּערי און זיינע חברים האָבען זיך געשטופּט פֿאַר איהם
צו דער טיר.

מאַרקוזע האָט ווייטער אויסגערעכענט: עס קאָן אפשר
זיין, אַז עפּיס אַ צופֿאַל האָט ווענק'ן געבראַכט אויף זיינע
שפּורען. אפשר עפּיס אַן'עהנליכקייט פֿון זיין מאַנטעל, ראָק...
אפשר אַ בעוועגונג פֿון זיין קערפּער, אָדער עפּיס אַנדערש...
פֿון זיין פּנים האָט ווענק נישט קיין סך געקאָנט אָראָפּלעזען.
און אַזוי ווי מאַרקוזע'ס פּלייצעס האָבען אַמלענגסטען געקאָנט
זיך איצט געפֿינען פֿאַר ווענק'ס פּנים, האָט ער מיט די
אָרעמס צוצויגען דעם מאַנטעל און אַזוי־נאָך פֿערבאָרגען
דאָס אויסזעהען פֿון זיינע פּלייצעס.

אָט האָט ער זיך מיט'ן געהיימראַט דערנעהנטערט צו
דער טיר. פּלוצק האָט ער ווענדעל'ן אַ שטופּ געטאָן פֿאָראויס
און כמעט זיך צוגעקלעבט צו איהם.

אין מאָמענט, ווען דער געהיימראַט איז אַרויף אויף דער
שוועל פֿון דער טיר, האָט ווענק בעפֿוילען אַ פּאָליציאַנט, ער
זאָל הייסען ווייטער געהן צוויי מענשען, וואָס האָבען זיך אָפּ־
געשטעלט אויף די טרעפּען. מאַרקוזע האָט געהערט דעם בע־
אַמטען'ס פֿראַגע:

— זאָל איך זיי אַרעסטירען?

ער האָט אַ קוק געטאָן פֿון זאַל אין קאָרידאָר. ער האָט
געוואָלט אָפּווענדען פֿון זיך דעם פּראָקוראָר'ס אויפֿמערקזאַמ־
קייט. מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג האָט ער אַרויסגעצויגען
פֿון דער טאַש אַ נאָז־טיכעל און אַ שטאַרקען הוסט געטאָן.
שפּערי האָט פֿערשטאַנען דעם צייכען און ער האָט שנעל אַ
שלעפּ געטאָן זיין חבר.

ווענק האָט שוין געהאַט נעבען זיך דעם געהיימראַט.
מאַרקוזע האָט עס געזעהען.

דער נעהײמראַט האָט איהם פֿאָרגעשטעלט:

דאָקטאָר מאַרקוזע!

װענק, נישט אַראָפּנעמענדיג קײן אויג פֿון זאַל, אין װעלכען עס איז שוין כמעט קײנער נישט געװען, האָט אָנגענומען מאַרקוזע'ס האַנד און געזאָגט, ענטשולדיגענדיג זיך:

— איהר װעט עס נישט נעמען פֿאַר אומגוט, דאָקטאָר, װאָס איך האָב אײַך געשטערט, ערפֿילענדיג מײַן פֿליכט.

מאַרקוזע האָט געענטפֿערט מיט אַ בײַזער העפֿליכקײט, ...יקענדיג אין דער טאַש דאָס הענטעל פֿון רעװאָלװער:

— נײן, עס מאַכט נישט. עס פֿערשטעהט זיך אַלײן, אַז איך מוז אַראָפּ אויפֿ'ן צװײטען פּלאַן, װײַל איהר האַנדעלט אָהן צװײפֿעל פֿאַר'ן עפֿענטליכען װאוילזײַן. פֿערפֿאָלגענדיג פֿערברעכער!

און שוין האָט ער זיך גערוקט װײַטער. װענק האָט נאָך געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, נישט אומקוקענדיג זיך אַלץ, ראַלטענדיג אונגעדולדיג די אויגען געװענדעט צו דער אַנדערער טיר. װאו ער האָט געהאָפֿט צו פּאַקען דעם „קרבן“.

דער געהײמראַט האָט אויף די טרעפּען גענומען דעם דאָקטאָר אונטער'ן אָרעם. מאַרקוזע האָט אַרײַנגעפֿיהרט דעם אַלטען אין דער גאַרדעראָבע און זיך דאָרט געזעגענט מיט איהם. אײנער פֿון זײַנע אויטאָמאָבילען האָט געװאַרט אויף איהם אויף דער מאַקסימיליאַן־גאַס. אויף רעכטס און לינקס פֿון די טירען, װאָס האָבען געפֿיהרט צום פֿאָדער־זאַל, זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען מענשען, גרײטע צו שיצען איהם מיט קראַפֿט.

זײ זענען ערשט אװעקגעגאַנגען אונטער מאַרקוזע'ן. אַנדערע פֿון זײַן װאַך, װאָס זענען געװען צוטײלט אין גרופּען, זײַענדיג שטענדיג גרײט אַ שפּרונג צו טאָן מיט געװעהר, זענען אויך נאָך הינטער איהם. זײ זענען זיך ערשט צוגאַנגען אין פֿערשידענע זײַטען דאַן, װען מאַרקוזע האָט זיך אַ װײַכער אַרײַנגעזעצט אין זײַן אויטאָ.

אויפֿ'ן װעג האָט מאַרקוזע געזאָגט צו זיך:

— איך האָב געמוזט אַ נאַרישקייט. איך האָב געדאַרפט אָמווענדיגסטענס פרעגן, צי איך וועל קאָנען בעגייען מיין כעאַנם.

דאָס בעוואוסטזיין פון בעגאַנגענעם פעהלער האָט איהם געפייניגט. עפּיס איז אין איהם קאַליע געוואָרען. אַמאָל וואָלט ער אַזעלכע פעהלערען ניט געמאַכט. ער איז דערין נעוויס; זיכער און ער האָט זיך געפייניגט מיט'ן געדאַנק: „אפשר האָב איך שוין גענוג געאַרבייט? דאַרף איך מיך שוין אָפּרוהען אין עיטאָפּאָמאַר?

אָבער באַלד האָט ער טויב אַ געשריי געטהון מיט אַ חיה'שען געבריל:

— יאָ, דאָס איז שולדיג די דאָזיגע פרוי. ווענק וועט מיך אויפהענגען. די דאָזיגע פרוי מאַכט מיך אַלט און זי וועט מיך פיהרען צו דער תלית.

פאַרוואָס זאָל די דאָזיגע פרוי, וואָס איז אַזוי יונג און שעהן און וואָס גיט זיך איהם איבער מיט אַזאַ וועהמאָגלי-כער צוּבראָכענקייט, — איהם פריהצייטיג מאַכען אַלט?

ווייל מיט איהר אונטערגעהאָרפענקייט טרונק איך מיך אָז ווי מיט ווין! — האָט ער זיך אַליין געענטפערט.

ער האָט געקעמפט מיט זיך אַליין. ער האָט שוין ניט געפינען קיין פערנעניגען דערין, וואָס ער האָט אַזוי גליקליך אויסגעמיטען אַזאַ שרעקליכע געפאַהר. און זיינע מחשבות, וואָס האָבען איהם צושטערט די נשמה אין דער לענג און אין דער ברייט, האָט זיך אויפגעוועקט אַ געפיהל פון אַ קאַטאַס-טראָפע, וואָס האָט איהם געשטיקט דעם אָטעם:

— עס איז דערפאַר, ווייל איך ליב זי צו שטאַרק!

און ער האָט אין דער איצטיגער מינוט זיך אַליין פיינד געקריגען. די פויסטען, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט נעגען מענשען, האָט ער איצט מיט צאָרן געווענדעט געגען זיך און האָט זיי אויפגעהויבען אונטער זיין קאָפּ. און ער האָט אַזוי שטאַרק געגליטען פון דער לאַסט פון דעם דאָזיגען געפיהלען-כאַאָס, אַז ער האָט אוש אָפּגעקריכצט.

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר זיין הויז.

די קנייטשלעך אויף זיין ברייט פּנים זענען טיפער געוואָרען. אָבער צום שרעקליכסטען זענען דערויף געווען די אויגען. ווען ער איז איצט אריין, איז די גרעפין באַפאַלען אַ פּחד. אַנקוקענדיג זיי, זיי זענען איצט נישט געווען, ווי געוועהנליך, פון אַ גרויהער אַנאַט־קאָליר, נאָר זיי האָבען אויסגעזעהען ווי צוויי ברענענדיגע שטיקער קויהלען.

— וואָס איז געשעהען? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט איהר בלויז געענטפערט אַזוי פיל, וויפיל ער האָט איהר געוואָלט ענטפלעקען.

— דו ווייסט, ווער איך בין? — האָט ער געפרעגט און זיין קול האָט איהם געציטערט מיט דער צולאָזענער ווילדקייט, וואָס איז געווען היימיש מיט זיין נאַטור — איך בין אַ וואָלף, אַ וואַנדערער. איך זויג מענשליך בלוט! יעדען טאָג ברענט אויס די שנאה דאָס בלוט אין מיינע אָדערען און יעדע נאַכט פיל איך זיי אָן מיט בלוט פון מיינע שׂונאים. אויב די מענשען וועלען מיך כאַפּען, וועלען זיי מיך צורייסען אויף טויזענד שטיקער. איך וועל דיר דעם גאָרגעל צובייסען, ווייס שעפּעלע, וואָס דו ווילסט מיך פערניכטען.

די גרעפין, ווערענדיג איבערגענומען פון דעם דאָזיגען אויסברוך, אַ וואַהנזיניגע פון וועהטאָג און פון גייסטיגער צוריסענקייט, האָט געשרעכצט:

— נו, טאָ דערהרג'ע מיך! וואָס קאָן זיין בעסער?

— איך ליב דיך! — האָט געברומט איבער איהר זיין ווילד קול..

די גרעפין האָט בעהאַלטען די הענד אין די אָרעמס. צום ערשטען מאָל האָט זי דערהערט אַן ערקלערונג פון דעם דאָזיגען אומפּעטיגען מויל.

אונטער זיין ערקלערונג איז געגאַנגען דער אָטעם פון הייסען בלוט, וואָס איז אריינגעדרונגען אין איהרע געפיהלען, און גלייכצייטיג האָט ער זיך אין איהרע אויגען פערלוירען אין אַ תהום־לאָזער פינסטערניש, אין וועלכער עס איז נישט

געווען פאַר איהם קיין אויסגאַנג.

איהר לעבען איז געווען פאַר איהר זיי אפגעשטאַרבען. איהר בלוט האָט זיך געוויגט איבער עפּיס אַ העלער, פערגלי־ווערט־געוואָרענער איבערפלאך, אין אַ קינסטליכער, גרויזאַ־מער, געשפּענסטינגער זיץ, מיט וועלכער עס האָט זי אָנגע־שטעקט די קראַפט פון דעם דאַזיגען מאַן. דורך איהר אָפגע־שטאָרבענער נשמה האָט אַ לויכט געטאָן אַ פלאַם, ווי דורך די שפּאַרעס פון אַ פערדאַמטער טיר.

מאַרקוזע האָט זי פערלאָזט, נישט אַרויסרעדענדיג מעהר קיין וואָרט.

— איך האָב איהר זענוג געזאָגט — האָט ער איבער־געחזר'ט און זיין איינזאַמקייט.

ער האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין. אָבער ער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפען; עפּיס נייעס, אונבעקאַנטעס האָט זיך אַריינגעריסען אין זיין לעבען און איז געשטאַנען אין זיין מוח ווי אַן'אומבעוועגליכער פלעק. פונקט ווי די געפאַהר, וואָס ער האָט שוין אויסגעמיטען, אָנטאַפּענדיג זי פריהער במעט מיט דער האַנד, וואָלט זיך איינגעבירגערט ביי איהם אין אַ קאַלט און פינסטער לאָך אויף זיין נשמה, פון וואַנען ער האָט געדאַרפט אַרויסציהען ווי פון דעם באָדען פון אַ ברו־נען. זיין לעבען און זיינע מעשים. גאַנצע שעה'ן האָט ער זיך געמאַטערט, כדי דאָס נייע צו בענריפען, צו ברענגען אין אָרדנונג. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענד.

דאַן האָט ער זיך צוריקגעקעהרט צו דער פרוי, וואָס האָט אַ שלאָפלאָזע און אַן'אָנגעטוענע זיך געמאַטערט אויפ'ן געלעגער.

ער האָט געזאָגט צו איהר:

— מיר מוזען זיך צונויפרעדען! אונזערע גורלות האָ־בען זיך צונויפגעפלאָנטערט — מיר מוזען זיי ווייטער טראָ־גען. פון עפּיס אַ טיפען אָפגרונד פון מיין אָפשטאַמונג האָט זיך אין מיין בלוט אַריינגעגנב'עט דער סם, וואָס לאָזט מיך נישט פיהרען מיין לעבען אין דער געזעלשאַפט, און די ראַה־

מען פון דער מלוכה־אָרדנונג, וואו עס זענען פאַראַן כּוחות, וואָס שטעהען העכער פאַר מיר. צוליב דעם בין איך געוואָרען אַ פיהרער פון אַ באַנדע. איך ווייס בלויז צוויי זאַכען: אַ ווי־לען צו מאַכט און אַ געוואַלדיגע שנאה! פון היינט אָן געהעסט־אַריי אין קרייז פון מיין לעבען. איך האָב לכתחילה גע־טראַכט: זיי וועט פערברענט ווערען אין די דאָזיגע צוויי פייע־רען פון מיינע געפיהלען. אָבער דאָס איז נישט אמת. עס זיי־נען פערברענט געוואָרען הונדערט אַנדערע. דיך זיינען געהייסען מיינע פלאַמען. זיי זענען שפּייז פאַר דיר. ווען איך בין שיכּור, בעהערשט מיך מיין שנאה צו דער וועלט, אָבער איך קאָן די שנאה אַוועקרוקען אין אַ זייט, ווייל דעמאָלט ווייזען זיך פאַר מיר שעהנערע זאַכען; זיי בעווייזען זיך, ווען איך רעד אַרוים דאָס וואָרט „עיטאָפּאָמאַר“! — האָסטו שוין אַמאָל געהערט אָט דאָס וואָרט?

— עיטאָפּאָמאַר — דאָס איז נישט קיין שכּור'ער חלום. נישט קיין בעהעלטעניש פאַר שולדיגע. עס איז אַ ווילדער, אומ־שולדיגער וואַלד אין בראַזיליען. עס געפינט זיך אויף די בערג, אין דער מיטטעניש פון לאַנד. מען בעאַרבייט די געגענד פאַר מיר. דאָס וואַלד, וואָס איך רייס אַרויס די עלענדע בעשעפע־נישען פון דער עלענדער געזעלשאַפט, לעג איך אַריין אין יע־נער אומגעשטערנעהמונג. דאָרט ענטשטעהט מיין לאַנד, מיין מלוכה. דאָרט וויל איך מיין לעבען ענדיגען. אַמאָל האָב איך געטראַכט: צוזאַמען מיט מיין האַרעם. איצט ווייס איך: מיט דיר, מיט דיר אַליין! מען מוז איבער פערציג טעג רייטען אויף אַ פערד, ביז מען קומט דאָרט אָן צום ערשטען הייזעל, וואו ס'וואוינען מענשען. עס זענען דאָ פאַראַן אַזעל־כע, וואָס קאָנען ביי אונז נישט אויסהאַלטען. עס איז אָבער שווער אַהין צו קומען, ווייל די באַטאָקודען שטעהען אויפ'ן וועג. עס איז מעגליך, אַז מיינע אַגענטען, וואָס נעמען פון מיר געלד, כּדי דאָרט אויפצובויען דאָס לאַנד, בעשווינדלען מיך אויף אַ נידריגען אופן, און ווען איך וועל דאָרט אַהינ־קומען, וועל איך נישט טרעפען קיין שום קענטריין עיטאָ־

פּאַמאַר. אָבער בלויז אין אײן זאַך װעל איך זיך נישט לאָזן בעטן — אין דיר.

מײַן לעבן האָט זיך דאָ צוגעשפּרײט אויף גענוג בריטע װעגן, כדי איך זאָל קאָנען װײַטער האַלטן אַלס מיטגליד פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדנונג און אונטער דער מאַכט פֿון דער מלוכה. מײַן שיף װעט זײַן גרייט דעם ערשטן יוני. אין דער נאַכט פֿון ערשטן אויפֿ'ן צװייטן יוני װעלן מיר ביידע זיך אַרײַנזעצן אין דער שיף און װעלן אָפּשװימען! מען מוז דערויף נאָך װאַרטן צוויי חדשים. אָבער איך קאָן נישט רוען. נאָר ביז צו דער נאַכט פֿון אונזער אָפּפֿאָרן, װעל איך אַלץ זײַן אַן'אָנפֿירער פֿון אַ באַנדע.

מיר מוזן האַנדלען פֿאָרזיכטיגער. דו װעסט דיך אי-בערטראָגן אין אַן'אַנדערער װאוינונג. מען מוז דיך בעסער היטן. אויב יענע װעלן קומען אויף מײַנע שפּורן, װעל איך שוין בעװײַזן זיך אַרויסצוגליטשן פֿון זייערע הענט, אָבער דו... דעריבער מוזטו מאָרגן בײַנאַכט זיך איבערצי-הען. שפּעטער װעט דיך אָפּפֿירן.

אָהן שום װידערשטאַנד, כמעט אָהן בעװאוסטזײַן און אָהן חושים, פֿערברענגט פֿון דעם פּלאַן פֿון דעם מענליכן װילען, װאָס האָט פּלוצלינג זי אַרומגענומען, — האָט די גרעפֿין אויפֿגענומען די דאָזיגע װערטער...

זי האָט זיי אויפֿגענומען, װי איהר גורל!

* * *

צעהן אַ זייגער האָט דאָקטאָר מאַרקוזע זיך בעװיזען בײַם גראַף האַאַזע.

זײַענדיג גרייט יעדע מינוט צו ענטלויפֿען, האָט ער פֿרי-העך בעשלאָסען צו ענדיגען מיט'ן שלימזל'דיגען גראַף.

ער האָט איהם געצװאונגען צו טרונקען.

זינט עטליכע טעג האָט זיך האַאַזע אַרײַנגעװאָרפֿען אין אַלקאָהאָל-שכרות מיט אַ טעמפּער לײַדענשאַפֿט. אַ שװײַגענ-דער האָט זיך מאַרקוזע צוגעקוקט דערצו. װען דער גראַף איז איינמאָל געװען שכור, האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגערופֿען:

— איהר זענט אַ פֿאַר'עקשנ'טער מענש. וויאַזוי געפֿינט זיך אייער ברימטוועס?

האָזוגע, שטאַמלענדיג, האָט געוויזען אויפֿ'ן וואַש-צימער.

— איז זי שאַרף? — האָט מאַרקוזע געפֿרעגט, אָפּ-דריקענדיג די ווערטער — איז זי גענוג שאַרף? — האָט ער געפֿרעגט מיט אַזאַ שאַרפֿען טאָן, ווי ער וואָלט מיט דער פֿראַגע געוואָלט איינשניידען זיך אין גראַפֿ'ס האַלז.

ער האָט גענומען די ברימטווע פֿון גראַפֿ'ס האַנד, האָט אויסגעזוכט אַ שטיקעל פּאַפּיר אויפֿ'ן שרייב-טיש און עס אַדורכגעשניטען אין דער לופֿט.

— יאָ, זי איז גענוג שאַרף! — האָט ער דראָהענדיג געזאָגט.

דערנאָך האָט ער אַוועקגעלייגט די ברימטווע, ניט בעהאַלטענדיג זיך אָבער אין פּוטעראַל.

ער האָט גערופֿען דעם דינער און געזאָגט צו איהם:

— דער צושטאַנד פֿון אייער הער האָט זיך פֿערערגערט. דער גראַף טרונקט קאָניאַק און טאָקאַי. איך וואָלט גאָרנישט געהאַט געגען אַ ליכטען געטראַנק. אָבער די שווערע אַלקאָהאָל-משקאות זענען פֿערבאָטען. ביטע רוימט אַראָפּ פֿון טיש דאָס, וואָס איז פֿערבליבען... דער גראַף וויל געהן... זיך... אָפּרוהען...

די לעצטע ווערטער האָט ער צוצויגען. ער האָט זיך אַרויסגערעדט אין טאָן פֿון אַ בעפֿעהל.

דאַן איז ער אַרויס פֿאַר'ן לאָקאַי פֿון צימער און האָט פֿערלאָזט דאָס הויז.

אין אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט דער גראַף זיך אַוועקגעשניטען דעם האַלז...

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער טוט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז עפּיס אין האַלז שטערט איהם אין דער גרויסער עפּיס אַנ'אונבעשרייבליך גליק. ער האָט געוואָלט דאָס וואָס שטערט אין האַלז, בעזייטיגען, — מעהר גאָרנישט...

* * *

אַ ווײַנער צווײ איז עמיצער געקומען פֿון דאָקטאָר, צו דערווײַסן זיך װעגן צושטאַנד פֿון גראַף. דער דינער האָט געזאָגט:

— דער גראַף שלאָפֿט.

דערבײַ האָט ער צוגעגעבן, אַז ער װעט אַלײן געהן אַ קוק טון. און ער האָט געפֿינען דעם גראַף ליגן אויף דער פּאָרלאָגע, פֿערבלײַנדט אין אַ טײַך בלוט. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דער שטוהל, ער איז שוין געווען קאַלט. דער שליסל פֿון דאָקטאָר איז אַרײַן אין צימער, געװאָרפֿן אַ בליק אויפֿ'ן טויטן און אװעקגעגאַנגען.

דער דערשראָקענער דינער האָט נישט געוואוסט וואָס אָנהויבן צו טון. אַזוי ווי אין דער נאָהענט האָבען זיך נישט געפֿינען קײַן קרובים און דעם אַדרעס פֿון דער גרעפֿין האָט ער נישט געוואוסט, האָט ער זיך ענטשלאָסען צו געהן צו דער פּאָליציי. אָבער ער האָט נישט גוט געוואוסט, אין וועלכען אַמט ער דאַרפֿט זיך אין אַזאַ פֿאַל ווענדען; פּלוצלינג איז איהם אײַנגעפֿאַלען, אַז דער פּראָקוראָר וועגן איז געוועזן דעם גראַפֿ'ס אַ בעקאַנטער און לעצטענס האָט ער זיך אויס־געפֿרעגט וועגען איהם. ער איז דאָ אַוועקגעפֿאָהרען קײַן מינכען. האָט אויסגעזוכט דעם פּראָקוראָר און איהם איבערגע־געבען, וואָס עס איז געשעהען.

— דער גראַף איז נישט, הײַסט עס, אַוועקגעפֿאָהרען?

— האָט וועגן געפֿרעגט.

— ער איז בסדר געוועזן אין דער הײם!

— פֿאַרוואָס האָט איהר דעמאָלט געזאָגט, אַז דער גראַף איז אַוועקגעפֿאָהרען, נישט איבערלאָזענדיג קײַן אַדרעס.

— דער דאָקטאָר פֿון הער גראַף האָט מיר בעפֿוילען, אַז צוליב זײַן קליענט'ס געזונד־צושטאַנד זאָל איך קײנעם נישט אַרײַנלאָזען און אַלע, וואָס וועלען זיך פֿרעגען אויף איהם, זאָל איך ענטפֿערן, אַז ער איז אַוועקגעפֿאָהרען. דער גראַף האָט קײנעם נישט אויפֿגענומען, אַ חוץ דעם דאָקטאָר.

— ווי האָט געהײסען דער דאָקטאָר?

— איך ווייס נישט. איך האָב נישט געהערט אָנרופֿען
דעם נאָמען.

ווענק האָט זיך מיט איינמאָל דערמאָנט, אַז מיט אַ צייט צוריק האָט איהם דער געהיימראַט ווענדעל געגעבען אַ בריף צו דאָקטאָר מאַרקוזע און אַז דער גראַף האָט פֿון זיין קאַ־ בינעט טעלעפֿאָנירט צו דעם דאָזיגען דאָקטאָר, אָפּרעדענדיג זיך, ווען זיך צו טרעפֿען.

דער פּראָקוראָר האָט אַ ציטער געטהון. אַ שאָטען פֿון שרעקליכען פֿערדאַכט האָט זיך אַריינגעגנב'עט אין זיין מוח. ער האָט פֿאַר'ן דינער געשילדערט דאָס אויסזעהען פֿון דאָק־ טאָר מאַרקוזע, ווי ער האָט איהם געדענקט פֿון זעהען איהם צופֿעליג אין „זאַל פֿון די פֿיר יאָהר־צייטען“.

— איז עס נישט געווען קיין הויכער מאַנספּערשוין, אַ ביסעל איינגעבויגען, גלאַט ראַזירט, קורץ געשוירען, אַ ברייט פּנים, אַ גרויסע נאָז, גרויסע גרויע אויגען?

דער לאַקײ האָט געענטפֿערט:

— יאָ... פּונקט אַזוי האָט ער אויסגעזעהען.

און מיטאיינמאָל זענען פֿון גרויס איבעראַשונג אַלע געדאַנקען אַנטלאָפֿען פֿון גרוי־געוואָרענעם ווענק'ס קאָפּ... ער איז געבליבען שטעהן אויפֿ'ן אָרט ווי פֿערגליווערט... דער קאָפּ פֿון דאָקטאָר מאַרקוזע, פֿערשלייערט אין פֿערשידענע פֿאָרמען און אין פֿערשידענע מאַסקען, האָט געטאַנצט אין אַ רונדיגען ראָד, איינגעהילט אין אַ נעפעל, פֿאַר זיינע אויגען.. עס זיינען אַוועק עטליכע סעקונדען, ביז ער האָט זיך בערו־ היגט.

פֿאַרוואָס האָט דאָקטאָר מאַרקוזע, ווען ווענק האָט גע־ הייסען פֿערלאָזען דעם זאַל, נישט געפֿרעגט: פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס האָט ער נישט געפֿרעגט, צי ער וועט קאָנען נאָכדעם, ווי די אויספֿאָרשונג וועט דורכגעפֿיהרט ווערען, אָנהויבען דעם סעאַנס? פֿאַרוואָס האָט ער, ווענק, זעהענדיג גאַנץ דייט־ ליך אַריינרוקען זיך אין זאַל דאָס געשטאַלט מיט די איהם בעקאַנטע פּלייצעס, די דאָזיגע פּלייצעס נישט בעמערקט, ווען

אַלע זענען אַרויסגעגאַנגען? פֿאַרוואָס האָבען די צוויי מענ־שען. וואָס האָבען זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אויף די טרעפּען, נישט געקוקט, וואָס די פּאָליציי־אַגענטען האָבען עס פֿער־באָטען, תיכף פֿערלאָזט זייערע ערטער און מאָמענט. ווי דער דאָקטאָר מאַרקוזע איז אַרויסגעגאַנגען פֿון זאַל? פֿאַר־וואָס האָבען די אויגען פֿון דעם דאָזיגען דאָקטאָר, הגם ער האָט געוואָרפֿען אַ פֿאַרבייגעהענדיגען בליק, אַזוי שאַרף זיך איינגעגראָבען אין זיין, ווענק'ס, געזיכט?

ער האָט געזעגענט דעם דינער.

מיט צוטערדיגע פֿינגער האָט ער אַ מיש געטאָן די בלעט־לעך פֿון טעלעפֿאָן־בוך. דער נאָמען פֿון דאָקטאָר מאַרקוזע האָט זיך דאָרט נישט געפֿינען!

אָבער מאַרקוזע האָט דאָך פֿאָרט געהאַט אַ טעלעפֿאָן. דער געהיימראַט ווענדעל האָט געוואוסט דעם נומער.

דאָך, ווען ווענק האָט, בעקומענדיג דעם נומער פֿון ווענדעל'ן, אָנגעקלונגען צו מאַרקוזע'ן, האָט קיינער נישט גע־ענטפֿערט. ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעפֿרעגט אין נומערען־ביוראָ און געקריגען אַ'ענטפֿער, אַז דער טעלעפֿאָן פֿון דאָקטאָר מאַרקוזע איז סקאַסירט געוואָרען.

— צו ווען האָט דער נומער געהערט נאָך מיט דריי וואָכען צוריק?

דאָס נומערען־ביוראָ האָט געענטפֿערט, אַז דאָס קאָן נישט תיכף ומיד פֿעסטגעשטעלט ווערען.

ווענק האָט נאָכאַמאָל אָנטעלעפֿאָנירט צו ווענדעל'ן. ער האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס ער שטערט אַזוי צו. אַזוי ווי דאָקטאָר מאַרקוזע האָט געענדערט דעם טעלעפֿאָן־נומער, מוז ער זיך דערווייסען די אַדרעס. אָבער ווענדעל האָט נישט געוואוסט די אַדרעס. ער האָט מיט מאַרקוזע'ן זיך פֿער־שטענדיגט בלויז טעלעפֿאָניש.

ווענק האָט זיך געווענדעט צום פּאָליציי־אַדרעס־ביוראָ. און ווידער איז געקומען אַנ'איבעראַשונג. צווישען די איינגעמעלדענע איינוואוינער אין מינכען האָט זיך מאַרקו־

זעָ'ס נאָמעָן נישט געָפֿינעָן!

אויף ווענק'ס פֿעָרלאַנג האָט מעָן איז נעָריבֿטס-אַרבֿיט דורכגענישטעָרט די אַלטעָ טעלעָפֿאָנישעָ רעגיסטעָרן. אין ערגיץ האָט מעָן דעָם דאָזיגעָן נאָמעָן נישט געָטראָפֿעָן.

דאַן איז ווענק פּעָרזענליך געָגאַנגעָן צום דירעָקטאָר פֿון טעלעָפֿאָן-אַמט און געָבעטעָן צוצואײַלעָן דאָס זוכֿעָן. דעָר דירעָקטאָר האָט איהם אַרײַנגעָפֿיהרט אין דעָר קאַנצעָלאַריעָ פֿון דעָם נומערעָן-ביוראָ. עָס זענעָן דאָרט געזעסעָן צוויי פֿרײַלײַנס. דעָר דירעָקטאָר האָט זיי בעָפֿוילעָן תיכף נאָכֿצוקוקעָן דעָם פּראָקוראָר'ס פֿעָרלאַנג און אַליין איז עָר אַרוים

— וואָס ווילט איהר וויסעָן? — האָט געָפֿעגט די עלטערעָ פֿון זיי.

— איך האָב שוין געָזאָגט דורכֿ'ן טעלעָפֿאָן. איך דאַרף האָבעָן די אַדרעָס פֿון דאָקטאָר מאַרקוזעָ, וואָס האָט נאָך מיט דרײַ וואָכֿעָן צוריק געהאַט אַ נומעָר... ער איז געָוועָן פֿעראײַניגט מיט דעָר נעָץ פֿון מינכֿעָן... זיכֿעָר... אָהן צווײַפֿעָל! ער איז אָבעָר נישטאָ אין טעָלעָפֿאָן-בוך.

דאָס פֿרײַלײַן האָט געָענטפֿעָרט:

— מיר האָבעָן געָזוכֿט און האָבעָן נישט געָקאָנט געָפֿינעָן. דעָרויף איז נישטאָ קײַן עצה.

מיט דעָם דאָזיגעָן ענטפֿעָר האָט זיך ווענק אומגעָקעָהרט צום דירעָקטאָר. דעָר לעָצטעָר איז געוועָן פֿעָרוואונדעָרט און פֿעָרזיכֿעָרט, אַז אַזאַ מין אונאָרדנונג איז נישט מעָגליך. עָר האָט אַליין נאָכֿאַמאָל אײַנגעָפֿיהרט ווענק'ן אין ביוראָ. צוזאַמעָן מיט די צוויי פֿרײַלײַנס האָט עָר גענומעָן זוכֿעָן. אָבעָר ער האָט גאָרנישט געָפֿינעָן.

דאַן ווען דעָר דירעָקטאָר האָט אומזיסט געָמישט און געָזוכֿט אין דעָר ליסטעָ פֿון די אַבאָנעָנטעָן איז ווענק'ן געָקומעָן אין קאָפּ אַרײַן אַן'אײַנפֿאַל.

— אויב איהר פֿעָרזיכֿעָרט מיך, הערר דירעָקטאָר, אַז דאָקטאָר מאַרקוזעָ איז אָהן יעדעָן צווײַפֿעָל אין משך פֿון היינטיגעָן יאָהר נישט אַרײַנגעָטראָגעָן געוואָרעָן אין דעָר

אַבאָנעמענטן־ליסטע פֿון מינכען. ווען איהר אַזוי גוט זײַן און נאָכקוקען, אונטער וואָס פֿאַר אַ נומער און אַדרעס עס איז פֿערשריבען הער פֿאָלדרינגער.

דאָס שאַפֿע אויג פֿון פּראָקוראָר האָט גוט בעמערקט, אַז בײַם אויסרעדען דעם נאָמען פֿאָלדרינגער, האָט אײנע פֿון די צוויי פֿרײַלײַנס אַ ציטער געטהון. אָבער תיכּף האָט זי זיך בעהערשט און גראָב געענטפֿערט, אַז אין מינכען זענען דאָ אַ סך פֿאָלדרינגער׳ס און אויב מען וועט נישט אָנגעבען דעם פֿאָרנאָמען, קאָן זי נישט איבערגעבען די אַדרעס.

— ווענק האָט זיך דאַן געווענדעט צום דירעקטאָר:

— איך בעדויער זעהר, וואָס איך מוז אײַך פֿערשאַפֿען אַן׳אונאָנגענעהמליכקײַט: איך מוז די צוויי פֿרײַלײַנס אַרעסטירען!

ער איז אַרײַן צווישען די טעלעפֿאָניסטקעס און דעם אַפּאַראַט.

—ל׳בעט צו זעצען זיך אויף אָט די שטוהלען, ביז עס וועלען אָנקומען מײַנע אַגענטען, איהר — דאָ, און איהר — דאָרט.

אײנע פֿון די פֿרײַלײַנס איז בלײַך געוואָרען ווי קרײַד. די אַנדערע איז שטאַרק רויט געוואָרען און אָנגעהויבען וויינען.

ווענק, ווענדענדיג זיך ווידער צום דירעקטאָר. האָט צוגעגעבען:

— דאָס איז בלויז אַ פֿאָרמאַליטעט. דער הער דירעקטאָר וועט אַזוי גוט זײַן און מיר העלפֿען, אַז די זאַך זאָל נישט צופּויקט ווערען. העכסטוואַהרשײַנליך וועל איך גאָר אינגיכען אימשטאַנד זײַן אויפֿצוקלערען, פֿאַרוואָס איך פֿאָדער עס.

דערנאָך האָט ער גערופֿען צוויי פּאָליציאַנטען און געבעטען דרײַ טעלעפֿאָן־בעאַמטע זאָלען איהם העלפֿען זוכען.

מען האָט אַדורכגעזוכט אַלע ליסטעס. מען האָט אויסגעשריבען די אַדרעסען פֿון אַלע פֿאָלדרינגערס. זיי זענען ווירקליך געווען אַ סך. אָבער על פּי רוב זענען עס געווען

סוחרים. עפּיס אַ פּאָלדרינגער, וואָס ווענען איהם איז נישט געווען בעצייכענט זיין טון, האָט געוואונט אויף דער קסעני־אַ־גאַס, אַ צווייטער, אויך אָהן בעשעפטיגונג, — אויף דער לגדווינ־גאַס.

די פּריוויליגים האָט מען אָפּגעפיהרט אין קאָמיסאַריאַט. חענק איז קודם כל אַוועק אויף דער לגדווינ־גאַס. ער האָט דאָ דערזעהען אַ הויז מיט פיל מעבלירטע צימערן צו פער־דינגען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, האָט אויסגעפאָרשט דעם הויף. דאַן איז ער אַוועק אויף דער קסע־ניאַ־גאַס.

דאָס האַרץ האָט איהם אַ שטאַרקען ציטער געטון, ווי אינגעווענינ וואָלט דאָס קלאַפּען אויפגעהערט... אָט האָט ער אויף אַ הויז, וואָס זיין אַדרעס איז אין טעלעפאָן־ביוראָ אויפ־געשריבען געוואָרען נעבען פּאָלדרינגער'ס נאָמען, איבערגע־לייענט אויף אַ מאַרמאָר־טאָוועל:

# דאקטאר מארקוזע,
## פסיכאפאטאלאגישער קאבינעט

ער איז אנטלאפן פון דארט, האלטנדיג דעם קאפ פּמעט איינגעקוועטשט צווישן די אקסלען. פאר די אויגן זיינע האבן געטאנצט די נומערן פון די געגענאיבערדיגע הייזער. די גאס איז בעשטאנען פון א ריזיגע וואליעס, וואס זענען געלעגן צוווארפן און אפגערוקט פון זיך.

די אויגן זענען איהם פערגאסן געווארן מיט בלוט. זיין הארץ האט געשפּילט א טריאומף־הימן. אין די אויערן האט ער געהערט הילכן, ווי דאס קנאלן פון א האמאט. ער האט דעם פערברעכער געהאלטן אין דער האנד. ניין, ניין ער האט איהם דערווייל נאך נישט געהאלטן. ער האט איהם בלויז געקענט!

איידער ער האט בדעה געהאט אנצוהויבן די בעלאגע־רונג ארום הויז, איז ער אוועק אין געפענגניש. דער טערמין, וואס די קאראזא האט איהם געגעבן, איז פארביי; און דאס, וואס זי האט געהאט איהם איבערצוגעבן, האט אפשר געקאנט פערלייכטערן זיין ארבייט צו פאקן דעם אנפיהרער.

* * *

באלד אונדערפריה פון זעלבען טאג, ווען דער היטער פון דער פרויען־אפטיילונג פון דער תפיסה, האט געמאכט די ערשטע איבערזיכט, האט זיך די טיר פון קאראזא'ס צעלע געעפענט. אויפטרייסלענדיג זיך פון שלאף, האט זי דעם קאפ עטוואס אויפגעהויבן און דא האט זי דעריעהן, אז דער היטער האט זיך דערנענטערט צו איהר.

ניין, דאס איז נישט קיין וועכטער... דאס איז געווען

מן הסתם שלאָפּט זי נאָך — האָט זיך די קאַראָזאַ גע־
טראַכט, זעהענדיג דעם גאַסט, — זי איז דאָך און טוּרטיגע.
פוּן וואַנען קומט דאָ אַהער שפּערי, דאָ, בּיי איהר געלעגער?
זי האָט זיך געריבּען די אויגען, כּדי אָפּצוטרייסלען דאָס גע־
שפּענסט. אָבּער עפּיס אַ האַנד האָט אָנגערירט איהר מויל.
זי האָט זיך אויפגעהויבען אַנ'איבּערראַשטע. און מיטאַיינמאָל
האָט זי אונגאַנצען אויפגעוואַכט. יאָ, עס איז געווען שפּערי.

— דו ווייסט דאָך, אַז איך שטעה און פערבּינדונג מיט'ן
וועכטער, — האָט ער שטיל געשעפּטשעט.

זי האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דערפון דאַרפסטו פערשטעהן, אַז ער האָט מיר געזאָגט, וואָס עס איז נעכטען געשעהען צווישען דיר און דעם פּראָקוראָר.

זי האָט שנעל און הויך אַ פרעג געטהון:

— וואָס איז דען געשעהען?

— דו ווילסט פערראַטען דעם דאָקטאָר!

קאַראָזאַ איז אויפגעשפּרונגען אויף איהר געלעגער.

— ווער האָט דאָס געזאָגט? — האָט זי אַ געשריי געטהון

— כ'בּעט דיך נישט צו שרייען. עס האָט מיר געזאָגט דער וועכטער.

— עס איז ליגענט!

— דער וועכטער האָט נישט קיין גרונד צו זאָגען ליגענט.

— האָט ער עס איבּערגעגעבּען דעם דאָקטאָר? — האָט זי דערשראָקען געפרעגט.

— נאַטירליך. עס האָט מיך אַהערגעשיקט דער דאָק־טאָר, — האָט שפּערי געזאָגט ליגענט.

— ניין, עס איז נישט אמת! — האָט קאַראָזאַ אַלץ געשריגען, האַלטענדיג נאָהנט בּיים צוויינען זיך — איך האָב איהם געוואָלט ראַטעווען!

— קאָנסטו עס בּעווייזען?

— איך וויל איהם ראַטעווען, שפּערי, ער איז און גע־

פֿאַהר.

— ער איז שטענדיג איין געפֿאַהר. עס איז אַ נאַרישקייט.
קענסטו בּעווייזען דאָס, וואָס דו זאָגסט?

קאַראָזאַ האָט נאָך דערצעהלט דאָס, וואָס עס איז געשעהען צווישען איהר און דעם פּראָקוראָר.

שפּערי האָט גלייכגילטיג געענטפֿערט:

— איך מיין: דו זאָלסט בּעווייזען, אַז קיינער זאָל נישט האָבּען אויף דיר קיין שאָטען פֿון פֿערדאַכט. ווילסטו עס טון? ענטשייד פֿלינק, בּעט איך דיך. אין פֿינף מינוט אַרום מוז איך זיך געפֿינען אויף דער גאַס.

— וואָס דאַרף איך דען טון, דער דאָקטאָר זאָל מיר גלויבּען? — האָט קאַראָזאַ געפֿרעגט, בּעהערשט פֿון פּחד.

— הממ... דער דאָקטאָר האָט זיך דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצען, מוז איך דיר זאָגען... ער האָט עס נישט ערוואַרט פֿון דיר!

—ניין, ניין! האָט קאַראָזאַ אויסגעשריגען, אַ צוטומלטע און אַ דערשלאָגענע. — איך דאַרף בּעווייזען... זאָג, וואָס איך דאַרף טון... גיב מיר אַן עצה, שפּערי!..

דאָ האָט שפּערי מיט אַ לייכט שמייכעלע אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אַ פֿלעשעלע.

— אָט אין דעם זיצט דער בּעוויז. — האָט ער געזאָגט
— וואָס? — האָט זי געפֿרעגט, פֿערלירענדיג דעם בּאַדען אונטער די פֿיס.

— נו, דאָ, מיין ליבּע, אָט דאָ, ווי דו זעהסט.

— איך פֿערשטעה נישט. — האָט זי געזאָגט מיט אַ נייאיוועו טאָן.

— דו דאַרפֿסט עס לחלוטין נישט פֿערשטעהן. דו דאַרפֿסט בּלויז אויסטרונקען... מיט איין צוג אויסטרונקען... פֿערשטעהסט... דאַן וועט דיר דער דאָקטאָר שוין גלויבּען אויפֿ'ן וואָרט...

קאַראָזאַ האָט געקוקט אויפֿ'ן פֿלעשעלע מיט אַ מיטמפּען שרעק.

— אָבער וואָס איז דאָס ? — האָבען געקלונגען איהרע ציינער.

א הימלישער געטראַנק... אמבראָזיא, מיין ליבע. קיין טראָפּען וועהטאָג פֿערשאַפֿט עס נישט. דער דאָקטאָר האָט עס אַליין צוגעגרייט... אָבער וואַרף דאָס פֿלעשעלע באַלד אַרויס... איך עפֿען דיר שוין דאָס פֿענסטער. נישט אמת, דו טרונקסט עס באַלד אויס... אָט שוין... אָהאָ, אָהן דעם פֿלע- שעלע וועט דער מיניוועל אַליין נישט פֿערשטעהן, וואָס עס איז געשעהען. דאָס טאַקע וועט זיין דער בעווייז, וואָס וועט שוין נישט לאָזען צווייפֿלען. איבריגענס, — קענסטו אונז גוט ! דער מענש מוז זיך אַליין...

דאָ האָט ער אַרויסגעצויגען פֿון דער טאַש אַ מעסער און לייכט געשפּילט זיך דערמיט אין דער לופֿטען. דערנאָך האָט ער עס נעוואָרפֿען צו דער טיר — דאָס מעסער איז מיט'ן שפּיץ געבליבען שטעקען אין דער טיר. ער האָט עס שנעל אַרויסגעריסען און עס צוריק אַריינגעלייגט אין דער טאַש.

— האָסטו געזעהען ? — האָט ער געפֿרעגט — נו, איך מוז שוין געהן. צום ווידערזעהן, טייערע !

ער איז אַוועק. קאַראָזאַ האָט אַ שפּרונג געטון נאָך איהם, האָט אָנגעכאַפּט זיינע פּיס, איז געפֿאַלען אויף די קניה און האָט געשלוכצט :

— איך בין אַזוי יונג... איך האָב ליב דאָס לעבען !... איך האָב דאָך איהם געדינט, געהאָלפֿען. איך האָב געהאָפֿט, אַז ער וועט מיך בעפֿרייען. ער אַליין וועט מיך בעפֿרייען ! ער וועט מיך בלויז בעפֿרייען, אויב ער וויל מיך מעהר נישט לי- בען.

— יאָ... יאָ... — האָט שפּעטער געברומט — אָבער די זאַך איז שוין ערלעדיגט. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז אין געפֿאַהר. איבריגענס, דו קאָנסט טון, וואָס דו ווילסט.

— געהם מיך אַרויס פֿון דאַנען — האָט קאַראָזאַ גע- בעטען — איך וועל איהם דאָ טויזענד מאָל בעווייזען, אַז ער

קאָן זײַן זיכער אַז מיר איך וועל מײַן לעבן אָװעקגעבן פֿאַר
אים!

— טו, וואָס מען הייסט! — האָט שפּרינ גראָב גע־
ענטפֿערט.

קאַראָזאַ האָט זיך געוואָרפֿען אין פֿערצווייפֿלונג.

— וואָס בין איך דען פֿאַר אים? אַ שאָטען, וואָס
שלעפּט זיך נאָך הינטער אים און בעהאַלט זיך, נישט קאָ־
נענדיג זיך אָפּרײַסען פֿון אים!... איך וועל טויזענד מאָל, אַ
מיליאָן מאָל בעווײַזען... בעפֿרײַ מיך!

— אָ, יאָ! אויב מ'וועט מיך לאָזען בײַם בעפֿרײַען דיך,
וועלען מיר ביידע הענגען אויפֿ'ן שטריקעל. און ווער ווייס,
צי מ'וועט זיך שפּעטער נישט נעהמען צו אים. ער האָט עס
מיר אַליין געזאָגט.

בעמערקענדיג זײַן אײַזערנעם ווידערשטאַנד און אײַנ־
זעהענדיג, אַז זײַנע ווערטער זענען ריכטיגע, — איז קאַראָזאַ
פּלוצלינג רוהיג געוואָרען. זי האָט שטיל געזאָגט:

— גוט. עס איז אמת. געה, קאָנסט געהן! און זאָג
אים... ניין, ניין, זאָג אים גאָרנישט... איך וויל שוין גאָר־
נישט פֿון אים...

שפּרינ איז אַרויס מיט פֿלינקע טריט. דאָס פֿלעשעלע איז
געבליבען אין איהרע הענד. און איהרע הייסע פֿינגער איז
דאָס גלאָז וואַרעם געוואָרען.

— ער געטרויט מיר נישט, — האָט זי געזאָגט, שאָק־
לענדיג טרויעריג מיט'ן קאָפּ. — דער דאָקטאָר האָט מיר
אויפֿגעהערט צו גלויבען. דאָס איז מאָדנע. צי איז פֿאַרהאַן
אויף דער וועלט עפּיס זיכערערס, ווי דאָס, אַז מײַנע געדאַנ־
קען זענען אים שטענדיג געטרײַ געווען? אָ, לעבען, דו אונ־
פֿערשטענדליכער זאַך... שמוציגער, עקעלדיגער, קאַלטער
זאַך!

— קום צו מיר! — האָט זי געזאָגט צום פֿלעשעלע —
ניין, ניין, דו וועסט נישט דאַרפֿען מיך מעהר פֿאָרשען און
צווייפֿלען אין מיר, דאָקטאָר!... איך וועל דיך איבערצייגען

— זיסער מערדער! חיה! מענשען-אומבריענגער!... מפֿן ברכה, דו...

זי האט עס געשריגען אויפ'ן קול.

און זי האט זיך אליין דערשראקען פֿאר איהר געשריי, ווי זי וואלט איהר איינע, געליבטע לעבען אריינגעברענגט אין געפֿאהר. זי האט ארויסגעריסען דעם פראפען און אויסגעטרונקען, שטעהענדיג אינמיטען דער קאמער, אלץ, וואס האט זיך געפֿינען אין פֿלעשעלע, דערנאך האט זי מיט א האכטיגער בעוועגונג געווארפֿען דאס ליידיגע פֿלעשעלע אין אפֿענעם, מיט קראטס בעדעקטען פֿענסטער, און וועלכען די זון האט אריינגעשאסען פֿינקלענדיגע שטראהלען אין איהר פֿינסטערער און איינזאמער קאמער.

* * *

ווענק האט גערעדט מיט'ן טורמע-נאטשאלניק. דער לעצטער האט געזאגט:

— יא, הער פראקוראר, מיר האבען ליידער אייך ניט געקאנט געפֿינען, די אייך מיטצוטיילען. דער דאקטאר האט פֿעסטגעשטעלט, אז דאס איז געווען א הארץ-אטאק. היינט אינדערפֿריה האט מען זי א טויטע געפֿינען ליגען אין דער קאמער.

ארונטערגענומען מיט אימה און ענטטוישונג איז ווענק אריין אין דער קאמער. זי איז געווען לעער. דאס געלעגער איז נאך געווען צובעט. קאראזא'ס קליידער זענען געלעגען אויפ'ן טישעל. ווענק האט זיך ארומגעקוקט און שוין געוואלט ארויסגעהן. אבער פלוצלינג האט איהם א לויכט געטון אויפ'ן געזימס פֿון פֿענסטער. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער און דא האט ער דערזעהען א קליין רונדיג העלזעל פֿון א פֿלעשעל, וואס האט ארויסגעגעבען פֿון זיך א שארפֿען ריח. ער איז ארויף אויף דער שטוהל. פֿון אויסענווייניג פֿון פֿענסטער, אויף דער צינק-בלעך, האט ער געפֿינען נאך א שטיקעל גלאז. ער איז אראפ אויפ'ן הויף און באלד האט ער דארט געפֿינען די איבריגע שטיקלעך גלאז פֿונ'ם פֿלעשעלע. ווייזט אויס, אז

נעם האָט זיך צוהאַקט. אָנשטאָיסענדיק זיך אין די אייזערנע קראַטעס. אויפ'ן באָרדע פון בלעשעלע האָבען זיך געפינען סימנים פון כח.

ער איז צו פוס אהיים צו זיך.

— א נייער קרבן! — האָט ער צו זיך אויפגעהערט געשעפ־טשעט. שפּילענדיג זיך מיט דעם דאָזיגען וואָרט האָט ער געמוזט צוגעבען:

— אַן'אמת'ער קרבן, ווייל זי האָט זיך אליין געאָפּפערט. דאָס האָט ער דיימליך פערשטאַנען.

— די דאָזיגע גאַסען־פרוי איז געשטאָרבען אויפ'ן מזבח פון איהר ליבע. זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. זי האָט מיך בלויז געוואָלט פיהרען פאַר דער נאָז, כדי יענעם צו וואָרע־נען — האָט ער געפרובט טרעפען און ער האָט דערביי צו־געגעבען: — איך האָב נישט קיין מזל ביי פרויען

ער איז געוועזען געריהרט ביז צו דער טיפעניש פון זיין נשמה.

— פאַרוואָס — האָט ער זיך געשטעלט א פראַגע — געפינען זיך די דאָזיגע שטאַרקע נשמות שטענדיג אויף אייזער, אויף דעם בייזען צד?

און ווען מען האָט צומאָרגענס באַגראָבען די קאַראַזאַ, איז ער געוועזען דער איינציגער, וואָס איז געגאַנגען אויף דער לויה אַזש ביז צום קבר. און מיט שווערקייט האָט ער זיך דערמונטערט טאָג צוריקגענומען צו דער אַרבייט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער אָבער פאַרדאָס געווען פערטיג אין זיין אַרבייט. ער האָט געקלערט איבער א פּלאַן צו אַרעסטירען דעם דאָקטאָר מאַרקוזע אין זיין אייגענע הויז. די ערשטע זאַך, וואָס מען האָט געדאַרפט פעסטשטעלען, איז געווען צו פערזיכערן זיך, ווען מען יענעם טרעפען אין הויז. ווייטער האָט מען געדאַרפט פערשפּרייטען א קאָנטראָל איבער ביידע הייזער, זיין גלייכצייטיג מעטיג אין שאַכען און אויף יעדער קסעניא־גאַס, כדי די פערפאָלגטע זאָלען נישט האָבען קיין צייט צו בעמערקען איינער דעם אַנדערען.

עס איז געווען אַ פֿינסטערע נאַכט. ווענק האָט זיך אונ־
בעמערקט אַריינגעגליטשט אין גאָרטען פֿון דער ווילע, וואָס
דאָס זיך געפֿינען אין שכנות מיט מאַרקוזע'ס הויז, באַלד ווי
עס איז נור טונקעל געוואָרען. ער האָט מיט זיך געהאַט אַ
לאַנגעל מיט שוואַרץ מעהל. ער האָט זיך דורך דער דראָהט־
פֿערצוימונג זיך אומגעקעהרט אין שכנות'דיגען גאָרטען,
דערנאָך איז ער אַריין געגענאַיבער, אין הויז נומער 26.

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט עמיצער פֿערלאָזט מאַר־
קוזע'ס הויז. ווענק האָט אין דער פֿינסטערניש נישט דער־
קענט דעם מענש.

אין אנדערטהאַלבען שעה שפּעטער האָבען זיך געלאָזט
הערען טריט אויף דער גאַס, ביי זיין פֿענסטער. ווענק האָט
דערזעהען אַ פּערשוין אָנגעטהון ווי אַ זעלנער. דער פּערשוין
איז גלייך אַריין אין מאַרקוזע'ס הויז.

ווענק איז ווידער אַרוים, זיך אַרומגעשטופּט צווישען
די בּושאַקעס, וואָס זענען געווען אין שכנות מיט מאַרקיזע'ס
ווילע. נאָך אַ געווענג־לאַנגער צייט האָט ער דערהערט, ווי די
טיר האָט זיך ווידער געעפֿענט. אין שטערן־ליכט האָט ער
דערקענט, אַז פֿון הויז איז אַרוים אַנ'אַלטע, דיקע פֿרוי. זי
איז אַרוים אויף דער גאַס. כמעט אין דער זעלבער מינוט האָט
דער מאָטאָר פֿון אַנ'אויטאָ אַ רויש געטהון. די דאַמע האָט זיך
שנעל אַריינגעזעצט און דער אויטאָ האָט זיך פֿלינק אַוועקגע־
גליטשט.

ווענק איז ווידער אַריבערגעקלעטערט דעם פּלויט, וואָס
האָט איהם אָפּגעטיילט פֿון מאַרקוזע'ס גאָרטען, איז, קריכענ־
דיג אויפ'ן גראָז, צוגעקומען צו דער אַלעע, וואו ער האָט גע־
האַט צושיט דאָס שוואַרצע מעהל, און האָט די ערד בעלויכ־
טען מיט אַנ'עלעקטריש טאַשען־לעמפּעל. דאָ האָט ער זיך
איבערצייגט, אַז דער אָפּדרוק פֿון די פֿיס פֿון אַלע דריי פּער־
זאָנען, וואָס ער האָט געזעהען אַריין און אַרויסגעהן פֿון מאַר־
קוזע'ס ווילע, איז פֿון דער זעלבער מאָס.

הייסט עס, אַז דער אונבעקאַנטער, וועלכער איז אַריין

דער ערשטער, און דער זעלנער און די אַלטע דאַמע זענען
אײן מענש. און נעכטן און עהערנעכטן — האָט װענק גע-
טראַכט — זענען דער אַלטער און דער מענש מיט'ן פּאַקעט
אויך געװען אײן און די זעלבע פּערזאָן. אָט די אַלע לײט זענען
געװען בלױז — דער דאָקטאָר מאַרקוזע!

צוליב פאָרזיכטיגקײט האָט װענק אַװעקגעבלאָזן די
צײכענס פוּנ'ם מעהל, װאָס האָבען געקאָנט אויסזאָגען, אַז
מען פאָרשט נאָך.

די הײנטיגע נאַכט דאַרפט ברענגען ענטשײדונג! אַפּ-
טײלונגען פּאָליציי האָבען געװאַרט נישט װײט פון דער װילע.
זײ זענען געװען בעװאָפענט און גרײט געװען אַרויסצומאַרשי-
רען צו יעדער סעקונדע. װען װענק װאָלט געהאַט די זיכער-
קײט, אַז מאַרקוזע געפינט זיך אין הויז, װאָלט ער פון אָרט,
װאו ער געפינט זיך, געקאָנט געבען אַ טעלעפאָנישען בע-
פעהל און נאָך דרײ מינוט װאָלטען די פּאָליציאַנטען געקו-
מען אויפ'ן אָרט. דאָס אויפרײסען די טיר װאָלט נאָך גע-
דויערט אַ האַלבע מינוט. זעקס מענשען װאָלטען געקאָנט
װאַרטען אויף דער גאַס און אַרומרינגלען דאָס הויז אין עט-
ליכע סעקונדען. אַנדערע זעקס װאָלטען אַרײן אין הויז און
װען מאַרקוזע װאָלט זיך שוין געפינען אין זײערע הענד,
װאָלט ער דורך דעם טעלעפאָן געגעבען אַ בעפעהל סײן שאַכן.

װענק האָט זיך אויפסנײ אומגעקעהרט אין גאָרטען פון
שכן. ער האָט זיך געלעגט אויף דער ערד און געװאַרט. די
ערד האָט עגקיהלט זײן הײסען, ערװאַרטענדיגען קערפּער.
איצט אַ שעה, צװײ שעה, אָדער גאָר אַ מינוט פאַר דעם, װי
זײן װערק װעט געקרוינט װערען מיט דעם לאַנג-געגאַרטען
ערפאָלג, האָט אין זײן האַרצען געשפּילט אַ מוזיק, אַ מוזיק
פון פרײד און האָפנונג. ער האָט נישט געקאָנט אײנרוהען.
האָט בעװאויגען אַהין און צוריק דעם קאָפּ און זײן בלוט האָט
געגליהט אין די אָדערען. טרעהרען האָבען פערפולט די אויי-
גען, די פינגער האָבען זיך אײנגעגראָבען אין דער ערד, אויף
װעלכער ער איז געלעגען אויסגעצויגען.

ער האָט געקלעק־ט דאָ צו ליגען און וואַרטען ביז עס וועט נישט אומקעהרען זיך מאַרקוזע. זאָל ער זיין פֿערקלייערט, ווי ער וויל. ער וועט זיך שוין איצט נישט לאָזען אַראָפּפֿיהרען פֿון וועג. ער האָט שוין געקענט יענעם'ס בּימרע גענג. זאָל ער נאָר קומען אין הויז... ער וועט דאָרט אַריינפֿאַלען אין אַ פּוּ־לאַפּקע. ווענק וועט אַ־בּערשפּרינגען נעגענאיבער אין הויז נומער 26 און וואַרפֿען דעם בעפֿעהל אין טעלעפֿאָן אַריין.

אַבּער איידער דער ערוואַרטעטער מאָמענט איז אָנגעקוּמען — צו איהם איז נאָר נעווען אַזוי וויים — איז ווענק'ן אויסגעקומען צו זעהען אַזוינס, וואָס האָט ביי איהם כמעט אָפּגעשטעלט דאָס קלאַפּען פֿון דופּק און פֿון זיין מויל האָט זיך שיער נישט אַרויסגעריסען אַ געשריי, וואָס האָט אַלץ געקאַנט קאַליע מאַכען. עס איז אָנגעקומען צו פֿאַהרען אַן אויטאָ און זיך אָפּגעשטעלט לעבען דער פֿורטקע פֿון גאָרטען, פּיינפֿענדיג כסדר. קיינער איז נישט אויסגעשטיגען פֿון איהם. ביין ! אָבער פּלוצלינג ווי נאָך אַ סיגנאַל האָט זיך די טיר פֿון דאָקטאָר מאַרקוזע'ס הויז געעפֿענט, עמיצער איז אַראָפּ פֿון די טרעפּען און ווען דאָס געשטאַלט איז אַריינגענומען געוואָרען אין'ם ליכט פֿון די רעפֿלעקטאָרען, האָט ווענק דערקענט, אַז דאָס איז געוועזען די גרעפֿין האַאַזע !

ווען ער וואָלט איצט נישט איינגעהאַלטען זיך מיט אַן איבערמענשליכען כח, וואָלט צוגעדריקט דאָס מויל צו אַ „פֿרויען־רויבער ! מערדער פֿון מענשען !"

און די גאַנצע וועלט האָט אין ווענק'ס בלוט געשריגען: אָנגעקומען.

דער אויטאָ איז אַוועק אויפֿ'ן וועג, מיט וועלכען ער איז וואָלט זיכער געהערט.

בערגעל זאמד, וואָלט ער אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, וואָס מען דאָ האָט, היינט עס, געשטשעקט דער סוד פֿון גראַף האַאַזע'ס טויט !

— שטן און היענע ! — האָט עפּיס געשריגען אין ווענק'ס נשמה.

און מיט איינמאָל האָט ער דערפֿיהלט, אַז די נאַכט א.ז.

אַ גײַװיג קאַלטע. ער האָט אײנגאַנצען געציטערט. האָט ער איז ־ער לעצטער מינוט געפּאַקט אַ פֿיבער?

ער האָט זיך בעהערשט. אין דער שטילקײט פֿון דער נאַכט האָט ער פֿערנומען, װי זײַן בלוט רױשט, װי אַ פֿאָנטאַן, אונטער װעלכען דאָס װאַסער שטראָמט אומרוהיג — אַזױ דײַטליך האָט ער געהערט שלאָגען זײַן האַרץ!

דאָס איז נאָרנישט! — האָט ער געטראַכט — און מיט דער גאַנצער ענערגיע איז ער װײַטער געשטאַנען אױף דער װאַך. ער האָט זיך אײַנגעהערט אין דער שרעקליכער שטיל־קײַט און געװאַרט אױף דעם, װאָס דאַרפֿט געשעהען.

עס האָט געשלאָגען צװעלף. עס האָט זיך איהם געדאַכט, װי אַ גאַנצע שטאָט װאָלט מיט אַלע איהרע גלעקער אױס־געקלונגען צװעלף. עס האָט זיך איהם געדאַכט, װי די קלאַנ־גען פֿון די גלעקער װעלען זיך אַרײַנרײַסען אין הױז, װאו עס באָרט זיך אין לוקסוס די מענש־חיה, און יעדע כװאַליע קלאַנ־גען װעט זיך פֿערװאַנדלען אין אַ זיך־װיגענדיגען מעסער, װאָס װעט צושנײַדען זײַן קערפּער.

העניק האָט תיכּף אַרױסגערופֿען פֿון ליװרױ דעם קאָ־מיסאַר, װאָס האָט געהאַלטען װאַך בײַ דער אַספֿאַלט־מאַשינ. דער קאָמיסאַר איז געקומען מיט׳ן שנעל־צוג עלף בײַנאַכט.

— קאָמיסאַר! די זאַך איז גרײט! איהר מוזט זײַן פֿאָר־געברײט יעדע מינוט צו געבען דעם ענדגילטיגען קלאַפּ. איך לאָז אײַך איבער אױסצוקלױבען אַ פּלאַן. איהר האָט געהאַט גענוג צײַט אױסצופֿאָרשען די געאָגראַפֿישע בעדינגונגען און אַנדערע אומשטענדען. איצט, װען איך װעל געבען דעם בעֿ־פֿהל צו אַרעסטירען, מוזט איהר לאָזען אין בעװעגונג אַלץ װאָס איהר האָט אונטער דער האַנד — איהר מוזט נעמען יענע טױטע אָדער לעבעדיגע! אױף דער אָזיערע װעט איהר זיגען צו אײַער דינסט נאָך אַ דאַמפֿער. אױפֿ׳ן לאַנד װאָלט איהר פֿערטאָפּלען די מענשליכע כּחות בײַ דער בעלאַגערונג. די אַספֿאַלט־מאַשינ קאָנט איהר װײַטער אױסנוצען. אין שאַ־כען הױבט זיך אָן דער פֿריהלינגס־סעזאָן. איהר קאָנט ־אָרט

האָבּעֶן פֿוּן זעֶקס בּיז אַכט מעֶנשעֶן אַלס סוּר־נעֶסט.

צוּמאָרגעֶנס זיבּעֶן אוּנגעֶרפֿריה האָט זיך דעֶר קאָמיסאַר צוּריקגעקעֶהרט אוֹיף זײַן אָרט.

שוֹין עֶלף פֿאַר־מיטאָג איז דעֶר אַלטעֶר ווינטעֶר געֶקוּמעֶן מיט אַ קאָנטראַקט. אַז עֶר האָט געֶדוּנגעֶן דיא ווילע אוֹיף דעֶר סכעניאַ־גאַס 26.

— עֶס וואוֹינט דאָרט אַ יוּנג פּאָרעל. מײַן פֿאָרשלאַג האָבּעֶן זיי אַנגעֶנוּמעֶן מיט צוּפֿרידעֶנהײַט. די יוּנגעֶ מענשען האָבּעֶן בּדעה געֶהאַט אַרוֹיסצוּציהעֶן זיך, כּדי צוּ בּאַזוּכעֶן די עלטערן, וועלכעֶ וואוֹינעֶן אין דעֶר שווייץ, אוּן בּלוֹיז דעֶר מאַנ־געֶל אין געֶלד האָט זיי דאָס געֶשטעֶרט צוּ טוּן. איך האָבּ זיי צוּגעֶזאָגט 5000 אַ חודש. זיי האָבּעֶן תּיכּף מסכּים געוועֶן.

— אוֹיסגעצייכעֶנט ! — האָט וועֶנק געֶזאָגט, — איהר בּרענגט נוּצעֶן דעֶר מלוּכה אין קאַמף וועגעֶן אוּנשעֶדליך מאַ־כעֶן אַ געפֿעֶהרליכעֶן פֿעֶרבּרעכעֶר.

* * *

אַ זייגעֶר זעקס דעֶמוּזעלבּעֶן טאָג איז אַ וועֶליסאָפּעדיסט אין אַ גרינעֶם אַנצוּג אַרײַנגעפֿאָהרעֶן אין דעֶר ליידיגעֶר ווילעֶ. דאָס איז געוועֶן וועֶנק.

עֶר האָט אַוועֶקגעשטעֶלט דעֶם ראָווער בּײַם פּלוֹיט פֿוּן גאָרטעֶן אוּן זיך תּיכּף אוֹיסגעֶזוּכט אַ געהעֶריג פֿענסטעֶר אין אײַנעֶם פֿוּן די צימערעֶן פֿוּן דעֶר ווילע. ער איז געֶוועֶן אַלײן אין הויז. ער האָט זיך בּעהאַלטעֶן אוּנטעֶר די זשאַלוּזיעֶס אוּן דוּרך די שפּאַרעֶס אַרוֹיסגעֶקוּקט אוֹיף דעֶר גאַס.

דאָס ערשטעֶ, וואָס ער האָט דעֶרזעהעֶן, בּעת עֶר איז אַזוֹי געֶשטאַנעֶן אוֹיפֿ'ן אָרט בּערך אַ פֿירטעֶל שעה, איז געוועֶן, אַז מעֶן האָט צוּגעֶ'גנב'עֶט זײַן ראָווער. דעֶר גנב האָט זיך אוֹיפֿ־געֶזעֶצט אוֹיף איהם אוּן אַוועֶקגעֶפֿאָהרעֶן. ער האָט נאָך קיינ־מאָל ניט געהאַט געזעהעֶן קיין פֿעֶרבּרעכעֶר אוֹיספֿיהרעֶן דאָס שטיקעֶל אַרבּײַט. ער איז געוועֶן צוּפֿרידעֶן, וואָס עֶר זעהט עס כאָטש איינמאָל אוּן זײַן ערפֿאַהרוּנג אַלס אָרדנוּנגס־היטעֶר ווערט בּערײַכעֶרט מיט נאָך אַ וויכטיגעֶר זאַך. ער איז

דיזע אַרייַן איז אַ גוטער שטימונג. איז האָט עס אָנגענומען אַלס גימען אַנזאָג אויף שפּעטער. דער פּראָקוראָר האָט זיך צולאַכט, ווי קאָמיש דער גנב האָט זיך געאײַלט צו ענטלויפען מיט'ן ראַווער; ער האָט זיך אומגעקוקט איז אַלע זייטען מיט דערשראָקענע אויגען און מיט די פּיס בעוועגט די קאָרבען פון די רעדער.

צוויי לאַנגע שעה האָט וועגק אָבסערווירט פון איין אָרט די טירען, די גאָרטען-פּורטקע און דעם דאַך פון דאָקטאָר מאַרקוזע'ס וואוינונג. קיינער איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט, קיינער איז נישט אַריין. וועגק איז געזעסען אַזש ביז אין מיטען דער נאַכט. עס איז אַלץ גאָרנישט געשעהען! ער איז איינגעשלאָפען ביים פענסטער, האָט זיך אויפגעוועקט און ווידער געקוקט. ער איז ווידער איינגעדרימעלט און אויפגעוועקט זיך מיט צובראָכענע ביינער. עס איז שוין געווען טאָג. די נאַכט איז פאַרביי.

זיין לאָקאַי, אָנגעטאן אין די קליידער פון אַ טוריסט האָט איהם לויט אַנ'אָפּרעדונג, געבראַכט פרישטיק.

דער טאָג איז געווען לאַנג ווי אַ יאָהר. וועגק האָט צוגעצויגען צום פענסטער דעם טעלעפאָן-אַפּאַראַט און געווארט מיט בעקאַנטע און מיט די פּאָליציי-אַמטען.

ענדליך איז אָוועגד אַ זייגער זעקס האָט זיך געגעגנאָן בער אָפּגעשטעלט אַנ'אויטאָ. ער האָט זיך קוים בעוויזען אָפּצושטעלען, ווי ער איז גלייך אַוועקגעפאָהרען. עפּיס אַ פּער שוין איז אויסגעשטיגען פון אויטאָ און זיך געלאָזט צו דער טיר פון הויז. איז עס געווען מאַרקוזע? ניין! — דאָס איז דאָך אַ מענש, וואָס שלעפּט קוים די פּיס און די זקנה האָט שוין אויסגעשפּרייט איהרע אַלע סימנים און זיינע בעוועגונגען. דאָס איז זיכער עפּיס אַ פּאַציענט, וואָס איז געקומען זיך קורירען.

עס איז שוין געווען גוט טונקעל, ווי עפּיס אַ פּאַצייענט מיט אַ פּאַקעט אונטער'ן אָרעם האָט אָנגעקלונגען בייַ דער טיר פון הויז. די טיר האָט זיך געעפענט זעהר גיך. דאָס

אין דעם פראקוראר געווארען אויפפאלענד. עס איז פארביי א האלבע שעה, ביז דע שליח איז ארוים.

אזעלכע מינים וויזיטען האבען זיך אויך צומארגענס איבערגע׳חזר׳ט.

אויפ׳ן דריטען טאג האט מען ווענק׳ן אויפגעוועקט זעהר פריה. אומסגעריכט האט איהם דורכ׳ן טעלעפאן גערופען דער לאקאי. ער האט מודיע געווען, אז די קרימינאל-פאליציי האט פאר איהם זעהר א וויכטיג נייעס. די פערגאנגענע נאכט איז געשעהען עפיס א פארפאל אין א שפיל-הויז. וויל דער הער פראקוראר נישט אויסהערען א בעריכט פון דעם געהיים-אגענט שעהנגארטען?

יא. ער וויל. זאל תיכף עמיצער קומען צו איהם אנגעטהון אין די קליידער פון א הויזירער, אדער פון אנ׳ארבייטער.

אין א האלבע שעה שפעטער איז געקומען צו ווענק׳ן א געהיים-אגענט פערקליידעט אלס ארבייטער ביי די טעלעפא-נען. ער האט מיטגעטיילט אינטערעסאנטע זאכען:

נעכטען איז אין קאמיסאריאט געקומען א געוויסער יונג-גערמאן און איבערגעבען, אז ער האט געשפילט אין באקא-ראט מיט אונבעקאנטע מענשען אין שמידט׳ס לאקאל. עפיס אנ׳עלטערער, איינגעהויקערטער פרעמדער הער האט זיך צו-געזעצט צו זיי און כסדר פערשפילט. ווען דער זייגער האט געשלאגען דריי, האט דער אלטער בעקומען אנ׳אטאקע פון צארן און אנגעהויבען הויך צו שרייען. און באלד זענען דריי מענשען ארויפגעשפרונגען אויפ׳ן טיש, האבען ארויסגעצויגען רעוואלווערען און אויסגערופען: „די הענד אין דער הויך!“ דער פירטער איז געגאנגען פון איינעם צום אנדערען און צו-גענומען פון טיש און פון די קעשענעס זייער געלד און ווערט-פולע זאכען. דעם, וואס האט דערצעהלט, האט מען אויף אזא איפן צוגענומען 120.000 מארק. די אנפאלער האבען דעם עלטערען-עלטערען הער געלאזט צורוה. נאך מערקווירדיגער — ער איז צוזאמען מיט זיי אוועקגעגאנגען און תיכף איז ער גע-זונדער געווארען. ער האט זיך אויסגעגלייכט און אוועק מיט

זיי מיט אַ פֿעסטן טריט. צוויי אַנפֿאַלער זענען געגאַנגען איהם פֿאָראויס און די אַנדערע צוויי — הינטער איהם, באַ־גלייט מיט רעוואָלווערן. אויף דער גאַס האָבן אויף די פֿערברעכער געוואַרט צוויי אויטאָס.

די דאָזיגע נאַכט האָט געמאַכט וועגס'ן געוועזן פֿון אויפֿרעגונג.

דער דאָזיגער פֿאָרפֿאַל האָט נישט קאַליע געמאַכט זיינע פּלענער. אדרבא, מאַרקוזע'ס חוצפּה האָט געוויזן, אַז ער פֿיהלט זיך זיכער. אָבער וועגק האָט זיך איצט פֿאָרגעשטעלט הינטער די פֿאָרהענגלעך פֿון אַ פֿרעמדן הויז, ווי אַ שלאָפֿענ־דיגע פֿלעדער־מויז, בעת דער פֿערברעכער איז מיט פֿעסטע טריט געגאַנגען איבער דער שטאָט אַזוי דרייסט, ווי ער וואָלט פֿאַר קיינעם נישט קיין מורא געהאַט.

ער האָט געהאַט רעכט דערצו. האָט עס דען געקאָנט זיין אַנדערש, אויב ער, דער פּראָקוראָר, וואָס האָט בעקומען אַן אויפֿטראַג צו כאַפּן איהם, האָט זיך דאָ צוגעקלעבט צו די פֿענסטער ? !

איצט האָט וועגק בעשלאָסן צו פֿערלאָזן זיין פּאָסטן ביי טאָג און געפּלאַנעוועט ערשט צוריקצוקומען אין אָוונט. ער האָט געגעבן אַ בעפֿעהל אויסצולעשן די לאַמטערן פֿאַר מאַרקוזע'ס הויז. מען האָט עס געמאַכט, מען זאָל עס נישט דערקענען. אַ פֿערשטעלטער געהיים־אַגענט האָט אַריינגעוואָר־פֿן אַ שטיין אין דער לאַמטער און צובראָכן אינעווייניג די שאָטקע.

דער פּלאַן האָט געדאַרפֿט אויסגעאַרבייט ווערן ביז צו די קלענסטע פּרטים. דערנאָך האָט מען געדאַרפֿט אָנהויבן דעם אַטאַק, וואָס האָט נישט געדאַרפֿט דויערן לענגער, ווי דריי מינוטן, ווייל דער רמענש, וואָס האָט אַזוי דרייסט בע־וויזן אויסצושפּרייטן די נעץ פֿון זיינע פֿערברעכענס ביז אין דעם צענטער פֿון דער שטאָט, ביז אין דער טורמע אַריין, האָט אָהן צווייפֿעל געמוזט האָבן פֿערזיכערונגס־מיטלען און זיין הויז געגען אַן אונגעריכטען איבערפֿאַל. וועגק האָט דאָס

אויסגעצווייפלטע פערשטאנען.

א לענגערע צייט איז אוועק אויף פארבערייטונגען.

קודם כל האט ווענק געוואלט אוועקשטעלען א פאלי-ציאנט אויף דער וואך אין איינער פון די ווילעס, וואס האבען זיך געפינען גענגענאיבער. עס האט זיך געמאכט א געלעגענ-הייט אויסצונוצען א טובה פון אלטען ווינטער. נישט געקוקט אויף דער שפעטער שעה, איז ער גלייך געפאהרען צו איהם.

— וואלט איהר מיר נישט געוואלט טון א גרויסע טובה?

— האט ער געפרעגט. יא? — אויב אזוי הייסט עמיצען פון אייערע פערטרויאונגס-מענער מארגען דינגען אויף דער קסע-ניא-גאס נומער 26 אדער 28 — איין שטאק, אדער, מעגליך, א גאנצע ווילע. יא, א גאנצע ווילע. דינגט אזוי, אז איבער-מארגען זאל מען זיך קאנען אריינציהען. די קאסטען שפילען נישט קיין ראליע. דאס דאזיגע הויז איז מיר נויטיג אויף צוויי דריי וואכען. הייגט איז פונקט די צייט פון פריהלינגס-אויס-לויבען.

דער אלטער ווינטער האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט.

דער מיטע-נאכט-גלאק האט אויפגעהערט קלינגען שפעטער טריט האבען אפגעהילכט... איז עס נאהנט, אדער ווייט? ווענק האט עס נישט געקענט אונטערשיידען. פון דער שטילקייט און פון דער אנגעשטרענגטער ערווארטונג האט איהם גערוישט אין די אויערן, ווי אין פיבער.

מיט איינמאל האט די פורטקע פון גארטען א סקריפ געטון. אינ'ם ליכט פון שטערנדיגען הימעל האט זיך דייט-ליך געזעהן א ברייטער גארס פון א העמד... עפעס האט זיך געוויסט.... א ברייטפלייציגער מאן איז מיט שנעלע טריט צו צו דער טיר פון מארקוזעס הויז...

אין איין אויגענבליק, נאכדעם, ווי דאס געשטאלט איז פערשוואונדען אין דער אפענער טיר, האט ווענק, טראץ דער פינסטערניש, דערקענט, אז דאס איז געווען דאקטאר מאקוזע!

יאָ, די נעץ האָט געפאַנגען!

ווענק האָט נאָך געוואַרט. דריי־פיר מינוט. וועט אין די דאָזיגע דריי מינוט די שטאָט נישט איינפאַלען? וועט ־עד פרוק נישט אַראָפּשפּרינגען פון דער גאַס? וואָס דער הימל ווערט צעשפּאָלטען ווערען, ווי אין טאָג פון משפט?

ער האָט אַרויסגעבויגען דעם קאָפּ, כדי איינצוהאַלטען דעם שטורם פון זיינע זיך פונאַנדערלויפענדיגע פאַנטאַסטי־שע געדאַנקען. ער האָט זיך איצט געפיהלט קרעפטיג, ווי שטאָהל. ער האָט זיך אַריבערגעקריגען איבער דער פורמ־קע פון גאָרטען און תיכף זיך געפונען לעבען הויז נומער 26.

ער איז געלאָפען ווי אַ ווינט דורך די פינסטערע צי־מערן, איז צוגעפאַלען אָהן אָטעם צום טעלעפאָן־אַפּאַראַט. און געשיקט בעפעהלען די פּאָליציאַנטען. ער האָט בלויז גע־דאַרפט מיטטיילען דעם נומער און דעם נאָמען פון דער גאַס, וואָס ער האָט צוליב זיכערקייט געהאַלטען ביז איצט בסוד. ווייטער האָבען זיי שוין געוואוסט, וואָס זיי דאַרפען טון.

באַלד, ווי דער בעפעהל וועט געגעבען ווערען, האָט איין אויטאָ מיט אַ שאָפער געדאַרפט אַוועק צו דער צווייטער גרופע פּאָליציאַנטען. באַלד הינטער זיי האָט געדאַרפט מיט־קומען די ערשטע גרופע פּאָליציאַנטען. די פּאָליציאַנטען האָבען געדאַרפט, הערענדיג דעם אַלאַרם פון דעם אויטאָ, תיכף אַריינשפּרינגען אינ'ם אויטאָ באַלד, ווי ער וועט אָנ־קומען. אַזוי האָבען די צוויי אָפּטיילונגען, שנעל פעראייני־ניגט צווישען זיך, געדאַרפט אָנקומען צו דער ווילע.

אַזוי איז געווען אָפּגערעדט.

נאָכ'ן טעלעפאָנירען איז ווענק אַרויס אויף דער גאַס. ער האָט זיך בעהאַלטען אין דער טונקעלער טיר פון הויז און געוואַרט, ביז ער וועט הערען רוישען די אויטאָמאָבילען מיט די אָנקומענדיגע פּאָליציאַנטען. — ביז איך נישט אַמאָל גע־חאָ־ען צוזורדערט, וואַרטענדיג? — האָט ווענק זיך אַליין נעפרעגט — דאָס מאָר נישט געשעהן!

ער האָט פֿערביסען די ליפּען, פֿערקריצענדיג די ציין, האָט אָנגעשטרענגט אַלע מוסקולען. ער מוז זיין קאַלט און שטרענג! ער מוז זיין האַרט, ווי שטאָל! ווי שטאָל!
ער האָט נישט געדאַרפֿט לאַנג וואַרטען.
די אָנגעקומענע פּאָליציאַנטען האָבען אַרומגערינגעלט דאָס הויז. ווענק איז אין דער שפּיץ פֿון אַ גרופּע געשטאַנען בײַ דער טיר און אַ דריק געטון דאָס גלעקעל.
מען האָט געהאַלטען אַ באַמבע אויפֿצורייסען די טיר.
מאַרקוזע האָט זיך נאָך נישט געהאַט געלענט. דער טו־מעל, וואָס האָט פּלוצלינג זיך אָנגעהויבען אויף דער גאַס, האָט איהם געטריבען אַרײַנצוגעהן אין דער נישע (אַ פֿער־טיפֿונג), וואָס האָט זיך געפֿינען אין אײַנעם פֿון די פֿער־מאַכטע פֿענסטער איבער דער טיר און האָט געהאַט אַן'עפֿ־נונג צו דער גאַס. ער האָט זיך גוט אָריענטירט:
פּאָליציי!
ער איז נישט איבערראַשט געוואָרען. ער האָט בלויז צו־זאַמענגענומען די כחות. פֿון אַלע מוסקולען און בלוט־גע־פֿעסען אין זיין קערפּער האָט ער געצויגען קראַפֿט, וואָס האָט אין איהם זיך געפֿינען, אין זמוח אַרײַן. ער האָט געגלוי אַן קאַלט איבערגערעכענט די לאַגע. אין איין סעקונדע האָט ער איבערגעצעהלט די צאָהל פּאָליציאַנטען, וואָס געפֿינען זיך אין דרויסען. ר האָט זיך נישט מוּעה געווען צעהלענדיג.
האַלטענדיג אַלע די אויגען געווענדעט צום פֿערמאַס־סירטען פֿענסטער, כדי זיי נישט אַראָפּצולאָזען פֿון אויג. דיי פּאָליציי־לייט, וואָס מען האָט דײַטליך און קלאָר געקענט זעהן אין ליכט פֿון די רעפֿלעקטאָרען, מיט וועלכע זיין הויז איז געווען אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זייטען, איז ער מיט אַ שפּרונג אַרײַן אין דער שאַנק. אין וועלכער ער האָט געקענט, קוקענדיג כסדר אויף דער גאַס, אַרויסנעמען אַ פּאָליציי־אוניפֿאָרם.
ער האָט געהאַט הענגען אויף דער וואַנט אַ טעלעפֿאָן. דאָס איז געווען אַ טעלעפֿאָן, וואָס ער האָט מיט זיינע מענ־

שען, אַרבײַטענדיג עמליכ ענעלט, פֿערלײַנט אונטר דער
ערד פֿון זײַן ווילע. ערהאָטאַ דריק געטון מיט דעם אָפּגע-
שמועסטען אַלאַרמירונגס-צײַכען.

— שפּערי?

— יאָ, שפּערי.

— די פּאָליציי וויל אַרײַן צו מיר. אַנטלויף לויט דעם
אָפּגע־ערטען פּראָגראַם. נעם מיט די גראַפֿין! גרייט צו
פֿאַ־ מיר אַן׳אַנדערן אויטאָ. די מויבען שיק אַוועק קיין
שאַרען

רעדענדיג, האָט ער זיך אָנגעטון און געאײַל דעם פּאָ-
ליציי-מונדיר.

פּלוצלינג האָט זיך אונגאַנצען הויז דערהערט דער סקאַל
פֿון אַן׳אויפֿרײַס, וואָס האָט אויגעעפֿענט די פֿערמאַכטע
טיר. עפּעס אַ שטוהל איז געפֿלויגען אין דער לופֿטען לעבען
מאַרקוזע׳ס קאָפּ....

אָבער ער האָט זיך שוין געפֿונען אין קאָרידאָר.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער שוין געווען אויפֿ׳ן ערשטען
שטאָק, וואָס איז אָפּגעטיילט געווען פֿון איבעריגען הויז מיט
טרעפּען, וועלכע האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט אונטען, אין
קאָרידאָר.

הינטער׳ ערשטען פּאָליציאַנט, וואָס איז אַרײַן, טרע-
טענדיג אויף די צעשמעטערטע עשטיקער טיר, איז געלאָפֿען
וועגק מיט אַ רעוואָלווער אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט...

דער לוקסוס פֿון דער וואוינונג האָט געריסען די אוי-
גען. די פּאָדלאָגע איז געווען געבויט פֿון טײַערען אַזיאַטישען
געהילץ מיט אַן׳אויסערגעוועהנליכער פֿערשווענדערישקײַט
און בעצירט מי טפֿיל פּערסישע טעפּיכען. אפֿילו אין איצטי-
גען מאָמענט איז עס געווען אויפֿפֿאַלענד וועגק׳ן.

מיט אַ שטומען צײַכען האָט ער געצויגען די מענשען,
וואָס זענען געגאַנגען אונטער איהם, אויף די טרעפּען, וועל-
כע האָבען געפֿיהרט אין דער הויך אַרויף. ער אַלײן האָט מיט
שטליכע מענשען, וואָס ער האָט אויסגעקליבען, בעלאַגערט

די דרײַ טירען צום אונטערשטען זאַל. אַלע דרײַ טירען זײַ־
נען געווען פֿערשלאָסען. אין פֿערלויף פֿון אַ רגע האָט מען זײ
געעפֿענט מיט אַנ'עקספּלאָזיע. די פּאָליציאַנטען האָבען זיך
אין טומעל און גערודער אַרײַנגעקריגען דורך די אויפֿגערי־
סענע לעכער. זײ זענען אַרײַבער דעם ערשטען צימער. אײנער
איז צוגעלאָפֿען צו די לאָמפּען, די עלעקטרישע באַלײַכטונג
איז אָבער שוין געווען קאַליע. עס איז געווען פֿינסטער.

זעקס פּאָליציאַנטען זענען אין שטורם אַראָפּ אויף די
טרעפּען. זײ זענען אַרײַן אין אײן זאַל, פֿון וועלכע די טיר
איז געווען בעצירט אין פּרעכטיגע ראַהמען. מיט געזימסען
פֿון העלפֿאַנד־ביין. פֿון דעם זאַל זענען זײ אַרײַן אין אַ צווײ־
טען. אויך דאָ איז געווען פֿינסטער. זײ האָבע געצילט מיט
די רעוואָלווערען. מי טרי קאָלבעם האָבען זײ זיך אָנגעשטוי־
סען אָן זאַכען, וואָס האָבען אַרויסגעשטאַרט צו זײ אין דער
פֿינסטערניש. אין ערגיץ איז אָבער נישט געווען קײן ליכט.

עס האָט געדויערט אַ שטיקעל צײַט ביז מען האָט אָנ־
געצונדען אַ געגנוגענדע צאָהל קעשענע־לעמפּלעך. דאַן האָט
מען אין אײן אויגענבליק בעזעצט אַלע צימערן. די אַגענ־
טען האָבען פֿערשלאָסען הינטער זיך די צימערען, וואָס האָ־
בען געפֿיהרט אין קאָרידאָר. זײ האָבען אַרויסגענומען די
שליסלען. צעוישעטע ־ערפֿון, וואָס זײ האָבען אין ערגיץ
קײנעם נישט געטראָפֿען, האָבען זײ זיך גענומען צו די קאַס־
טענס, וואָס זענען געשטאַנען אין קאָרידאָר און אָנגעהויבען
זײ צוברעכען מיט העק.

מאַרקוזע האָט זיך צוגעהערט צום טומעל, וואָס האָט
פּלוצלינג אויפֿגעטרייסעלט זײַן שטענדיג שטיל הויז, ווי אין
אַ פֿאַבריקס־וואַרשטאַט.

אַמאָל, אײנאָרדנענדי זײַן הויז, האָט ער בעפֿוילען
בעט'ן בויען צו מאַכען צווישען די צווײ טירען, וואָס האָבען
געפֿיהרט צו די טרעפּען, אַנ'עפֿענונג אין דער וואַנד, וואָס קײן
עמענשליך אויג זאָל נישט קאָנען בעמערקען. דער מויערער,
וואָס האָט געהערט צו דער באַנדע, האָט הײמליך אויסגעפֿיהרט

די אַרבײַט.

דאָס פֿערבאָרגענע צימער, אַ מײַסטער־שטיק פֿון דער בוי־קונסט, איז געווען אָהן סימן פֿערשטעקט אין שכנות מיטן קאָרידאָר, וואו מען האָט געקאָנט פֿון דאָרט אַרויס. די טיר פֿון דעם בעהאַלטענעם קעמערל האָט זיך געפֿינען אַזוי פֿער־שלײַערט אין דער רײַך־בעציהרטער, מיט סקולפּטור־יזיעריק בעהאָנגענער וואַנד, אַז קײנער וואָלט ניט געקאָנט חושד זײַן, דאָ זאָל זיך געפֿינען עפּיס אַנ'אויסגאַנג.

אין דעם דאָזיגען קעמערל איז מאַרקוזע אַרײַנגעשפּרונ־גען, בעת ער האָט דערהערט דעם קנאַל פֿון דער אויפֿגעריסענער טיר פֿון הויז. דאָ האָט ער געהאַט אַ צווײטען אַפּאַ־ראַט, אויף וועלכען ער האָט געקאָנט רעדען מיט אַנ'אַנדער־ווילע. בעת פֿון די טרעפּען איז דערגאַנגען צו זײַנע אויערען דורך די האָלצערנע וואַנד דער טומעל פֿון די קולות און דאָס געטופּעשרײַ פֿון די אַרײַנלויפֿענדיגע פּיס, האָט ער שוין גע־האַט אָפּגעדריקט דאָס גלעקעל פֿון טעלעפֿאָן און צוגעלעגט צום אויער דעם הער־אַפּאַראַט.

פֿון דער אַנדערער ווילע האָט קײנער ניט געענטפֿערט.

מאַרקוזע האָט אַ שמײכעל געטון:

— הײסט עס, אַז שפּעט! האָט שוין אויסגעפֿיהרט דעם בעפֿעהל. ער איז אַרויס.

איצט איז געקומען אַ מאָמענט, ווען ער האָט געדאַרפֿט האַנדלען מוטיג און איבערגעלײגט. די בעפֿרײַאונג און דער טויט זענען בײדע געווען נאָהענט.

דאָס בעהאַלטענע קעמערל האָט געהאַט נאָך אַ טיר. די דאָזיגע טיר, וואָס איז אויך ניט מעגליך געווען צו דערקענען, האָט זיך געעפֿענט אונטען נעבען קאָרידאָר. צו דער דאָזיגער טיר האָט מאַרקוזע צוגעטולעט זײַן אויער.

מיט דער קראַפֿט פֿון זײַן מוטיגען גײַסט האָט ער אָפּ־געטויט אַלע זײַנע חושים און נערווען. ער איז געוואָרען אײַנ־גאַנצען אײַן אויער, וואָס הערט. און זײַן געהער האָט ווי אַ מיקראָפֿאָן אויפֿגענומען יעדעס פּיצעל גערויש, שטימען,

קלעפּ פֿון די העק, בעפֿעהלען, רופֿען, זידעל־ווערטער; אפּילו די שטילע, קוים דערהערבארע קלאַנגען פֿון די אויפּבליצענ־דיגע לעמפּלעך, אפּילו דאָס וויטע רוישען פֿון די מאַטאָרען פֿון די אויטאָמאָבילען, וועלכע האָבען געוואַרט אויפ'ן שאָ־סעע פֿאַר'ן גאַרטען, האָט ער דײַטליך פֿערנומען.

ער האָט געמוזט אויסנוצען איין סעקונדע, אַ שטיקעל פֿון אַ סעקונדע, ווען אויף די טרעפּען וועט מען נישט הערען רוישען קיין מאַטאָרען, מען וועט נישט הערען הילכען קיין שטימען, מ'וועט נישט הערען קיין שום געראָדער, קיין שאָר־כען, אפּילו נישט דעם אָטעם פֿון אַ מענש האָט ער נישט גע־דאַרפֿט הערען — דאַן האָט ער בעדאַרפֿט אַרויס אויף די טרעפּען, נישט געזעהען פֿון קיינעם.

די דאָזיגע סעקונדע האָט געמוזט קומען פֿריהער פֿאַר דעם, ווי אַלע צימערען וועלען רעוואָדירט ווערען און די בע־האַלטענע קעמערלעך וועלען ענטדעקט ווערען.

ווען ער וואָלט געקאָנט אַרויס אַזוי אונבעמערקט פֿון זײַן בעהעלטעניש, וואָלט אפּשר דאָס אַנטלויפֿען זיך אײַנגעגעבען.

עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זײַן געהער האָט אײַנ־געצויגען אין זיך די קראַפֿט פֿון די נערווען, פֿון בליק און ריח. זײַן ווילען האָט ווי אַ רויטע בלוטיגע סטענגע אַרומגע־וויקעלט זײַן קערפּער...

ער האָט אויפֿגעשטופּט די דינע טיר — איז אַרויסגע־שפּרונגען, האָט די טיר פֿערמאַכט... האָט געקוקט אין דער הויך און פֿון אונטען אויף די טרעפּען, כּדי זיך צו איבער־צייגען, צי זײַ געהער האָט איהם נישט גענאַרט. נײַן! ער האָט אויסגעקליבען אַ גוטען מאָמענט. קיינער האָט נישט גע־זעהען, ווי ער האָט זיך בעוויזען.

ער האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער דער פּאַרענטש. אונטען, אין קאָרידאָר, איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט.

מאַרקוזע האָט צו איהם אַ געשריי געטאָן:

— ער איז אין באָד־צימער... אין באָד־צימער...

און מיט אײַנמאָל האָט ער דערזעהען, ווי פֿון אונטער־

שמעון צימער זענען אַרויסגעלאָפֿן עטליכע פּאָליציאַנטן, אַרויספֿליפֿענדיג אויף די טרעפּן. זיי זענען אַדורך ליעבן איהם, לויפֿענדיג אַרויף און דער הויך...

אינ'ם לאַך פֿון דער אויפֿגעריסענער טיר זענען געשטאַנען אויף דער וואַך צוויי פּאָליציאַנטן. די צובראָכענע שטיקער פֿון דער טיר האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד אין אַלע זייטן.

מאַרקוזע האָט זיך שוין געפֿינען נעבן די פּאָליציאַנטן:

— פֿערשטאַרקונג איז נויטיג — האָט ער געשריגן צו זיי מיט'ן גאַנצן האַלז — ער האָט זיך פֿערמאַכט אין... געפּאַנצערטן באָד־צימער!...

די צוויי פּאָליציאַנטן האָבן איהם אַדורכגעלאָזט.

ער איז געלאָפֿן. איין האַנד האַלט ער גרייט צו באַנוצן זיי, וואָס וועלן איהם שטערן אין וועג, מיט דער אַנדערער האַלט ער פֿעסט דאָס הענטעל פֿון רעוואָלווער.

די נאַכט איז העל פֿון שיין פֿון די רעפֿלעקטאָרן. פֿאַר איהם זענען עס אילומינאַציעס פֿון פֿרייהייט און טריאומף, פֿערשיידענע שטראַהלענדע וויזיעס בעהערשען זיין האַרץ און מוח. ער טרינקט מיט די אויגן די שטראַהלן פֿון די ליכט־וואַרפֿערס.

— וואָס איז געשעהען? — שרייט עמיצער ביי אַנ'אויטאָ צו איהם.

— אַ בעפֿעהל פֿון פּראָקוראָר... פֿערשטאַרקונגען! דאָס באָד־צימער איז געפּאַנצערט. ער האָט זיך דאָרט פֿערשטעקט! — ברומט מאַרקוזע, ענטפֿערנדיג.

— נעם אַ בענזין־ראָוער! — גיט יענער אַנ'עצה.

יאָ, אַ גוטע עצה. ער האָט שוין דעם בענזין־ראָוער אין דער האַנד. ער זיצט שוין אויף איהם און פֿאָהרט מיט אַ גע־וואַלדיגער שנעלקייט.

און די נאַכט איז טונקעל און פֿינסטער פֿון דער ווייטענס און מרקוזע פֿאָהרט אַריין אין דער פֿינסטערניש און אייניגצוגווייז קומט ער אָוועק פֿון אָרט, וואו עס שטעהען די

שפּין=וואַרפֿער, זײַנען וויליקע און די פּאַליציאַנטן, וואָס האָבן געוואָלט כאַפּן אים, — מאַרקוזע'ן!

אין אַ פֿירטל שעה אַרום האָט ער דעם ראָווער אַרײַנגעשלײַדערט אין דער טיפֿעניש פֿון אַ קאַנאַל. ער זעצט זיך אַרײַן אין אויטאָ, וואָס וואַרט אויף אים, לויט'ן אָפּגערעדטן פּלאַן, און מיט אַן'אומגעוועהנליכער שנעלקייט פֿליהט דער אויטאָ אַוועק מיט אים, ווי אַ כמאַרע...

דער אויטאָ פֿליהט ווי אַ פֿויגעל אין דער מזרח=זײַט. ער פֿליהט סאַפּענדיג, פּיפּענדיג, ווי אַ קויל אין דער לופֿט. ווי מיט קלאַנגען פֿון אַ פֿרעהליך געזאַנג פֿילט ער אין דעם גאַנצען שאָסע אין זײַן משוגע'נעם גאַלאָפּ...

דער אויטאָ איז געפּאַנצערט.

* * *

— וואָס איז געשעהען? — פֿרעגט וועגנס, לויפֿענדיג נאָך די פּאָליציאַנטען, וואָס האָבען זיך געשטופּט אין דעם הויף.

— ער איז אין באַד-צימער! עס איז געפּאַנצערט! — ערקלערט עמעצער א קול.

וועגנער שפּרינגט אַראָפּ די טרעפּען:

— וואָס? — פֿרעגט ער נאָכאַמאָל.

— אין באַד-צימער! — הערט זיך א טומעל פֿון קולות אין אַלע זײַטען.

— אַלע מענשען צום באַד-צימער! — קאָמאַנדירט וועגנער.

מען לויפֿט. די שאָטענס פֿון די עלעקטרישע לעמפּ-לעך טאַנצען אויף די ווענט, פֿערפּלאָנטערן זיך און לויפֿען צוריק צו זיך; אָבער וואוהין אײַלען זיי זיך אַזוי? צום באַד-צימער.

— אין אַ געשלאָסענער רײַה! פֿינפֿצעהן מאַן! צום באַד-צימער!

עס איז געוואָרען א טומעל.

— צום באַד-צימער! צום באַד-צימער! — האָט מען

**איבערגעחזרט.**

אָבער דאָ האָט וועַנק געפרעגט:

— וואו געפינט זיך דאָס באָד־צימער?

קיינער ווייסט נישט.

און מיט איינמאָל האָבען אַלע גענומען שרייען:

— ווער האָט געזאָגט: צום באָד־צימער? וואָס איז דאָס געווען?

מען האָט אַדורכגענישטערט אַלע צימערן. עס האָט זיך ענדליך איינגעגעבען צום געפינען דעם צענטראַלען פונקט פון דער עלעקטרישער באַלייכטונג און צו מאַכען ליכטיג. אַלע לאָמפען האָבען זיך אַנגעצונדען אין הויז. אינ'ם ליכט פון די אָנגעצונדענע לאָמפען האָבען זיך געזעהען די צימערן און די זאַכען אין זיי... מען האָט געזעהן דאָס רייכטום, דעם לוקסוס, די בילדער, די דיוואַנען, די בראָנזען, דאָס מאָדערנע מעבעל, מען האָט ענדליך געפונען דאָס באָד־צימער. עס איז דאָרט געשטאַנען אַ מאַרמאָרנע וואַנע. אָבער קיינער האָט זיך דאָרט נישט געפינען!

— — — — — — — — — —

וועַנק האָט זיך געריסען די האָר פון קאָפּ. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ טיפען תּהום, וואו עס איז פערזונקען געוואָרען זיין ערפאָלג, זיין שטאָלץ, זיין כבוד און נאָמען — עס איז פערזונקען געוואָרען אין אַ שוואַרצען אָפּגרונד. וואָס האָט נישט קיין באָדען, קיין סוף.

מיט העק האָט מען געפּרובט צעהאַקען די וואַנט. מען האָט ענטדעקט, אַז ס'זענען דאָ באַהעלטנישען און באַלד האָט מען געפונען דאָס רעטונגס־קאַמער פון דאָקטאָר מאַרקוזע — דאָס פערבאָרגענע, געהיימניספולע קאַמער ביי די טרעפּען...

* * *

וועַנק האָט זיך ענדליך באַהערשט.

ער האָט דאַך אויסגעשטעלט נאָך אַ צווייטן „מעזש-צו־רי״,

זי איז אין שאָכ״ן! אין דער ווילע „עליזע״.

דער פּראָקוראָר איז געלאָפן צו דער טעלעפאָן-צענטראַלע.

מען האָט אָפּגעשלאָסן אויף זיין בעפעהל אַלע ווע-גען און ליניעס ארום. ער האָט געקענט מאכן די בעסטע פאַרבינדונגען...

פון מאַגאַביום האָבן זיך געצויגען אונטערוועג-שאָ-סעע. אַלע ווענן אין כּמעט האָט מען, לויט זיין בע-פעהל, בעשטעלט מיט פּאָליציי.

דאָס געביט מאַגאַביום-לינדוי האָט געהאַט אַכט פּאָ-ליציי-וואַכען און אין דער האַנט פון יעדער וואַך האָט זיך געפינען אַ טעלעפאָן, וואָס האָט געקענט אין איין מינוט מיטטיילען יעדעס געשעהעניש אויפ׳ן שאָסע דער צענט-ראַלע אין מאַגאַביום.

ווענק האָט אלארמירט אין אַלע ריכטונגען.

מאַרקוזע׳ס אייפאל מיט „זוכען אין באָד-צימער״ האָט איהם צוגענומען ווייניגסטענס אַ האַלבע שעה.

אויב די זאַך וועט צוגעהן אַזוי, ווי ווענק שטעלט זיך פאָר, — און טרעפליך איז געווען זיין מיינונג, אַז מאַרקוזע האָט מיט׳ן ענטלויפענדיגען אויטאָ נישט געקענט מאַכען מעהר ווי 80—90 קילאָמעטער, איז נאָך געבליבען צעהן מינוט צייט צו קריגען אַ מעלדונג, אַז ער איז אַדורכגעפאָהרען דאָס שטעטעל בוכלאָע.

אָבער איידער ווענק האָט בעוויזען אַ׳פצורעכענען מיט אַ שטיקעל בליי אין דער האַנט די צאָהל קילאָמעטערס אַ שעה פון בעסטען אויטאָ, — האָט שוין דאָס שטעטעל בוכלאָע געפאָדערט אַ געשפּרעך.

ווענק׳ס האַרץ האָט געזונגען אַ טריומף-ליד.

— דאָ רעדט בוכלאָע. מיט אַ ווײַלע צוריק איז דורכ-

געפאהרען אנ'אויטא. ער איז געפאהרען מיט א שנעלקייט, וואָס איז געגעבן די פּאָליציי־פאַרשריפטען. אַ גרויסער צוגע־דעקטער אויטאָ!

עס איז געווען אַ ווינטער צייט מיט 25 מינוס.

ווענק האָט גיך גענומען רעכענען, מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט דער אויטאָ פאָהרט.

אָבער דאָס רעכענען האָט איהם איבערגעריסען אַ צווייטע מעלדונג פון בוגלאַגע.

— עס איז ווידער אַדורכגעפאָהרען אַנ'אויטאָ, אַ קליינער, אַנ'אָפּענער, מיט איין פּאַסאַזשיר.

און אין 10 מינוט אַרום האָט קויפּבערען דאָס זעלבע מיטגעטיילט.

הייסט עס, זיי זענען ענטלאָפען צוזאַמען. דער צווייטער אויטאָ טראָגט זיך גיכער. אין איהם זיצט מאַרקוזע. אין ערשטען געפינט זיך זיין אַדיוטאַנט!

אָבער־גינצבורג האָט מיטגעטיילט, אַז ביידע אויטאָמאָבילען זענען אַדורכגעפאָהרען שוין צוזאַמען. דער צווייטער אויטאָ האָט אָנגעהויבען צו פאָהרען הינטער דעם ערשטען אין מאָמענט, ווען דער בעאַמטער האָט געוואָלט מעלדען וועגען די אויטאָס.

אַזאַ עהנליכער בעריכט איז געקומען פון בילענבערג.

איצט, האָט ווענק איינגעפינען, איז דער פּאַסינגער מאָמענט אַרויסצורופען שאַכען. ער האָט דאָרט אַהין מיטגעטיילט, אַז מען דאַרף ערוואַרטען צוויי אויטאָמאָבילען און נאָכדעם, ווי זיי וועלען אָנקומען, דאַרף מען אָנהויבען מיטטיג צו זיין. ער האָט צוגעגעבען, אַז דער מענש, וועגען וועלכען עס האַנדעלט זיך קודם כל, טראָגט אויף זיך אַנ'אוניפאָרם פון אַ פּאָליציאַנט. דאָס דאַרף קיינעם ניט אַריינפיהרען אין קיין טעות. דאָס איז דאָך דער דאָקטאָר מאַרקוזע!

— מיר האָבען זיי אין דער האַנד! — האָבען אַלע ווענק'ס נערווען געזונגען, הערענדיג אַזעלכע גינסטיגע בעריכטען. אַלץ האָט געוויזען, אַז די פערברעכער אַנטלויפען קיין

שאַלעז, דאָרט, וואו ער האָט אויפגעשטעלט אַ צווייטע פּו־
לאַפּקע.

די נעמען פון די שטעטלעך האָבען, אויגנס נאָך, אַנדע־
רען, אויפגעבליצט פאַר ווענק'ן אויף דער טאָוועל פון אַפּאַ־
ראַט פון דער צענטראַלע. פון דער טיפענויש פון דער נאַכט
האָבען געשרינגען צו איהם דערפער און שטעטלעך, אויסמי־
שענדיג זיך צווישען זיך. דאָס האָט ער, ווענק, געוואָרפען אַ
גייסטיגע באַנד מיט נעמען פון שטעטלעך כמעט פון דער
גאַנצער מלוכה.

— הערגאַין! — האָבען אויפגעבליצט פאַר זיינע אויגען
די בוכשטאַבען פון שטעטעל הערגאַין. און אַ ליכטער רויש,
וואָס האָט אויפגעוועקט דעם אַפּאַראַט'ם אויפמערקזאַמקייט,
האָט פאַר איהם אַ קלונג געטון אַזוי בערטרוילעך, ווי דאָס
וואָלט נישט געווען דער נאָמען פון אַ שטאָט, נאָר זיין אייגע־
נער נאָמען וואָלט אַרויסגערופען געוואָרען אויף דער טאָוועל.

— איך בין דאָ! — האָט ער געענטפערט — דאָ רעדט
פּראָקוראָר ווענק, מינכען!

— אַ קליינער אָפּענער אויטאָ איז אַדורכגעפאָהרען מיט
אַ געוואַלדיגער שנעליגקייט אין דער ריכטונג פון לינדוי. אין־
געוועניג זענען געזיצען צוויי מענשען.

— אַ דאַנק! וואַרט ווייטער. נאָך אַזאַ אויטאָ מוז אַדורך.
אָבער אומזיסט האָט ווענק געוואַרט. ער האָט אויף די
ענטשווינגען־געוואָרענע דראָהטען געהערט יעדען שאָרך, וואָס
איז די נאַכט אַדורך צווישען מינכען און דעם קליינעם שטע־
טעל הערגאַין, און וועלכען ער איז קיינמאָל נישט געווען.

— זענט איהר נאָך ביים טעלעפאָן? — האָט ער נאָך
אַ לענגערער הפסקה געפרעגט.

— יאָ!

— איז דער צווייטער אויטאָ נאָך נישט אַדורכגעפאָהרען?

— ניין!

אין אַ פּאָר סעקונדען אַרום האָט ער ווידער געפרעגט
דאָס זעלבע.

— ניין! האָט אויפסניי געקלונגען דער ענטפער.

איז אַ פֿירטעל שעה אַרום האָט ער גערופֿען הערינאַז נאָכאַמאָל.

— קיין שום אַנדערער אויטאָ איז ניט דורכגעפֿאָהרען!

— האָט דער בעאַמטער געענטפֿערט.

— אונפֿערשטענדליך!

אַן אויפֿגערעגטער האָט װענק אויסגעשפּרײט פֿאַר זיך אַ מאַפּע. ער האָט הײס געזוכט. בײַלענבערג — איסני — געשפּראַץ — אָפֿענבאַך... אָט דאָ איז הערגאַץ! אָבער בײַ איסני האָט די מאַפּע געוויזען אויף אַ פֿערבינדונג פֿון די צוויי שאָסעען אין צוויי בעזונדערע ריכטונגען. איינע פֿון זיי האָט געפֿיהרט אין דער ריכטונג פֿון פֿירשטענטום ווירטעמבערג, די צווייטע צו דער עסטרײַכישער גרעניץ.

װענק האָט טעלעפֿאָניש אַרויסגערופֿען װאַנגען. עס איז ניט געווען קיין ענטפֿער. ער האָט נאָכאַמאָל גערופֿען. ער האָט בעפֿוילען צו קלינגען צעהן מינוט אָהן אויפֿהער. אַלץ אומזיסט! װאַנגען איז ניט געווען פֿריהער פֿעראײַניגט צו זײַן נעץ. עס איז ניט געווען פֿריהער צוגעגרײט דורך איהם. די טעלעפֿאָן־ליניע איז געוואָרען פֿערנומען און זי האָט אינגאַנצען שוין ניט געענטפֿערט װענק'ן.

און װײַטער, קיין עסטרײַך, האָט ער שוין ניט געהאַט קיין מעגליכקייטען צו שיקען וועלכע עס איז אָנווייזונגען. אויף אַ פֿרעמדער מלוכה האָט זײַן מאַכט שוין זיך ניט אויסגעשפּרייט. איין אויטאָ האָט זיך איהם, אַזוי נאָך, געהאַט אַרויסגעגליטשט פֿון אונטער די הענד. די גלײַכגילטיגע נאַכט האָט איהם גע'גנב'עט איין אויטאָ. עס האָט איהם צוגענומען דער שאָסע, דער פֿרעמדער, זײַנע פֿלענער פֿײַנדליכער, שטײַנערדיגער שאָסע, וואָס איז געווען פֿערזונקען אין דער פֿינסטערניש.

אָבער דאָ האָט ער זיך איבערגעלייגט, אַז אומזיסט האַלט ער, אַז ער זאָל האָבען אַראָפּ פֿון ריכטיגען וועג. עס איז דאָך אַלץ צו בעגרײַפֿען! דאָקטאָר מאַרקוזע האָט ניט געוואָלט פּטור ווערען פֿון דעם שווערען אויטאָ. זיי האָבען זיך איצט געפֿיהלט זיכערער און זיי האָבען ניט געדאַרפֿט באַהאַ-

רען בעוואונדערט. אינ'ם קליינעם אויטאָ זענען אינצט געפֿאָרען צוויי פּרזאָנען, בעת ביז הערנאַך האָט מען אים מיטגעטיילט וועגען איינעם. הייסט עס, אַז די גאַנצע ענדערונג שטערט אים נישט. פֿאַרוואָס דען יאָ ? זי קאָן אים נישט אַראָפּטרייבען פֿון ערפֿאָלגרייכען וועג. מען האָט געדאַרפֿט אויסרעכענען די שאַנסען און געבען דעם ענדגילטיגען קלאַפּ.

ער האָט גערופֿען די שטאָט שאַכען.

— העכסטוואַהרשיינליך וועט אָנקומען בלויז איין אויטאָ. לאָזט אים אַריינפֿאָהרען ! וואַרט צוואַנציג מינוט, צי עס וועט נישט קומען צו פֿאָהרען אַ צווייטער, — און בעלאַגערט די ווילע. און דאַן — גיט איין קלאַפּ נאָכ'ן צווייטען !

איידער עס איז אויסגעגאַנגען דאָס לעצטע וואָרט אין טעלעפֿאָן־אַפּאַראַט, ווי דער אַרויסרופֿענדער אַפּאַראַט האָט ווידער אַ קלונג געטאָן. דער לעצטער עטאַפּ — דער באַהן־וואָק־זאַל אין ענדיסווילער !

— א [illegible]
דוי קיין פֿרידריכסהאַפֿען. ער האָט זיך אַריינגערעדט אין דער ריכטונג פֿון שאַכען. עס פֿאָהרען צוויי פּערזאָנען.

יאָ, עס איז געשעהען דאָס, וואָס וועגק האָט פֿאָרגעזעהען. דאָקטאָר מאַרקוזע וויל זיך אויסרוהען אין זיין ווילע „עליזע", וואָס ער פֿערמאָגט אין שאַכען.

ווייטער האָט וועגק פּערזענליך שוין גאָרנישט נעקאָנט טאָן. עס איז אָנגעקומען אַ מאָמענט פֿאַר אַנדערע — אַ מאָ־מענט פֿון מעשים.

ער האָט געמוזט געדולדיג וואַרטען.

אפשר אין בלויז אַ פּאָר מינוט אַרום וועט זיך אָנהויבען אויף דער באַדענער אָזיערע די שלאַכט, וואָס ער האָט מיט זיין סטראַטעגיע צוגעגרייט. ער האָט בלויז בעפֿוילען, מען זאָל נישט וואַרטען אויף קיין אַנדערען אויטאָ, נאָר מען זאָל באַלד, ווי די צוויי פּאַסאַזשירען וועלען אַריין אין דער ווילע, זיך וואַרפֿען אויף זיי, בינדען, פֿערלעשען די ליכט און אויף יעדען פֿאַל וואַרטען נאָך אַ שעה אויף דעם צווייטען אויטאָ.

וועגק האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער. ער האָט אים אוועקגעלייגט נעבען זיך. עס איז געווען דריי אַ זייגער מיט

אַלצעהן מינוט.

אַנ'אונרוהע האָט געפּיסעט די אָרעמע פֿון זײַנע הענט און פֿיס און געמאַכט ציטערן זײַן מוח. ער האָט דעם אומרוהע געפֿיהלט אין דער פֿאָרם פֿון אַ שטורם, וואָס איז אַדורך זײַן גאַנצען קערפּער און איהם פֿערשאַפֿט אַ פֿיזישען וועהטאָג. דער שטורם האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זײַן מוח אויף עטליכע מאָמענטען. דערנאָך האָט ער זיך געמאַכט אַ וועג אין די אַנדערע טהײלען פֿון גוף און דאַן האָט ער זיך ווידער אומגע-קעהרט אין מוח... אַזוי האָט עס זיך איבערגע'חזר'ט אַ לענ-גערע צײַט...

## XV

שפּעטער האָט אַ כאַפּ געטהון אין אַנ'אויטאָ אַרײַן די גרעפֿין פֿון דער ווילא אין וועסטענד, וואו זי האָט זיך געפֿינען ...

אין זײַן נײַעם קלײנעם אויטאָמאָביל האָט מאַרקוזע דער-יאָגט דעם גרויסען אויטאָ, וואָס האָט זיך געפֿינען אויפ'ן וועג צווישען קויפֿבער און גינצבורג. ניש טאָפּשטעלענדיג זיך זע-גען זײ ווײַטער געפֿאָהרען. זײ זענען ענטלאָפֿען לויט דעם זיך געפֿינען בלויז אַ קורצע צײַט, און וועלכען מען זאָל בעט-פֿון לינדויער שאָסע, האָט דער גרויסער אויטאָ, האָט איז געפֿאָהרען פֿריהער-אויס, זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט. דער דאָרט, וואו דער וועג קײן וואַנגען קריכט פּלוצלינג אַ קלײנער אויטאָ איז אָנגעקומען און דער זײַט פֿון גרויסען. די גרעפֿין איז געוואָרען איבערגעטראָגען. מאַרקוזע האָט מיט דער גרעפֿין געטריבען ווײַטער דעם מאָטאָר. שפּעטער האָט זיך געאײַלט צו דער עסטרײַכישער גרעניץ.

מאַרקוזע האָט פֿריהער-אויס פֿעראָרדענט, אַז דאָס ענט-לויפֿען זאָל געשעהען אויף אַזאַ אופֿן. שפּעטער האָט זיך גע-דאַרפֿט ראַטעווען קײן שווײץ, אַריבערגעהענדיג דעם טײַך רהײן. יעדער פֿון זײ האָט געדאַרפֿט איבערגעבען די נײַע אַר-רעם דעם דאָקטאָר עבענהױגעל אין ציריך, כדי ס'זאָל אָנגע-הויבען ווערען אַ בריף-אויסטויש.

מאַרקוזע איז מיט דער גרעפֿין געפֿאָהרען צו דער ווילע

„עליזע“. דארט האט שוין געווארט אויף זיי געארג. וועלכער
האט זיך פון די פאסט=טויבען דערוואוסט וועגען דעם גאנ=
צען געשעהעניש. ער האט געהאט גרייט א קופער, אין וועל=
כען עס האבען זיך געפינען צונויפגעקליבען דאקומענטען און
ציהרונג, וואס דער דאקטאר מארקוזע האט געדארפט מיט=
נעמען ענטלויפענדיג. אלע דריי האבען אהן אפרוהען זיך גע=
דארפט אריבערשניידען די אזיערע און אריבערקומען קיין לוק=
סעמבורג, וואס איז געלעגען אויף יענער זייט פון דער אזיערע,
און דארט האבען זיי אויף אנ'אויטאמאביל, וועלכער האט
שוין געווארט אויף זיי, געדארפט אוועק דורכ'ן ראמאנסהאר=
נער שאסע אין דער שווייץ. אין ציריך האבען זיי געזאלט
עס איז זעהר מעגליך געווען, אז די בייערישע מאכט
האט געבעטען די שווייצארישע פאליציי צו פערפאלגען די
ווייזען צו ערלעדיגען די סאמע גויטינגסטע זאכען.
ענטלאפענע. צוליב דעם האט מארקוזע געזאלט זיך אפשטע=
לען אין דער שווייץ בלויז א פאר שעה און פון דארט פאהרען
צו דער איטאליענישער גרעניץ.

ער האט שוין לאנג געהאלטען גרייט פאר זיך און פאר
דער גרעפין פעסער אלס פארטוגעזער.

ער האט אויך געהאט צו זיין דינסט אנ'איבערגעקויפטען
איטאליענישען בעאמטען. דערפון האט מען מיט רעכט ער=
ווארט, אז אלע שוועריגקייטען וועלען אוועקפאלען, ווי די בלע=
טער פון א בוים הערבסט=צייט.

די גרעפין איז געלעגען האלב=אויסגעצויגען אויפ'ן הינ=
טערשטען זיץ=ארט. עס האבען זי פערשטעקט די פרעכטיגע
און ווייכע זייטען=אנלעהנס פון אויטא. זי האט געזעהען פאר
זיך דעם דאקטאר'ס אונבעוועגליכע געשטאלט, ווי א פעלז פון
דער איינז=עפאכע. זיין האנד, וואס מען האט נישט געזעהען
אין דער פינסטערניש, האט געפיהרט מיט דער קארבע פון
מאטאר.

דאס פסדר'דיגע האקען פונ'ם מאטאר, וואס איז געלאזט
געווארען מיט'ן גאנצען דאמף, און די טריבע טונקעלקייט פון
דער נאכט האבען געמאכט, אז זיין געשטאלט זאל זיך צו•

שווימען אין אַ געשפּענסט. מאַרקיזע, זיצענדיג אָנגעשטרענגט אויף דעם פֿאַרשטעקטן זיץ-אָרט, האָט אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט זיך נישט קיין ריהר געטוהן. ער איז אויסגעוואַקסען פֿאַר איהרע אויגען, ווי אַ פֿעלזען-בלאָק אין אַ צפון-וואַלד.

זיי האָבען געלאָזט הינטער זיך סטעזשקעס, אַלעען, בוישע סעדער און דערפֿער. די באַדענער אַזיעדע האָט געגלאַנצט נעבען זיי ביי דער זייט. אַפּשפּיגלענדיג די פֿינסטערע נאַכט אויף דער אויבער-פֿלאַך. פֿונדערווייטענס האָבען געבלישטשעט קליינע פֿלעמלעך פֿון לאַמטערנעס, וועלכע זענען געשטאַנען ביים ברעג פֿון טייך; ווינטען האָבען געבלאָזען, אָנקומענדיג פֿון ערגיץ-וואו... צוויי קליינע שטעטלעך האָבען אַרויסגעבליכטען פֿון אַ טונקעלען פֿעלד, ווי אָנגעצונדענע שיפֿען אויפֿ'ן ים.

דאָס איז שוין געווען די שווייץ!

די שטאָט לינדוי איז פֿערלוירען געוואָרען אויפֿ'ן וועג. די גאַסען, וועלכע זענען בעשטאַנען פֿון בלויז ווילעס אין ביידע זייטען, האָבען ווי אַנגעקוקט דעם פֿאַרפֿאָרענדיגען אין פֿריי-כענדיגען אויטאָ, וואָס איז געפֿלויגען מיט אַ וואהנזיניגען אימפעט.

ענדליך איז אָנגעקומען די לעצטע מינוט. דער אויטאָ האָט אונטערגעשטאַנצט. בעטרעטענדיג די באַהן-רעלסען פֿון איינציסווילער וואָקזאַל, ער האָ זיך שוין געפֿינען נאָהענט צו דער ווילע „עליזע“.

מיט זיינע שאַרפֿע און ווייט-זעהענדיגע אויגען האָט מאַרקיזע שוין בעמערקט, אַז דאָס טויער פֿון גאָרטען איז געווען אַ ביסעל געעפֿענט.

אַ חוץ דעם האָבען די פּאָסט-טויבען געטוהן זייער שליחות אָנקומענדיג צו דער צייט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז איז געראָשט פֿון זיין אויטאָ, וואָס איז אָהן אויפֿהער געפֿלויגען ווי אַ רוח, פֿיהלט ער עפּיס אַ פֿרעמדע בעוועגונג אין דער פֿינסטערניש. עס איז געווען נאָהנט צו פֿיר אַ זייגער אין דער נאַכט. אָנשטרענגענדיג זיינע אַלע חושים, האָט ער מיט' בליק

געפּרובט אַדורכבויערן די פֿינסטערנישט אַרום.

בעת ער האָט שוין מיט אַ האַסטיגער באַוועגונג פֿון דער־
קאָרבע געזאָלט זיך אַרײַנדרעהען אין דעם טויער פֿון דער
ווילע, האָט ער לאַנג אָפּגעדרוקט מיט דער גאַנצער קראַפֿט
די קאָרבע, וואָס טאַמעוועט דאָס פֿאָהרען. דערנאָך האָט ער
געלאָזט דעם אויטאָ מיט'ן פֿריהערדיגען אימפּעט. דער אויטאָ
האָט זיך אויף אַ ווײַלע צוריקגעצויגען, ווי אַ געפֿאַנגענער פֿיש,
וואָס שלאָגט מיט'ן עק, בעת ער רײַסט זיך אַראָפּ פֿון האַ־
טשיק אויף דער ווענדקע, — ער האָט אַ הויבען קרעכץ געטאָן
און דערנאָך, בעקוועמענדיג פֿרײַהײַט, איז ער אַרײַן אין טויער,
און באַלד — אין דער גאָרטען־אַלעע. אַ בלײַערנע פֿינסטער־
ניש האָט אַרומגערינגעלט מאַרקוזע'ן.

דאָ האָט ער פּלוצלינג בעמערקט, אַז עמיצער איז צוגע־
שפּרונגען צום אויטאָ. עמיצער אַ געשטאַלט האָט אויפֿגעריסען
דאָס טירעל פֿון אויטאָמאָביל און איז האַסטיג אַרײַן אינעווע־
ניג און צוגעשפּרונגען צום דאָקטאָר. צוויי הענד זענען אַרויפֿ־
געפֿאַלען אויף זײַנע פֿינגער און איהם אַרויסגעריסען דעם רו־
דער. אַ הײַם. ווילד, שוואַרץ מויל האָט געשעפּטשעט צו איהם:

— הער דאָקטאָר! דאָס בין איך; געאָרג. גיט די קאָרבע.

מיר זענען אַרומגערינגעלט. גלײַך אַרויף אויפ'ן טײַך.

מאַרקוזע האָט זיך אָהן אײַן וואָרט אָפּגערוקט פֿון זײַן
זיץ־אָרט. איבערגעבענדיג די קאָרבע פֿון אויטאָ. דער אויטאָ,
געפֿינענדיג זיך אין נײַע הענד, האָט אַ וואָרטשע געטאָן און
מיט דער שנעלקײַט פֿון אַ בליץ האָט ער זיך אַדורכגעגליטשט
בײַ די נאַכט־שוואַרצע ווענד פֿון דער ווילע, איז אַרויף אויפ'ן
גראַז, דערנאָך אויפ'ן נידריגען פּאַרקאַן, וואָס האָט אָפּגע־
טײלט עטליכע הויכע בײמער פֿון דעם טײַך. דער אויטאָ האָט
אויסגעזעהען צו זײַן אַ צעיושעט יאַגד־פֿערד, וואָס שפּרינגט
אויף אַלעם, וואָס קומט איהם גראָד אונטער... אונטער זײַנע
רעדער האָבען געקנאַקט די צובראָכענע ברעטער פֿון פּלויט...
דער אויטאָ איז אַריבער איבער דעם צובראָכענעם פּאַרקאַן,
ווי אַ שטורעם־געוויטער.

עס איז פֿאַרבײַ אַן אױגנבליק און דער אױטאָ איז געשװוּמען אױפֿן טײַך. די כװאַליעס האָבן אַ רױש געטאָן. די אָזיערע האָט זיך מיט װאַסערדיגע צונגען געלעקט דעם ברעג. בליץ=שנעל האָט געאָרג בעװעגט די רעדער. מאַרקיזע האָט איהם צוגעהאָלפֿן. דאָס געשרײַ פֿון דער גרעפֿין, װעלכע האָט זיך דערשראָקן צוליב דעם פּלוצלינג'דיגן קאַרק=ברעכערישן שפּרינג פֿון אױטאָ, האָט אַדורכגעשניטן די נאַכט און אָפּגעהילכט מיט אַ װײַטן עכאָ. דערנאָך װען געאָרג און מאַרקיזע האָבן נאָך עפּיס גערעדט בײַם מאָטאָר, איז דער אױטאָ רוּהיג און זיכער געשװוּמען אין װאַסער, אַדורכ=ברעכענדיג זיך אַ װעג צװישן די שױמענדע כװאַליעס.

— אונזער שיף פֿונקציאָנירט אױסגעצײכנט! — האָט געאָרג פֿרעהליך אױסגערופֿן.

דער דאָזיגער אױטאָ איז געװען זײַן אײגענע ערפֿינדונג מען האָט געקאָנט אױף איהם פֿרײַ, זיכער און אונגעשטערט אַדורכמאַכן אַ רײַזע אױפֿן װאַסער; עטליכע בעװעגונגען בײַ די שרױפֿן פֿון מאַטאָר און ער איז פֿערװאַנדעלט געװאָרן אין אַ דאַמף=שיפֿעל.

װען זײ זענען שױן געפֿאָהרן אין פֿולער פֿרײַהײט, האָט געאָרג זיך געװענדעט צו מאַרקיזע'ן:

— איך מײן, אַז די מױבען האָבן אונז געבראַכט צו שלעפּן די פּאָליצײ. װען זײ זענען מיט אַ שעה צוריק נעהמען צו פֿליהען, האָב איך געהערט צװישן די קושאַהיר עפּיס אַ געשעפּטשערײ. עס האָבן גערעדט צװײ שטימען. איך האָב מיך גענומען גוט צוקוקן. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עפּיס אַ בעװעגונג הערשט אין גאַנצן פּאַרק. אַט הער איך עס שעפּטשען דאָ... און אַט אַ צװאַנציג טריט װײַטער... אפֿשר אין אַלע זײַטן... איך האָב גלײַך פֿערשטאַנען, אַז מיר זענען אַרומגערינגעלט. נו, מיר האָט זיך אײַנגעגעבן אומבעמערקט אַרױסצוקריכן פֿון גאָרטן. איך בין געקראָכן אױף אַלע פֿיר. פֿופֿציג מינוט האָט געדױערט, װי איך בין אַרומגעקראָכן אױף אַ הונדערט מעטער, כּדי איך

זאַל ווינסען. ווי איך האַלט. יאָ! יאָ! אויב מיר וואָלטען נישט געהאַט דעם אויטאָ-שיף וואָלטען מיר איצט געמאַכט קלינגען די קייטען אין דער ווילדע עלינזע...

איז דער אמת'ן איז די זאַך געווען אַזוי:

די פּאָליציי-אַגענטען, וואָס האָבען מיט דער מעגליכסטע-גרעסטער פאָרזיכטיגקייט ערפילט די זייער בעשטימטע אויפגאַבען, האָבען פיר שעה געאַרבייט ביים אַרומרינגלען דעם פּאַרק מיט אַ קייט. זיי זענען געלעגען פון דער ווייטענס און געוואַרט. זיי האַבען געהערט רוישען דעם זיך דערנעהנטערנדיגען אויטאָמאָביל. זיי זענען געלעגען אין גראָז, צווישען די קוסטאַקעס, און געהאַלטען וואַך, וואַרטענדיג אויף אַ סיגנאַל פון אַ פייפעל, וואָס האָט געהייסען, אַז זיי מעגען זיך וואַרפען אויפ'ן הויז און אויף די פערברעכער.

מיט אַ שעה פריהער איז געשעהען אַ קליין איינליידונגס-שפּיל: אַ טויב איז אַרומגעפלויגען נעבען אַ חויכען בוים און געהיימניספול פערשוואונדען אין דאַך פון הויז. איינער פון די אַגענטען, וואָס האָט זיך געפינען אויף דער וואַך נאָהנט צום הויז, האָט עס דייטליך געזעהען. ער האָט גוט געזעהען, ווי דער פויגעל איז אַרומגעפלויגען דעם דאַך און באַלד איז ער איהם פערשוואונדען פון די אויגען, כאָטש ער האָט דעם דאַך נישט פערלאָזט. זיין מיינונג, אַז דאָס איז געווען אַ טויב, וואָס האָט געבראַכט אַ בריף, האָט זיך בעשטעטיגט, ווייל עס איז געקומען צו פליהען אַ צווייטע טויב און פערשוואונדען געוואָרען אויף אַזאַ עהנליכען אופן.

דער אַגענט איז געקראָכען אויף אַלע פיר צום קאָמיסאַר און איהם מיטגעטיילט, וואָס ער האָט געזעהען און וואָס ער קלערט דערוועגען. דער קאָמיסאַר האָט גלייך בעגריפען די וויכטיגקייט פון דער דאָזיגער מיטטיילונג: דאָס האָט געהייסען, אַז פּאָלדרינגער איז געוואָרענט געוואָרען דורך דער טויבען-פּאָסט פון מינכען.

ער האָט דאַן געהייסען דעם אַגענט אַדורכגליטשען זיך אַ וועג צווישען די וועלדער און מיטטיילען אַלע אַגענטען און

פּאָליציאַנטען. אַז ־ער איינוואוינער פֿון דער ווילע איז וואָרש-
שיינליך געוואָרנט געוואָרען וועגען דער געפֿאַהר, איז דערי-
בער איז נויטיג איצט צו האַנדלען מיט אַ דאָפּעלטער פֿאָר־זיכ-
טיגקייט און אין דעם פּאַסענדען מאָמענט מיט אַ דאָפּעלטער
קראַפֿט צו אַטאַקירען.

און מאַקסע די בעוועגונג, וואָס דער שליח האָט אָנגע-
מאַכט. מיטטיילענדיג זיינע חברים דעם קאָמיסאַר'ס אינ-
סטרוקציעס, האָט צוגעצויגען גענאַרג'ס אויפֿמערקזאַמקייט
אין פֿערשאַרפֿט זיין וואַכזאַמקייט...

אין שפּעטער?...

... דער אויטאָ פֿון דאָקטאָר מאַרקוזע איז. ווי בעקאַנט,
אַריין אין פּאַרק. דער קאָמיסאַר האָט שוין מיט ציטערנדיגע
פֿינגער גענומען דאָס פֿייפֿערל אין מויל אַריין. ער האָט גע-
וואָלט געבען אַ סיגנאַל אין מאָמענט, ווען די פּאַסאַזשירען,
אויסשטייגענדיג פֿון אויטאָ, וועלען אַריין אין הויז און פֿער-
מאַכען די טיר הינטער זיך.

צוויי בעאַמטע זענען געלעגען אין די קושאַקעס אויף
רעכטס און לינקס פֿון אַריינגאַנג. זיי וואָלטען געווען ביי דער
טיר מיט איין שפּרונג, איידער דער אַריינגעקומענער וואָלט
בעוויזען אומצודרעהען דעם שליסעל פֿון אינעווייניג.

אָבער דער קאָמיסאַר האָט נישט געגעבען דעם סיגנאַל,
ווייל דער אויטאָ האָט זיך אינגאַנצען נישט אָפּגעשטעלט ביי
דער טיר, נאָר ער איז געפֿלויגען ווייטער איבער'ן גראָז, איי-
בער די ביימען בלומען און קושאַקעס און אַריבער איבער'ן
פּלויט, אין דער ריכטונג פֿון טייך.

אָנ'אויפֿגערעגטער, פֿערלירענדיג דעם פֿאָרעם צוליב
דעם אונגעריכטען מאַנעווער. האָט דער קאָמיסאַר פֿער־געסענ-
דיג אָז יעדער פֿאָרזיכטיגקייט, זיך אַ שטעל געטאָן אויף די
גלייכע פֿיס און מיט ערשטוינונג האָט ער געזעהען, ווי דער
אויטאָ איז אַריינגעשפּרונגען אין טייך, אין דער אָזערע...
יאָ, ער איז אַריין אין טייך און האָט זיך געוויגט אויף די
כוואַליעס ווי אַ שיף...

ערשט איצט האָט ער אַלאַרמירט, פֿאַרשטענדיג, די אַגענטן זענען געקומען צו לויפֿן פֿון אַלע זײַטן. זיי האָבן זיך געדרײט און געוואָרפֿן, אָבער זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

— צום ברעג — אַלע! — האָט דער קאָמיסאַר קאָמאַנדירט. ער האָט כמעט געקרימשעט.

אָבער בײַם ברעג האָבן זיי קיינעם נישט געזעהן. זיי האָבן אַ צוויי הונדערט שריט ווײַט פֿון ברעג באַמערקט דעם אויטאָ אַנטלויפֿן.

— דאָס איז אומערהערט! דאָס איז נישט צום פֿערשטעהן! — האָט ער פֿאַרצווייפֿעלט גײַבורמט. זיי האָבן געזוכט אונטער דער בריק, זענען געלאָפֿן ווי משוגע הין-און-צוריק, זיי זענען אַרויף אויף אַ בערגעל, וואָס האָט זיך געפֿינען נעבן ברעג. און דאַן זענען זיי ווידער אַראָפּ הילפֿלאָזע, פֿאַרצווייפֿעלטע, אויפֿגעטרייסעלטע, פֿאַרלירענדיג די קעפּ. אַלץ איז אומזיסט.

ערשט איצט האָט דער קאָמיסאַר פֿערשטאַנען, וואָס עס האָט געמוזט געשעהן.

אומגעוועהנליכע מיה, אָנשטרענגונגען, די האָפֿענונג פֿון אַ גאַנצען חודש זענען אַ תּל געוואָרען. דער גרויסער פֿיש האָט צוריסען זײַן נעץ. ער איז געווען אַזוי דערדריקט מיט דעם, וואָס עס איז געשעהן, אַז דעם רעוואָלווער, וועלכען ער האָט געהאַלטען אין דער האַנד, האָט ער אינסטינקטיוו צוגעשטעלט צום שטערן, ווי דאָס פֿערשפּילטע נעיעג וואָלט איהם צוגענומען דעם ווערט פֿון לעבען.

ער האָט זיך ערשט בעהערשט אין אַ ווײַלע דערנאָך, ווען ער האָט שוין געהאַט אַ דריק געטאָן דאָס צינגעל — אין די קויל. אַנריהרענדיג זײַנע האָר, איז אַוועק אין דער לופֿט...

אויף דער אָזיערע האָט אין דער פֿינסטערניש פֿון דער נאַכט אויפֿגעבליצט אַ פֿײַערדיגער קרײַז... באַלד אַ צווייטער קרײַז... דער שאָס האָט אויפֿגערודערט די וואַך-דאַמפֿערס.

און ערשט דאָ האָט דער קאָמיסאַר זיך קלאָר געמאַכט, אַז ער האָט געהאָלפֿען, וואָס ער האָט אין כאַאָס פֿון דער בע-

לאַנגערונג און אין ענטמוטישונג, געהאַט פֿערגעסן.

— אַ מאַרזע־לאַמפּ! — האָט ער געשריגן.

ער האָט פֿערבײסן די ליפּן. ווי אַזוי האָט ער געקאָנט פֿערגעסן וועגן די דאַמף־שיפֿלעך, וואָס ער האָט געהאַט אויפֿ'ן טײַך.

די אָפּגעריסענע ליכט־צײַכענס, וואָס מען האָט מיט דער הילף פֿון מאַרזע־לאַמפּ געשיקט צו די פּאָליציײַאישע שיפֿלעך, האָבן מודיע געווען:

„די ענטלאָפֿענע שווימען אויף דער אָזיערע אין אַ דאַמפֿער.

— פֿערשטאַנען! — האָבן די פֿײַערדיגע אותיות גע־ענטפֿערט פֿון דאָרט.

און באַלד האָט מען אויפֿ'ן טײַך אַרויסגעלאָזט גאַנצע ריקע ליכט־שטראָמען, וואָס האָבן זיך געגליטשט אויף די אונרוהיגע כוואַליעס פֿון טײַך.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט מען ענטדעקט די ענטלויפֿענדע דאַמף־שיף.

מען האָט ענטדעקט, אָבער גלײַכצײַטיג האָט מען זי גע־וואָרענט.

און איצט האָט זי זיך געגרייט צו געבן אַ ווידערשטאַנד.

* * *

מאַרקיזע און געאָרג האָבן שנעל בעגריפֿן די געפֿאַהר. די צוויי רעפֿלעקטאָרן, וואָס האָבן געוואָרפֿן צו זיי זייערע שטראַהלן, האָבן אויסגעזעהן ווי צוויי ריזיגע מײַלער, וואָס האָבן זיך דערנעהנטערט צו זיי, כּדי אײַנצושלינגען.

געאָרג האָט געדרודערט צו באַקבאָרד. שנעל האָט דער דאַמפֿער, וועלכער געאָרג האָט אָנגעפֿיהרט דורך איהם, זיך אויסגע־דרעהט אין דער נײַער ריכטונג. דאָס וואַסער האָט געשפּריצט אונטער דעם ראָד פֿון די רודערער, האָט זיך הויך געהויבן, לײַכטענדיג מיט אַ הויכן ווײַסן שוים אין דער נאַכט.

מאַרקיזע האָט שטיל געזאָגט:

— עס בלײַבט אונז בלויז אײנס — אַרויס פֿון רהײַן! |

ער האָט זיך איבערגעלעגט די סיטואַציע קאַלט און ניכ־
טער. ער האָט זיך ווידער געפֿינען אין אַ לאַגע, וואָס ער האָט
איבערגעלעבט צעהנדליגער מאָל. אויף'ן דײַטשען ברעג, אויף
וועלכען זיי וואָלטען זיך לײַכט געקאָנט אומקערען, איז זיי ־
בער די גאַנצע לענג בעוואַכט מיט פּאָליציי. אויף'ן עסטרײַ־
כישען ברעג איז בלויז געפֿעהרליך דאָס שטעטעל ברעגענציא,
וואָס די רעפֿלעקטאָרען האָבען לײַכט געקאָנט ברענגען אויף
די פּים.

דאָרט, וואו דער רהיין האָט זיך געענדיגט, אַרײַנפֿאַלענ־
דיג דורך אַ קליינעם שטראָם אין ים אַרײַן, האָט זיך געפֿינען
אַן'אומבעפֿעלקערטע געגענד. דאָרט האָבען זיי זיך געקאָנט גע־
פֿינען אַ צוואַנציג מינוט, דאַן אַרויף אויף'ן לאַנד און אויס־
קלויבען, וואו זיך צו לאָזען: קײן עסטרײַך, אָדער אין דער
שווייץ. ווען זיי וואָלטען געקאָנט אַרויפֿדראַפּען זיך אויף'ן
חויכען ברעג אַזוי שנעל, ווי דער אויטאָ איז אַראָפּגעשפּרונגען
אין טײַך, וואָלטען זיי געהאַט היינטער זיך שאַנסען, וואָס וואָל־
טען זיי אפשר געראַטעוועט.

אָבער אײנע פֿון די פֿערפֿאָלגענדע שיפֿען האָט זיך גע־
פֿינען אויף דער ווײַטער אָפּגעגער אַזיערע. עס האָט זיך אויס־
געדרײַטען, אַז זי פֿערשטעהט דעם ווילען פֿון די ענטלויפֿענ־
דיגע. די שיף איז נישט נאָכגעפֿאָהרען גלײַך נאָך זיי — זי
האָט מיט'ן ראָדער געשניטען דאָס וואַסער, האַלטענדיג זיך
פּסדר אויף אַ בעשטימטער גלײַכער ווײַטקײט, אָפּגעגענדיג
זיך נאָר צו די ברעגען פֿון דער שווייץ, ווי זי וואָלט וועלען
אין אַ געהעריגען מאָמענט זיי פֿערשטעלען דעם וועג.

אָדער האָט זי נאָר געוואָלט זײַן אויף דער וואַך צווישען
זיי און דער שווייץ. דאָקטאָר מאַרקוזע'ן האָט בלויז געשלאָ־
גען די שיף מיט דעם העלען ליכט פֿון זײַן רעפֿלעקטאָר. דאָס
זעלבע האָט אויך געטאָן דער רעפֿלעקטאָר פֿון דעם צווייטען
נאָכשפּירער.

איבער די געיאָגטע האָט אויפֿגעשײַנט אַ קוים בעמערק־
באַרער פּאַס רױן ערוואַכענדען טאָג. עס האָבען זיי געיאָגט

אַלאַרמירענדע קוילענשאָסען.

איינע פֿון די שיפֿען, וואָס איז געפֿאָהרען געהנמער צום ברעג, איז אַריין אין זאַמדיגען וואַסער, אָבער גיך זיך בע-פֿרייט פֿון דער לאַגע. ביידע פֿערפֿאָלגער האָבען אויפֿגעהאַל-טען אַ שטענדיגען קאָנטאַקט מיט דער הילף פֿון סיגנאַלען.

געאָרג האָט אַ געוויסע צייט מאַנעווירט מיט ליכטיגע זיגזאַג-ליניעס, בכדי אַריינצוברענגען אין אַ טעות די יאָגענ-דיגע רעפֿלעקטאָרען. זיין מאָטאָר האָט זיך שטאַרק געוואָרפֿען אויף אַלע זייטען צוליב'ן צו-שטאַרקען דרוק פֿון שטייער אויפֿ'ן וואַסער, אָבער דער קלוגער שטויער-מאַן האָט פּלוצ-לינג געשפּירט מאַכען דעם אָנשטעל, אַז ער הויבט אָן איבער-שניידען דעם וועג צו דער שווייץ. אָבער דאָס ליכט האָט פֿער-פֿאָלגט געטריי יעדע איינצעלנע בעוועגונג און נישט געלאָזט פֿערפֿיהרען. דאָס האָט איהם אַריינגעבראַכט אין אַ צעשטריי-אונג, ווייל עס האָט זיך איהם נישט איינגעגעבען אפֿילו אויף אַ מאָמענט אַוועקצוגעהן פֿונ'ם בעלויכטעטען וועג.

איינע פֿון די שיפֿען — די, וואָס איז געבליבען הינטער-שטעליג — האָט אויסגעזעהען, ווי זי וואָלט זיך געשלעפּט בלויז דערפֿאַר, ווייל זי האָט נישט קיין אַנדערע אַרבייט, ווי אויפֿצוהאַלטען זיין אונטער'ן ליכט און איבערשניידען דעם צוריק-וועג נאָך דייטשלאַנד. אָבער מאַרקוזע און געאָרג האָ-בען עס אויף זיכער נישט געוואוסט, כאָטש ביידע האָבען אין זייער לעבען לאַנג פֿערבראַכט אויפֿ'ן ים און געווען בעהאַ-וועגט אין די שיף-סיגנאַלען.

פּלוצים האָט זיך אויף דער צווייטער שיף, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין אַ זייט פֿון זיי, אויסגעלאָשען דער רעפֿ-לעקטאָר. דורכ'ן טייוועלדיגען געריוש פֿון זייער אייגענעם מאָטאָר האָבען זיי געהערט, ווי די מאַשין פֿון יענע שיף קלינגט העלער און נעהנטער ווי פֿריהער. זיי האָבען דערלאַנגט זייער מאָטאָר די שטאַרקסטע און מעגליכסטע לויף-קראַפֿט.

די שאָסען האָבען אויך אויפֿגעהערט. אין געריוש פֿון זייער איינענער שיף האָט זיך דערטראָגען אַנ'אַנדערער גע-רודער. מאַרקוזע האָט אָנגעשפּיצט די אויערען — אַ שטאָל-

קאַלטע, אויסגעשאַרעקטער העל־בעלויכטענער מיט׳ן גלאַנץ פון רעפלעקטאָר. ער איז נאָך אַלץ געווען אָנגעטון און פאָלי־צייאישען אוניפאָרם, וואָס האָט איהם פערליבטערט זיין ענטלויפען.

די גרעפין איז אין אָנהויב אַ האַלב־פער׳חלש׳טע געלעגען אויפ׳ן דעק. די שאָסען, די געוואַלדיגע אויפשרייסלונגען, די איילעניש און אויפרעגונג פון ביידע מענער האָבען איהר צורוקגעקעהרט ביסלעכווייז צום בעוואוסטזיין. זי האָט אָנגעהויבען פערשטעהן, וואָס ס׳איז געשעהען. זי האָט אויך געהערט דורכ׳ן געריוש פון וויינער שיף אַנ׳אַנדער געראָדער. זי האָט אַנ׳אויסגעשטרעקטע איבערגעבויגען דעם קאָפּ איבער דער באַריערע און אָנגעשטרענגט איהר געהער און דער פינס־טערניש, פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגען יענער אַנדערער טומעל.

— וואָס בעדייט עס? — האָט זי דעם דאָקטאָר מאַר־קוזע אַ פרעג געטון — ער איז געשטאַנען נעבען איהר מיט די פלייצעס, מיט פונאַנדערגענומענע פיס און זיכערען אויס־דרוק אין געזיכט. ער האָט מיט ביידע הענד זיך אָנגעלעהנט אָן קאַנט פון דער שיף, געלאָזט דעם גלאַנץ פון רעפלעקטאָר פאַלען אויף זיין פנים און געוואָלט זיך נאָר צוהערען...

— גאָרנישט! — האָט ער אַ קריץ געטון מיט די ציין, — שווייג!

— וואָס בעדייט עס? — האָט זי מיט אַ שאַרפער שטי־מע נאָכאַמאָל אַ זוג געטון און אינ׳ם טאָן האָט אָפּגעקלונגען אַזעלכעס, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט, אַז עס איז איהר לאַנג שוין פרעמד געוואָרען.

עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אַ שטיין, וואָס האָט גע־דריקט איהר האַרץ, איז איהר אַראָפּגעפאַלען. און זי האָט זיך דער דאָזיגער נייער ערשיינונג, וואָס האָט זיך אָפּגע־שפּילט אין איהר, מחוץ די גרעניצען פון איהר בעוואוסטזיין, איבערגעגעבען וואָס אַמאָל שטאַרקער. זי האָט געפיהלט, ווי יענע ווילדע קאָן זי דערמיט־ליכער אונטערשיידען צווישען דעם, וואָס עס קומט פאָר אין איהר און וואָס עס קאָן געשעהען.

און מיטאַמאָל האָט זי אַ געשריי געטון, מיט איין שפּרונג געשטאַנען פאַר איהם און אַריינגעקוקט אין פּנים:

— אָבער יעצט!

און יענער פערפּלאָנטערער קלאַנג, וואָס איז געלאָפען אונטער איהר איבער דער אָזיערע דורך דער נאַכט, איז אַריינגעפאַלען אין איהרע אויערען, ווי אַ הימן פון גליק, וואָס האָט נישט קיין גרענעץ. זי האָט איינגעהוילט מיט די אויערען און דער גאַנצער נשמה דעם שטילען, זיסען טומעל... זי האָט גע-פיהלט, ווי מיט יעדער סעקונדע ווערט ער שטאַרקער.

זי האָט פערשטאַנען: דער פערפאָלגער שיפט גיכער, ווי זיי — ווערט וואָס אַמאָל נעהנטער!

— וואָס „אָבער יעצט"? — האָט מאַרקוזע שאַרף אויף איהר אַ געשריי געטון — זעץ זיך און שווייג!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָן... דאָרט? — האָט זי מיט אַ זינגענדיג קול געפרעגט.

מאַרקוזע האָט דאָס מאָל שטיל געענטפערט:

— אפשר... דער טויט!

— פאַר דיר! — האָט די פרוי איהם געוואָרפען אין פּנים אַריין, פערשרייענדיג דאָס געברויל פון צוטרייסעלטען וואַסער. — אַלזא, כ'וועל דיך אַראָפּוואַרפען פון דער ברוסט, ווי אַ בייזען חלום. כ'וועל זיין אַ בעפרייטע פון דיינע הענד! אַהאַ, אַ וואָלף וועלען זיי פּאַקען. עס איז געקומען דער סוף פון דיין קראַפט איבער מענשען און איבער מיר!

— דאָס וועסט זיך באַלד אַרויסווייזען! — האָט מאַרקוזע פון זיך אַרויסגעשטויסען, איבערבויגענדיג זיך איבער איהר, נאָר נאָהנט פון איהר פּנים.

און פּלוצלינג איז געשעהען עפּיס אַזעלכעס, און מיט אַזאַ געשווינדיגקייט, אַז זי האָט כמעט נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איהר.

— געוואָרג! — האָט מאַרקוזע נאָר דאָס איינע וואָרט אויסגעשריגען און אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם פּאַלוציאַנ-שען מאַנטעל. געוואָרג האָט איהם שנעל אָנגעטון און אַוועק-געשטעלט זיך נעבען דער גרעניץ, אויסשטעלענדיג דאָס פּנים

צום רעפּלעקטאָר.

און מאַרקוזע איז שוין געזעסען בײַם רודער!

זי האָט דערהערט נאָר נאָהענט אַ רוף: — שטעה!...

פון צווישען יענעם צווייטען גערודער, וועלכען זי האָט מיט'ן אויער מיט אַזאַ פערגעניגען אויפגענומען, האָט זיך אויפסנײַ דערהערט אַ בעפעהלענדער אויסרוף: שטעה!

ס'האָט אַ פײַף געטאָן אַ קויל. דער קנאַל האָט אַדורכ־געשניטען די לופט.

געאָרג האָט געענטפערט מיט אַ שאָס. די שיף האָט זיך גענומען שטאַרק וואַקלען.

אָבער באַלד דערנאָך האָבען זי אַרומגענומען צוויי גרויסע בערג...

וואו אַהין איז אַוועק די אַזיערע? וואו איז געווען די ווײַטע נאַכט?!

עס האָט גערוישט... ווײַטער דאַמפער האָט געפיהרט אַ קאַמף מיט'ן פריהלינגס־שטורם אויפ'ן רהײַן...

די רעפּלעקטאָרען זענען פערשוואונדען. די ווײַלע גראָה־קײַט פון פריהמאָרגען האָט אַרויסגעפיהרט דעם טאָך און די בערג פון דער נאַכט־פינסטערניש. די בערג זענען געווען גלאַטיג פון וואַסער. ווי אײַזערנע בעלקען; עפּיס אַ בריק איז געהאָנגען צווישען זיי. דאָס גערודער פון מאָטאָר האָט גע־שאָסען פון זײַנע רעהרען אויף זיי... פערמאַכט זײַ דעם ווענ...

און דעמאָלט האָט עפּיס אַנ'איבערנאַטירליכע קראַפט אַוועקגעשלײַדערט די גרעפּין אויפ'ן דעק פון שיף. ווײַטער דאַמ־פער האָט זיך שנעל צוריקגעצויגען... אַנגעקלאַפּט אָן עפּיס... אויפגעהויבען זיך מיט'ן שפּיץ אין דער הויך... אָבער די פרוי, וואָס האָט זיך אַראָפּגעקאָלערט אונטען, איז געוואָרען פער־דאַלטען אין איהר פאַלען, עפּיס האָט זי אויפגעהויבען אין דער הויך. דאָס האָט זי געפיהלט. פערלירענדיג שוין דאָס בעוואוסטזײַן. זי האָט גישט קלאָר געפיהלט, אַז עפּיס איז

געלאָפֿן פֿאַראויס... וועֶר ? וואוהין ? אוהר אונבעוואוסט־זוניג געשריען איז פֿערטויבט געוואָרען אין ראַוען פֿריהמאָרגען־וואָלקען
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

געוואָרג איז אַרויסגעפֿאַלען אויף דער יבשה. ער האָט געהאַט אַנ'אויסגעלעגענעמען אָרעם... מיט דער גוואַלדיגער האַנד האָט ער דערטאַפּט אָן דער זייט דאָס פֿאַלנצינאישע הימעל. ער האָט עס אַרויפֿגעזעצט אויפֿ'ן קאָפּ. ער איז געווען ליכט בעטויבט פֿונ'ם פֿאַל. אָבער ער האָט געכאַפּט אויסגעצייכנעט אויפֿכאַפּען זיך און אַנטלויפֿען. ער איז אָבער פֿערבליבען אויפֿ'ן אָרט...

עס איז פֿאַרביי אַ קורצע צייט, ווי ער האָט דערזעהען צוויי אויסגעשטרעקטע ברוינינגען אַנטקעגען זיך. צווי עלעקטרישע לעמפּלעך האָבען איהם אַריינגעלויכטען מיט שאַרפֿע שמאָלע פּאַסען אין די אויגען...

— דאָס איז ער !... דער אין מונדיר !...

געוואָרג האָט פֿערמאַכט די אויגען און געלעגען אונבעוועגליך. מען האָט איהם אויפֿגעהויבען פֿון דער ערד, איבערגעטראָגען איז אַ שיפֿעל, צוגעבינדען צו דער באַנק. ער האָט דערהערט אַ געוואויש פֿון מאַשינען. דורך די פֿערשלאָסענע אויגען האָט ער געזעהען, ווי מען האָט די לודקע צוגעשטעלט צו דער שיף. און די שיף, מיטשלעפּענדיג זי, האָט געקאָמפּט אַקעגען שטראָם. די שיף האָט צוריקגעקעהרט אין דער פֿריי פֿון דער אַזיערע נאָך שאַלען.

עס איז שוין געווען גאַנץ ליכטיג, ווען מען האָט געוואָרג'ן מיט אַ ברעט אַרויפֿגעצויגען אויפֿ'ן האַפֿען. שפּעטער האָט מען איהם איבערגעטראָגען אין אַ ווילע און פֿערמאַכט אין אַ

צימער מיט פֿערקראַמטע פֿענסטער, פֿון וועלכע ער וואָלט נישט געקאָנט אַנטלויפֿן, ווען עס זאָלן אפֿילו נישט פֿער־בלײַבן אויף דער וואַך צוויי בעוואָפֿנטע פֿערשוינען.

דער קאָמיסאַר האָט אויף איהם געוואָרפֿן אַ בליק און אַ זאָג געטון:

— יאָ, דאָס איז ער, גאָט זײַ דאַנק! איך פּאָליציי־שען מונדיר! גאָט זײַ דאַנק.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

ווענק האָט זיך אין מינכען פֿונף פֿריה אַרײַנגעזעצט אין אַעראָפּלאַן און אויסגעשטיגען אין אַ צוויי שעה אַרום אין שאַכען. ער איז אַרויף מיט לויפֿענדע טריט די טרעפּ פֿון דער ווילע „עליזע“, צילענדיג צום צימער, וואו דער געפֿאַנגענער מערדער־קעניג האָט געוואַרט אויף'ן... בעזיגער.

— דאָ איז דער דאָקטאָר מאַרקוזע! — האָט דער קאָ־מיסאַר, אַקעגענגעהענדיג איהם, הויך אַ זאָג געטון. — מיר האָבען איהם, גאָט זײַ דאַנק!

ווענק איז געווען איינגאַנצען מוזיק, געזאַנג, הימן פֿון נצחון... ער איז געוואָרען שטאָלץ פֿון געפֿיהל פֿון מאַכט. ער איז אַרײַנגעשפּרונגען אין צימער...

דאָ האָט ער דערזעהען דעם געבונדענעם פּאָליציאַנט.

— וואו? — האָט ער געפֿרעגט און געבליבען שטעהן, ווי געליימט.

— נו, דאָרט... דער אויפ'ן שטוהל!

ווענק האָט זיך אײַנגעקוקט, פֿערזשמורענדיג די אויגען.

ער האָט שוין געוואוסט: יענער האָט זיך אַרויסגע־קריגען!

אַלזאָ, אַלץ איז ווײַטער געלעגען אין אַ הוילער, שוואַר־צער באָדענלאָזער טיפֿעניש.

אַ בלייכער, האָט ער שוין גאָרנישט געהערט, גאָרנישט

געראָשרפּ.

דער קאָמיסאַר האָט איהם אַ טריטעל געטאָן פאַר׳ן אָרעם:

— דאָס איז דאָך פּאָלדרינגער, אויף וועלכען מיר האָבען געלויערט אַזוי לאַנג!

וענק האָט טרויעריג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

— יאָ, דאָס איז פּאָלדרינגער!

... מאַרקוזע איז אנטלאָפען!

XVI

מאַרקוזע האָט געטראָגען אויף דער האַנד אַ פערזשליכטע פרוי און געגאַנגען מיט גיכע טריט צום קאַנאַל-ברעג פון רהיין, וואו עס איז געשטאַנען אַ קליין הייזעל. אין הייזעל האָט געוואוינט אַ דאָרפסמאַן.

— מיר האָבען אויפ׳ן וועג געהאַט אַן׳אומגליקליכען צו-פאַל — האָט ער ערקלערט.

דאַן האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענסטער און מיט אויגען פון אַ טיגער געפאָרשט דעם וועג, וואָס האָט זיך געצויגען צום קאַנאַל-צו.

אין אַ שעה אַרום האָט די פרוי געעפענט איהרע אויגען און מאַרקוזע האָט דערזעהען, ווי זי האָט אויפגעציטערט, דערקענענדיג איהם און דערשראָקען זיך אומגעקעהרט אויפ׳ן געלעגער צו דער וואַנד.

ער האָט זיך האַסטיג צו איהר אַ ווענד געטאָן, זיך אַרי-בערגעבויגען און אַריינגעפּליסטערט אין אויער:

— מיר זענען געראַטעוועט!

זיינע ווערטער האָבען זיך אַריינגעריסען אין איהר נשמה. זיין פּערטרויליכער געמורמעל האָט געווירקט אויף איהרע געפיהלען. זי האָט זיך שוין מעהר ניט אַקעגענגע-שטעלט דעם דאָזיגען אייביג-זיגרישען מאַן און פאַמעליך געשטובט אויפשטעהן. די פויערטע האָט איהר צוגעהאָלפען

צוויי צורעלט=מאכן דאס קליין.

בעמערקענדיג אויף דער וואנד א פראווינץ=מאפע, האט מארקוזע גענומען שטודירען דעם וועג צום נאהענטסטען דארף. דערנאך איז ער ארויס, זיינענדיג זיכער, אז דערוויילע איז פארביי די געפאהר פון געיעג. געארג איז דאך נאכ'ן אונ־ געלונגענעם צופאהר צום ברעג, פערבליבען אלס פריוויליגער קרבן און איהם דערמיט געראטעוועט. עס מוז פארביי א גע־ וויסע צייט ביז דער פאליציי־אישער מונדיר וועט דערקענט ווערען און די פאליציי=לייט וועלען ערשט דערזעהען דעם שווינדעל...

דאס דארף האט זיך געפינען א צוואנציג מינוט גאנג. עס איז דא געווען א טעלעפאן אין דער קרעטשמע. מארקוזע האט בעשטעלט קאווע און געבעטען א פערבינדונג מיט ציריך. אין א האלבער שעה ארום איז איהם געלונגען צו בעקומען די פערבינדונג.

— ווער רעדט? — האט ער געפרעגט.

— אדוואקאט עבענהיגעל, ציריך — האט געקלונגען דער ענטפער.

— איז שוין שפערי אנגעקומען?

— אקארשט, ער געפינט זיך ביי מיר.

שפערי איז צוגעשפרונגען צום אפאראט.

— שפערי, מיר האבען געליטען א קאטאסטראפע. גע־ ארג איז פערבליבען. מיר ביידע זענען געראטעוועט. קום גלייך צו פאהרען מיט'ן אויטא, ברענג מיט ריזע־קליידער און א גומי=מאנטעל פאר מיין פרוי. איך ערווארט דיך צוויי א זייגער אויפ'ן באהנהויף אין רהיינטאל.

— לויט אייער בעפעהל! — האט שפערי געענטפערט.

„מיין פרוי!... איך האב עס געזאגט צוליב אויסרעכענונג און פארזיכטיגקייט — האט מארקוזע שפעטער נאכגעטראכט. אבער ער אליין האט זיך אקעגענגעשטעלט דער דאזיגער ער־

קלערונג. דאָס האָט געקלונגען פֿאַר איהם ווי קוויטען.

דאָך האָט ער זיך בעהערשט פֿון נישט־אָנגענעהמען איינדרוק:

— אַזוי איז! — זי איז מיין פֿרוי — מיין איינגענטום... מיינע! איך האָב געזאָגט דעם אמת!

* * *

— איך וועל אייך איבערפֿיהרען, הער דאָקטאָר, גלייך דורך ענגלאַנד'ן צו דער איטאַליענישער גרעניץ! — האָט ער געזאָגט, אויסהערענדיג מאַרקוזע'ס דערצעהלונג וועגען דעם געשעהעניש.

אָבער יענער האָט נאָר אַרויסגעזאָגט איין איינציג וואָרט:

— ניין!

— דאָקטאָר! — האָט שפּעטער געבעטען — איהר קאָנט דאָך נישט פֿערבלייבען אין דער שווייץ. די מינכענער פּאָליציי האָט שוין צוגעשיקט שטעק־בריף. מיר וועלען אפילו נישט דערגרייכען ביז מאַגגענבורג. עס וואָלט שוין זיכערער געווען צוריקצופֿאָהרען נאָך דייטשלאַנד!

— איך רעכען אויך נישט אַנדערש, שפּעטער. פֿון יעצט אָן געפֿינט זיך דאָס לעבען פֿון פּראָקוראָר ווענק אין מיינע הענד! דו וועסט גלייך צוריקציהען מיינע בעפֿעהלען, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבען דער אַראָפּרוימונגס־קאָמיסיע.

— האָ, האָ! — האָט זיך שפּעטער צולאַכט — איהר האָט פֿערקניפּט אַ פֿיינע פֿריינדשאַפֿטס־בעציהונג.

— שווייג! איך האָב געזאָגט, אַז איך גאַראַנטיר, — האָט מאַרקוזע איהם שאַרף געענטפֿערט.

ביידע זענען אוועקגעפֿאָהרען איבער'ן זאַמדיגען וועג צום פֿויערישען הייזעל.

די גרעפֿין האָט זיך גלייך אַריינגעזעצט אין דער אויטאָ ביז אוועק צו דער עסטרייכישער גרעניץ.

— וואָס פֿאַר אַ פּעסער האָסטו פֿאַר אונז? — האָט

מאַרקוזע געפֿרעגט.

— שווייצאַרישע... ביטע!

ער האָט דערלאַנגט צוויי קליינע ביכלעך, אין וועלכע עס ראַפּאָ זיך געפֿינען א חשובֿע צאָהל נאָכגעמאַכטע סטעמפּעל־דרוקען. דער בעווייז האָט טיילמאָל אויך פֿערפֿיהרט, אָבער אויך די קאָנטראָל נישט קלוגער געמאַכט.

דריי א זייגער איז דער אויטאָ מיט'ן שאָסעע בּרעגענץ—קעמפּטען אַרויף אויף דער בייערישער גרעניץ. ער איז פֿאַרביי אַ געווים הײַזעל, פֿון וועלכען דער טעלעפֿאָן האָט אין דער זעלבער נאַכט מודיע געווען קיין מינכען, אַז מאַרקוזע איז אַוועק אין די ווירטעמבּורגער געגענדען.

די רייזענדע האָבען איבערגענעכטיגט אין עפּיס א שטעטטעל אויף דרום־זייט פֿון שטוטגאַרט.

אין אָוונט איז מאַרקוזע נאָך אַמאָל אַרײַן צו שפּערי'ן אין צימער, האָט זיך אויסגעזעצט און לאַנגזאַם אָנגעהויבען:

— עס איז מיר פֿערבליבען נאָך א קליינינגקייט אין דייטשלאַנד, אין אייראָפּא.... איך מוז לעבעדיג אַרײַנבּעקומען אין מײַנע לאַפּעס דעם פּראָקוראָר ווענק, לעבעדיג, ווי א פֿליג אין אַ גלאָז, געדענק עס, שפּערי. איך פֿערבלייב מיט דער גרעפֿין ביז מאָרגען אין דער פֿריה. איהר וועט פֿאָרען נאָך שטוטגאַרט און קויפֿען אַנ'אַעראָפּלאַן פֿאַר צוויי פּערזאָן... דער פּרייז — נישט וויכטיג! וואָס אָנבעלאַנגט אונז, זענען מיר דאָ זיכער. דער ווירט האָט אַפֿילו נישט בעוויזען אַרײַנצוטראָגען אין בוך אונזערע נעמען. אויב די פּאָליציי זאָל אַפֿילו זוכען, וועט ער מוזען פֿערשווייגען אונזער יעצטיגען אויפֿהאַלט, כּדי אויסצומיידען א שטראָף. שפּערי, איהר האָט קאָניאַק?

שפּערי האָט זיך דערשראָקען. עס האָט זיך דערנעהנטערט די שעה, ווען מאַרקוזע הויבּט אָן צו זיין ווילד צו איהם. וואָס אַנ'אמת, האָט ער מיט שווערינקייטען אַריבּערגעשמוגעלט

דרײַ פֿלעשלעך קאָניאַק נאָך שוווּיץ.

— ס'פֿאַרשטעהט זיך, אַז איהר האָט! — האָט ד"ר מאַרקוזע געזאָגט, נאָך אײדער שפּערי האָט בעוויזען אַ ־יהר צו טון מיט די ליפּען.

מאַרקוזע האָט געטרונקען פֿון רײזע־גלאָז. ער פֿלעגט עס תּמיד טראָגען מיט זיך. שפּערי האָט פֿאַר זיך געמוזט ברענ־גען אַ גלאָז פֿון שכנות'דיגען צימער.

מאַרקוזע האָט געוואָלט זיך בערוישען. ער האָט געוואָלט זיך אָנ'שיכּור'ן ביז בעטויבונג, אַז עס זאָל איהם אַ שוואַרקייט ווי בלײַ אַ כּאָפּ טון פֿאַר'ן האַלז און אַוועקשלײַדערן אין אָפּ־גרונד פֿון שכּרות...

שוין נאָכ'ן צווייטען פֿלעשעל האָט ער אײַנגעזעהען, אַז דאָס גיט זיך איהם נישט אײַן.

— האָסט נישט נאָך?

— ניין. דאָס איז אַלץ. איך האָב מעהר נישט געוואָגט אַריבערצושמוגלען איבער דער גרעניץ.

מאַרקוזע האָט זיך צולאַכט.

— פּרעכטיג! שפּערי האָט אַריבערגעשמוגעלט דרײַ וואַגאָן סאַלווארסאַן, צוויי וואַגאָן קאָקאאין, דרײַ פֿולע זונה־הײַזער — אָבער בײַם קאָניאַק האָט די דרײַסטקייט אויס־געהאַלטען נאָר ביז צום דריטען פֿלעשעל! גיסט מיר נאָך אײַ־בער דעם קאָניאַק פֿון אײַער גלאָז אין מײַנס אַרײַן. ס'איז קענטיג, אַז שפּערי פֿערדינט בײַם קאָניאַק גאָר ווענין, האַ?

שפּערי האָט דערלאַנגט די דריטע פֿלאַש. און ווען מען האָט אויך די לעצטע אויסגעליידיגט, איז מאַרקוזע מיט אַ ניכטערען קאָפּ, ווי פֿריהער, נאָר מיט אַ ברען אין די אויגען, אַוועק אין דער גרעפֿינ'ס צימער, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט זײַן צימער. ער איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג. ער האָט זיך געפֿיהלט, ווי אַנ'אַעראָפּלאַן, וועלכער האָט זיך אָנגעצינדען אין דער לופֿט: אַלץ האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין

פֿאַרע אויף די צוגליהטע צילינדערס און עס איז אונמעגליך געווען אַרײַנצובּרענגען זיי אין בּעוועגונג.

ער האָט זיך דערנעהנטערט צו דער גרעפֿינ'ס בּעט:

— מיר האָבּען געהאַט אַנ'אָפּמאַך צווישען זיך. דו האָסט איהם געבּראָכען. בּיזט געווען נאָהנט מיך צו פֿעראַטען, אמת?

— אמת! — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט מיט אַ שטילער שטימע.

דערמאָלט האָט דעם מאַן בּעהערשט אַ ווילדקייט פֿון אַ מערדער. ער האָט זי אַרויסגעשלעפּט פֿון בּעט, ער האָט מיט איין האַנד זי אַ הויבּ געטהון איבּער'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט זי וועלען, ווי אַ צופֿוילטען קאַסטען צוקלאַפּען אָן דער וואַנד.

ער האָט זי יעצט געהאַסט, זי איז געווען די פֿערקערפּערונג פֿון אַלע זײַנע שוואַכקייטען. זײַן ווילען האָט זיך צוקלאַפּט אין פֿערלויף פֿון גאַנצע צעהן מינוט, ווען דער בּאַלוציי־דאַמפּער איז געווען אויף זײַן שפּור. ער האָט יעצט געקאָנט פֿערניכטען דעם קאָפּ, וואָס האָט געטראַכט וועגען פֿעראַט, ער האָט איהם נעקאָנט צושמעטערן אָן דער וואַנד.

די פֿרוי האָט אַרויסגעלאָזט אַ לײַכטען געשרײַ. הענגענדיג אַזוי אין דער לופֿט, האָט זי דערקענט די שטאַרקייט פֿון זײַנע אָרעמס און נישט־בּעזיגבּאַרען ווילען. דער נורל האָט זי אָוועקגעגעבּען אַלס אייגענטום פֿון דעם דאָזיגען ווילען... אָוועקגעגעבּען אויף אייבּיג! זי האָט געוואָלט שטאַרבּען. שטיל האָט זי אַרויסגעפּליסטערט אַ שורה פֿון אַווע מאַריאַ, וואָס איז איהר פֿערבּליבּען פֿון דער קינדהייט און זי האָט געוואוסט אויף בּעשטימט, אַז ווען זי וואָלט יעצט געשטאָרבּען, וואָלט זי ־יהם מיטגעצויגען.

ווען מאַרקוזע האָט דערפֿיהלט זײַן איבּערמאַכט איבּער דעם קערפּער פֿון דער פֿרוי, וואָס איז אַזוי אונבּעהאָלפֿען געהאָנגען איבּער זײַן האַנד, האָט ער זיך פּלוצים אויסגעני־

טערט. די ווילדקייט איז פארבײַ. ער האט אויפסניי געפינען דעם צונויפבונד מיט זײַן לעבען, מיט זײַן בעפרײַאונג און מיט איהר גליק, וואס ער האט שוין איינמאל פערבינדען מיט זײַנס. ער האט זי ליב, כמעט מיט צערטליכקייט, וואס האט זיך צושפּילט אין זײַנע געבליטען, אוועקגעלייגט אויף דער קאנאפּע און אײַנגענגראבען זיך אין איהרע אָרעמס, ווי א מוי־זענד־יעהריגער דעמב, וואס פאלט צווישען די בלומען, ווען א געוויטער שטורעמט דעם וואלד...

מיט א פער'כשופ'טער צומישונג האט די גרעפין זיך אומגעקעהרט צום לעבען. זי האט געפיהלט, ווי יעדער טייל פון איהר הויט איז פערשמוצט, איבערדעקט פון א מצורעת, און דאס האָזינע געפיהל איז פון איהר אַרויסגעפּלאָסען, ווי א שטראָם בלוט... גאנצע שעה'ן... דורך א גאנצער נאכט... ארויסגעשווימען אָהן טרעהרען, כאָטש זי האט געהאַט נאר איין פערלאנג — צוגעהן דורך טרעהרען און אויפהערען עקזיסטירען !...

* * *

צומאָרגענס אינדערפריה איז מארקוזע שוין געווען מיט איהר אויפ'ן וועג פון שטוטגארד קיין בערלין.

דאָרט האט ער געוואוינט, פערבאָרגען אין א געץ נישט צום אויפפלאַנטערן, ארומגערינגעלט פון א מעכטיגער מיליאָנען־שטאָט און פון זײַן געטרײַער באנדע — ווי א ריזיגע שפּין, וואס לויערט אויף איהר קרבן. זײַן איינציגער ציל, זײַן איינציגע חוצפה'דיגע אידעע איז געוואקסען אין זײַן בלוט, ווי א ריזיגער בוים, איבערוואקסענדיג אלע אויפגאבען פון לעבען. ער האָט טבעפּוילען דעם געדאנק ארומצוקרײַזען כסדר אין זײַן מוח, ווי א גלויה־ווארים, וואס האט איהם פערשאפט קאפּ־שווינדלעניש, און איהם אויפגעפרעסען מיט דער גע־שווינדיגקייט פון זײַן בעוועגונג.

דער געדאנק, די פאָרשטעלונג, דער ציל — האבען אלץ

אויפּסניי געשטיערעמט זײַן בלוט, געשטויסען פֿון דעם נידע-
ריגסטען און שטאַרקסטען דראַנג, וואָס איז געווען זײַן איינגע-
שאַפּט — דראַנג צו מאַכט!

ער האָט עס זיך נישט געקאָנט מוחל זײַן, וואָס אויף דער וועלט איז געווען אַ מענש, וועלכער האָט זיך ערלויבט איהם נאָכצושפּיאָנירען אויף אַלע זײַנע וועגען, אויסצוגעפינען זײַנע ווינקעלעך און אַרויסצוטרײַבען איהם פֿון זײַן פּאַלאַץ! עס האָט זיך אויסגעפֿינען נאָר איין מענש, וועלכער האָט אַ דרייס-טער געטראַכט צו שטערען זײַנע פּלענער, געצוואונגען צו ענטלויפֿען און ברענגען זײַן לעבען אין געפֿאַהר. דאָס איז געווען דער מענש, צוליב וועלכען אַלע פּאָליציייאישע אַמטען האָבען זיך אַרײַנגעמישט אין די רעכט פֿון זײַנע מוטי-אור-טיילען, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, כדי אָפּצורוימען אַלע, וואָס זענען איהם געווען איבריג.

ער. מאַרקוזע האָט דאָך בעוויזען אַרויסצוטרײַסען דעם ווילען פֿון דער ערשטער פֿרוי, וואָס האָט זײַן גאַנץ וועזען ביז צום וואָרצעל אַרײַנגעשטויסען אין פֿלאַם פֿון תאוה. ער האָט בײַ איהר צוגענומען מאַלע כחות נעוועגרטע אַקעגען איהם. דאָס איז געווען זײַן שטאָלץ! ער האָט אַוועקגעריסען איהר עק-זיסטענץ, איהר שעהנהייט, איהר זעלבסטשטענדיגקייט מיט זײַנע הענד און אַלץ צוגענעגעלט צו זיך.

מיט די בעפֿעהלען, וואָס ער האָט נעגעבען דורך בערלין, האָט ער צוגעגרייט זײַן ענטלויפֿען פֿון דײַטשלאַנד איבער'ן אָקעאַן מיט דער זעלבער פֿרוי — אַזוי וואונדערליך געשיקט, אַז נאָר דער טויט האָט געקאָנט שטערען זײַנע פּלענער. זײַן קעניגרייך עיטאָפּאָמאַר האָט געוואַרט אויף איהם מיט זײַנע ווילדע וועלדער, שוואַרצע מיגערס, שלאַנגען, וואָס האָבען גע-דראָהט מיט געפֿעהרליכען גיפֿט, געוואַרט מיט הויכע בערג-שפּיצען, וואַסערפֿאַלען און ווילדע, וואונדערליכע שבטים — זיי האָבען געוואַרט איהם צו בעפֿרײַען, בעפֿרײַען פֿון אייראָ-

פֿאַ! יעדער טאָג האָט איהם געקאָסט קרוינען.

אַלײן פֿאַר זיך וואָלט ער אין רעשט פֿון לעבען געטרונקען א שטעהענדיג שטינקענדיג וואַסער, ווען ער וואָלט מיט דעם גאַנצען האַרבקייט פֿון זיין ווילען צו געוועלטיגען, נישט דערט… מאַפּט אין זיינע שאַרפֿע נעגעל און צוריסען דעם דאָזיגע… מענש.

זיין אייגענע און יענעמס לעבען האָבען זיך געשיאָנט אין א וועט-לויף איבער „זיין“, אָדער „נישט זיין“.

דער דאָזיגער מענש איז געווען דער פּראָקוראָר ווענק… אין א געוויסען טאָג, ווען פֿערזונקען אין געדאַנקען, פֿון וועלכע ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפֿרייען, זענען איהם די אָרערען אָנגעלאָפֿען אויף די שלייפֿען און ער האָט נישט גע… קאָנט דערשטיקען דאָס געשריי אין זיך, האָט איהם די גרע… פֿון געענטפֿערט, ווען זיי וועלען פֿערלאָזען דייטשלאַנד.

ער האָט זיך ביטער צלואַכט:

— נישט פֿריהער, ביז כ'וועל איהם פּאַקען אַ לעבעדיגען, ווי אַ פֿליג אויפ'ן קלעבינגען פּאַפּיר! ער וועט זיך מאַטערען אין מיין קלעבעכץ און קראַפּירען.

די פֿרוי האָט זיך אָפּגעקעהרט מיט שרעק.

זי האָט אינסטינקטיוו דערפֿיהלט, וועמען ער מיינט. נאָך יענע מינוטען פֿון פֿערלוירענער האָפֿנונג צו דער פֿרייהייט און נאָך דער סצענע, ווען ער האָט איהר געדראָהט צו פֿער… טרייבען, איז זי געוואָרען נאָך מעהר אונטערטעניג, פֿער… שקלאַפּט, שלאָפֿנדיג אריינגעצויגען אין זיינע פּאַרבאַרישע מעשים, אפשר אַליין אַריינגעשטויסען אין זיין דעמאָנישען שפּרונג. זי האָט זיך נישט געוואַגט איהם אקעגענצוזאָגען, אפילו שטעלען אַ פֿראַגע…

מאַרקוזע'ס אונטערנעהמונג איז ביסלעכווייז געוואַקסען, גלייכצייטיג אי זענגער געוואָרען די שטיקענדע שנור אַרום ווענק'ס האַלז.

* * *

ווענק האָט בסדר פֿערבראַכט אין מינכען.

געאַרג'ן האָט מען אַוועקגעפֿירט אין דאָרטיגען געפֿענג־נ̇יש. ער האָט געשפּילט די ראָל פֿון אַ טויב־שטומען. פֿון דער מינוט פֿון זיין אַרעסט האָט קיין שום מענש ניט דערהערט פֿון איהם קיין וואָרט.

מען האָט איהם פֿאַרגעשטעלט פֿאַר בעאַמטע, סוחרים פֿון שאַכען, וועלכע פֿלעגען איהם זעהען דורך וואָכען; פֿאַר־געשטעלט פֿאַר יונגעליים, וואָס ער פֿלעגט וואָרבירען אין דעם פֿרעמדען־לעגיאָן. קיינער האָט זיך ניט פֿערטראַכט אויף אַ ווילע — אַלע האָבען איהם דערקענט.

ער איז אָבער אַלץ געבליבען טויב און שטום.

אין אַ געוויסען טאָג האָט מען איהם געפֿינען אַ טויטען אין דער תּפיסה־קאַמער. ער האָט זיך אויפֿגעהאָנגען אויף די שלקעס, וואָס זענען געווען צוגעבינדען צו די איינערנע קראַ־טען פֿון תּפיסה־פֿענסטער.

די רעוויזיע אין דער ווילע „עלזיע" האָט געבראַכט גאָר ווייניג נייעס, מען האָט געפֿינען נאָר די בעווייזען, אַז מאַר־קוזע האָט אַריינגעלייגט דאָס פֿערדינטע געלד דורך קאָרטען־שפּיל און אָנפּאַלען אין אַ פֿערצווייגטער קאָנטראַבאַנדע, אָנ־אָרגאַניזאַציע פֿון ברייטען מאַסשטאַב, און אַזוי אַרום פֿער־פֿילפֿאַכט זיינע קאַפּיטאַלען.

מען האָט געאַרבייט צוזאַמען מיט דער שווייצאַרישער מאַכט, ווייל מען האָט געגלויבט, אַז מאַרקוזע האָט זיך פֿער־האַלטען אין דער שוויץ, אָדער ער איז דורך דאָנען אַריבער־געפֿאָהרען. ווענק איז יעדע צוויי וואָכען געפֿאָהרען נאָך ציריך. דאָ און דאָרט האָט מען אַלעמאָל געכאַפּט עמיצען פֿון האָקטאָר מאַרקוזע'ס וואַך־לייט, אָבער אַלע זענען געווען אַזוי אויסגעשולט, אַז מען האָט קיינעם ניט געקאָנט אָנציהען באָטש אויף איין וואָרט פֿערראַט.

ווענק האָט פֿון פֿראַנקפֿורט דערהאַלטען אַ ידיעה, אַז עס אַרבייט דאָרט אַ שפּילער, וועלכער איז זעהר עהנליך צו דאָק־

מאָר מאַרקוזע'ן. װענק איז גלײַך אַהינגעפֿאָהרען, אָבער נאָך נישט בעװײַזענדיג אַהינצוקומען איז פֿון דעם שפּילער קײַן שפּור שױן נישט געבליבען. אין דרײַ טעג אַרום האָט װענק דערהאַלטען אַן'עהנליכע ידיעה, דאָסמאָל פֿון קעלן. נאָכדעם פֿון דיסעלדאָרף. אײַנמאָל איז ער געװאָרען אַלאַרמירט פֿון עסען און ענדליך פֿון האַנאָװער.

װענק האָט זיך כּסדר געפֿינען אױף דער רײַזע. ער האָט נישט געצװײפֿעלט, אַז דאָס איז מאַרקוזע, װעלכער האָט זיך איהם אַזױ געשיקט אַרױסגעגליטשט. ער האָט געמוזט האָבען װאַכֿעדיגע געהילפֿען אין מינכען, װעלכֿע האָבען, װי עס איז צו זעהן, תּמיד אָבסערװירט װענק'ן און נאָכגעפֿאָהרען נאָך זײַנע שפּורען. װענק האָט פֿערדאָפּעלט די פֿאָרזיכֿטיג־קײט. ער האָט זיך בענוצט מיט די מעגליכסטע פּאָרפּלען, װאָס ער איז נאָר בכח געװען צוצוטראַכֿטען. אױף יעדער ספּעציעלער רײַזע האָט ער געביטען די אױטאָס, באַהנען, אַעראָפּלאַנען. און װען מען האָט דעם חשד נישט געקאָנט מעהר אָפּװענדען, האָט ער פֿעסטגעשטעלט, אַז מאַרקוזע האָט געהאַט פֿערטרױליכֿע געהילפֿען אפֿילו צװישען זײַנע נאָהענטסטע מענשען. װענק האָט געענדערט זײַן שאָפֿער, הױז־פֿרױ, געענדערט דעם נומער פֿון זײַן טעלעפֿאָן אין שטוב. ער האָט זיך בעזעצט אין האָטעל, איז אַרײַנגעפֿאַלען אַמאָל בײַנאַכֿט צו זײַנע פֿרײַנד, נישט אַהײמגעקומען...

און דאָך, װען ער פֿלעגט זיך נאָר בעװײַזען אין יענער שטאָט, פֿון װעלכער מען פֿלעגט איהם מודיע זײַן װעגען אַ געהײמניספֿולען שפּילער, איז יענער פֿריהער ענטקומען, בכדי זיך װידער אין עטליכֿע טעג אַרום צו בעװײַזען אױף אַנ־אַנדער שכֿנות'דיג אָרט. דאָקטאָר מאַרקוזע, אַ שפּילער! דאָס איז געװען װי אַ ראָמאַנטישע באַלאַדע, װאָס האָט געװאַנדערט פֿון אָרט צו אָרט, בכדי אײַנצופֿלאַנצען אין די דערשראָקענע און פֿערװאונדערטע מענשליכֿע קעפּ די פֿאַנטאַסטישע געשיכֿטע איבער'ן דעמאָניזם פֿון אַ טיפֿען װידערשטאַנד, װאָס אַ מענש שטעלט אַקעגען דער מאַכֿט און דער געזעלשאַפֿטליכֿער

אין אַלע שטעט איז מען צוגעטרעטן צו גרעסערע
אַרעסטען. אָבער ווען מען האָט פֿעסטגעשטעלט די פּערזענ-
ליכקייט פֿון יעדן אַרעסטירטן, האָט מען קיינמאָל נישט
געפֿינען דעם, צוליב וועלכן מען האָט אַרעסטירט.

איין זאַך איז נאָר וויינק געווען אויפֿפֿאַלנד מער פֿון
אַלץ — די געאָגראַפֿיע. מאַרקוזע האָט אומבעדינגט געמוזט
אַרוים פֿון איין אָרט, פֿון וואַנען עס האָבן זיך צעצויגן
פֿאַרשידענע וועגן, וואָס האָבן געפֿירט נאָך בערלין.

ווענק האָט אַרויסבעקומען אַן אורלויב פֿון דער בייערי-
שער מאַכט און אָנגעקניפּט דאָן בעציהונגען מיט דער פּריי-
סישער מאַכט, וועלכע האָט אים פֿאַרבעטן אַלס ספּעציאַ-
ליסט אין שווינדעל-פֿאַרברעכענס קיין בערלין.

ער איז גלייך אַהיימגעפֿאָרן און געדינגען זיך אַ צי-
מער אין צענטרום פֿון שטאָט. מאַרקוזע האָט אים געזען
אַרויסשטייגן פֿון וואַגאָן און אין אַ שעה אַרום האָט ער געוו-
וּסט זיין אַדרעס.

נעכטלין האָט ער אים געהאַט דאָרטן, וואו ער האָט
געשטרעבט אים צו פֿאַרלאָקן, בכדי קאָנען אויספֿירן זיין
געפּלאַנטע נקמה. מאַרקוזע האָט איינגענטליך בערלין נישט
פֿאַרלאָזט. אין אַלע שטעט אין וועלכע ווענק איז אַזוי נאָכ-
געפֿאָרן, האָבן אויפֿגעטרעטן פֿאַלשע מאַרקוזען, מענ-
שען פֿון זיין באַנדע אויסגעשולטע צו דער ענליכקייט זיינע
און צעשיקטע מיט'ן צוועק צו פֿאַרנאַרען ווענקען דאָרט אַהין,
וואו ער איז יעצט ענדליך געקומען. מינכען איז געווען פּאָרט
צו קליין אויסצופֿירן מאַרקוזעס נקמה-אַקט. דער ריזיקער
וואַלד פֿון הייזער און לאַבירינט פֿון גאַסן פֿון בערלין האָ-
בן אַ פֿאַרלייכטערונג פֿון צוקונפֿטיגען געיעג.

און דאָס געיעג האָט זיך אָנגעהויבן באַלד צומאָרגענס.

* * *

ווענק האָט דעם זעלבן טאָג אַרומגעקערט מיט זיין
יונגערן קאָלעגע פֿון דער בערלינער פּאָליצײַ וועגן מאַ-

קוזען. זיי האָבען אויסגעאַרבייט אַ פֿערשידענאַרטיגען פּלאַן, אָבער דאָס לאַנגע געשפּרעך האָט צו קיין שום קאָנקרעטען ניט צוגעפֿירט. צום לעצט איז געקומען אַ פֿאָרשלאָג אויף בעריל׳אָזען, פֿאָרלויפֿיג דעם שפּילער אַלע פֿרייהייטען, ניט צו שטערען אין זיינע ענטוויקעלטער אַקציע, ווייל צוליעבעדיג בלינד, וואָלט געווען דער בעסטער בעווייז פֿאַר׳ן פֿערפֿראָלגענעט, אַז די פּאָליציי גרייט צו פֿאַר איהם אַ נעץ.

אין אָווענד, אַפּעסענדיג אַ מאָהלצייט אין אַ ווייטיגען רעסטאָראַן, אַריינגעקענדיג נאָך אין אַ קאַפֿע, האָט יונגע אַ מידער פֿון געשפּרעך מיט זיין קאָלעגע און פֿון שפּאַציר איבער דער שטאָט אַוועק מיט דער טויבען־גאַס אַהיים צו זיך. כּמעט אַ האָט איהם ניט פֿערשטערט עפּעס אַ פֿערשוין:

— ענטשולדיגט, העֶר...

— וואָס אַזוינס? — האָט יונגע זיך אומגעקערט און אַ פֿרעג געטהון.

יענער האָט שטיל אַרויסגעפּליסטערט:

— איך האָב געמיינט, אַז דער געעהרטער העֶר וואוינט זיך... עטער.

וועגן איז אַוועק, ניט ענטפֿערענדיג. ער האָט געזעהן, אַז יענער פֿערשוין גייט נאָך זיינע טריט. אָבער ער איז אַריין אין דער רוישיגער פֿרידריך־גאַס און יענעם אויסגעמיטען פֿערלוירען.

שפּעטער האָט ער אפילו חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך ניט פֿערהאַלטען. ער האָט דאָך געדאַרפֿט אַ רעד טון מיט דעם פֿערמיטלער פֿון זינד און ליידענשאַפֿט. יענער האָט דאָך געשטאַמט פֿון יענע מקומות, אין וועלכע מאַרקוזע דער פֿערברעכער, האָט זיך געפֿיהלט, ווי ביי זיך אין דער היים. אַ ווייל האָט ער געטראַכט, אויב ער זאָל צוריקגעהן, אָבער די מידקייט האָט איהם איבערשטיגען און ער איז אַוועק אַהיים.

צומאָרגענס איז ער פֿון דער גאַר־קיך אַוועק סטעציעל

מיט דעם זעלבען וועג. ער איז עטליכע מאל פֿאַרבײַ דאָס נאָהענטע הויז אויף דער טויבען-גאַס, אָבער יענעם פֿרעמדען האָט ער נישט געטראָפֿען. ווען ער איז שפּעטער צוגעקומען נאָהענט פֿון זײַן וואוינונג לעבען דעם זשאַנדאַרמעריע-פּלאַץ איז, אַרום איהם ענטקעגען פֿון דאָרט עפּעס אַ מענש און צו איהם געמורמעלט מיט אַ גאָרגעלדיג קול און אַ פּויערישען דיאַלעקט:

— וואָלט איהר נישט וועלען זיך צוקוקען אַביסעל צו נאַקעטע מענץ?

וועגק האָט זיך פֿערהאַלטען און געענטפֿערט.

— אויסגעצייכענט! איהר קומט גראָד צונוץ. איך בין נישט קיין הינגער. איך וואָלט וועלען כאָטש איינמאָל אָנטייל נעמען און אמת'דיגען בערלינער לעבען. וואו זענען דיינע מענצערינס? פֿיהר מיך.

— איהר ווערט אַזוי גוט זיין, מיין הער, און געהן הינטער מיר. איך וועל געהן פֿאָראויס. איך וועל געבען אַ קוק, אויב ס'איז נישט פֿערהאַן ערגעץ די פֿערשאָלטענע פּאָליציי!

וועגק האָט איהם אַדורכגעלאָזט פֿאַר זיך.

דער מענש איז אַוועק אין אַ ראָג, אַוועקגעשטעלט זיך, נעהאָרכט, צי וועגק געהט איהם נאָך — און ער איז אַוועק ווייטער. מיט אַמאָל איז דער מענש פֿערשוואונדען, וועגק האָט געשטעלט נאָך אַ פּאָר טריט. עס איז זיכער געווען, אַז דער פֿיהרער זיינער האָט זיך בעהאַלטען אין איינעם פֿון די נאָהענטסטע טוירען. ער האָט אָנגעהויבען לאַנגזאַמער געהן און אַרומגעקוקט זיך איבעראַל, אָבער ער האָט איהם נישט געקענט געפֿינען.

— דאָס הייסט פֿאָרזיכטיגקייט! ווילט איהר דען, אַז די פּאָליציי זאָל אייך דווקא דערטאַפּען?! נו, ניכער!

דער מענש האָט איהם אַ שלעפּ געטהון נאָך אַ פּאָר טריט און איהם אַרייננעשטויסען אין עפּעס אַן אָפֿענע טיר. וועגק האָט זיך געפֿונען אין אַ פֿינסטערען קאָרידאָר. די טיר האָט זיך פֿערמאַכט אָן גערויש, און ס'איז געוואָרען ליכטיג

דער װעגװײַזער האָט איהם אַרײַנגעפיהרט אין אַ פּריװאַט װאוינונג, אין װעלכער עס האט זיך געפונען אַ קלײנער זאל אָנגעפּאַקט מיט מענשען.

צװײ העררען, װעלכע זענען געזעסען נאָהנט פון אַרײַנגאַנג, האָבען איהם זעהר העפליך אָנגעבאָטען אַן אָרט בײַ זײַער טיש.

דער װעגװײַזער איז פערשװאונדען.

דאָס, װאָס װענק האָט דערזעהן אויף דער ביהנע, איז גאָר נישט געװען קײן צװײַדײַטיגעס און די אָרדינערקײט פון דער פאָרשטעלונג האָט גאָר געקאָנט צוציהען מענשען, װאָס ליעבען צו זעהן אויסגעלאַסענע זאַכען.

דער פּראָקוראָר האָט געפּרובט זיך צו העררען צום געשפּרעך פון זײַנע שכנים.

אײנער האָט גערעדט צום צװײטען:

„... מיך אינטערעסירט גאָר, װאָס אַזאַ אונטערנעהמונג קאָן צוציהען הונדערטער מענשען און דערבײַ זײַן אומבעמערקט פון דער פּאָליצײַ. ערקלער מיר דאָס װי אַ פאַכמאַן.

דער אַנדערער האָט געענטפערט מיט אַ שטאַרקען פרעמדען אַקצענט:

— פון װאַנען זענט איהר, מײַן העֶר דע אַזוי זיכער, אַז דער לאָקאַל איז נישט בעקאַנט דער פּאָליצײַ?! עס זענען פערהאַן אַזעלכע לאָקאַלען, װעלכע די פּאָליצײַ טאָלערירט נאָר דערפאַר, כדי צו כאַפּען דאָרט די פערברעכער! למשל, בײַ אונז אין בודאַפּעסט...

װענק האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס.

ער האָט גאָרנישט בעמערקט. װי זײַנע שכנים האָבען איהם אַרײַנגעצויגען אין געשפּרעך. באַלד דערנאָך האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, גערופען די נעמען און דאָס פאַך.

אײנער פון די העררען איז געװען, װי װענק האָט עס באַלד געטראָפען, אַ הויכער בעאַמטער אין דער אונגאַרישער פּאָליצײַ. דאָס איז געװען אַ בעקאַנטשאַפט זעהר אַ דערפרײַ-

דענדע. װענק און יענער בעאַמטער זענען אַהערגעקומען צו ליב דעם אײנעם און זעלבען ציל — פֿאַרשען דאָס בערלינער לעבען.

דער אונגאַר האָט דערצעהלט אינטערעסאַנטע און פֿער־װיקעלטע געשעהעניסען פֿון זײן פּראַקטיק. ער האָט דערצעהלט פֿון די הײלען פֿון זינד אין בודאַפּעשט, ער האָט פֿאַרבײגעהענדיג גערעדט װעגען די שפּיל־הײזער, װאָס האָבען זיך נאָכ׳ן פֿאַטאַלען װעלט־קריג צװואַקסען אומעטום, װי די שװאָמען נאָך אַ רעגען, און איז שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען די שװינדלער און פֿערברעכער, װעלכע נעמען לױערען איצט דרײסט אפילו אין סאַמע העלען טאָג.

װענק האָט, בעהאַלטענדיג נאָך די רעשטלעך פֿון זײן אַמטליכען אונצוטרױ, ערקלערט, אַז ער פֿערברענגט יעצט אין בערלין זײן אורלויב. אַז ער אַרבײט אין מינכען, דאָ רוהט ער זיך אָפּ. בערלין, אַלס אַ ריזיגע זומפּ פֿון זינד, איז פֿאַר איהם, אַלס פּראָקוראָר, נאָר אַ פֿײנע צוגאַנגס־שולע.

װעגען מאַרקוזע׳ס אַפֿערע האָט ער נאָר לײכט דערמאָנט, נישט אָנרופֿענדיג דערבײ זײן נאָמען, און דערצעהלענדיג קוים עטליכע פֿון זײנע דרײסטע און שװינדערליכע טאַטען.

דער בעאַמטער פֿון בודאַפּעסט איז איהם אַרײנגעפֿאַלען אין די רײד:

אויך מיר האָבען ערשט נישט לאַנג געהאַט אַזאַ עהנליכען פּערשױן, װעלכען מיר האָבען שנעל אונשעדליך געמאַכט אויף אַ מאָדנעם אופֿן: מיר האָבען זיך אַנדערש מיט איהם קײן עצה נישט געקאָנט געבען! אויך בײ אונז אין אונגאַרן, גראָד אַזוי װי בײ אײך, איז היפּנאָטיזם פֿערבאָטען. מיר האָבען געהאַט דעם מענש — דעם מענש, װעלכען מיר האָבען געהאַלטען פֿאַר׳ן פֿערברעכער... אָבער, הער פּראָקוראָר, איך רעכען, איהר װעט עס האַלטען בסוד. איך פֿערראַט אַ געהײמניס... אָט האָבען מיר געװאוסט אויף זיכער, אַז דאָס איז אַ עלטסטער פֿון אַ באַנדע, אויף װעמענס געװיסען עס איז געלעגען אַ רײה מעהרערע פֿערברעכענס... מיר האָבען איהם

געהאַט אין אונזערע הענד, אין געפֿענגניש. אָבער דער פֿער-
ברעכער האָט זיך געמאַכט פֿאַר טויב-שטום, ער האָט ניט
געהאַט ביי זיך קיין שום דאָקומענטן. קיינער האָט זיין פּנים
ניט געקענט, ווייל בעת די מאָרדן פֿלעגט ער זיך באַנוצן
מיט אַ מאַסקע. אָבער מיר זענען געווען זיכער, אַז מיר האָ-
בן דעם פֿויגל דערטאַפּט. דאָס איז טאַקע אַ שווערע אויפֿ-
גאַבע פֿאַר פֿאַכלייט, אַ שלעכטע לאַגע, האַ ?... ווייל ווען ״
וואָלט געשטאַנען פֿאַר אַ געריכט פֿון געשוואָוירענע, וואָלט
ער דאָך נאָך געקאָנט אַרויס אויף דער פֿרייער צוליב מאַנגל
פֿון באַווייזן. און דאָס איז מיר גאָר ניט געפֿעלן געוואָ-
רען... איך האָב געווידמעט מעהר ווי אַ האַלב יאָהר, בכדי צו
פּאַקן דעם פֿויגל אין דער שטייג. אַנפֿעהיג מאַכן דעם
דאָזיגן אַוואַנטוריסט איז פֿאַר מיר געווען די העכסטע אויפֿ-
גאַבע פֿון מיין פֿאַך-אַמביציע... דעמאָלט האָב איך מיר ער-
לויבט אַ פֿיינעם אויפֿטו. מיינער אַ פֿריינד האָט פֿאַרמאָגט אַ
גרויסן טאַלאַנט צו היפּנאָטיזירן. ער איז געווען פֿון בערוף
אַנ'אַדוואָקאַט. זיינע פֿעהיגקייטן אין היפּנאָטיזירן פֿלעגט
ער ווייזן הויפּטזעכליך אויף פּריוואַטע פֿערזאַמלונגען. איך
האָב איהם צוגערעדט מיטצוגעהן מיט מיר אין תּפֿיסה. איהר
וועט זיך וואונדערן — דער אַדוואָקאַט האָט געמאַכט אַ סע-
אַנס מיט'ן פֿערברעכער... אין אַ האַלבער שעה אַרום האָב איך
שוין געוואוסט, אַז מיר האָבן באמת אין דער האַנד דעם
שעף פֿון דער באַנדע... ביים טויב-שטומען האָט זיך פּלוצלינג
געעפֿענט דאָס מויל און ער האָט מיר אויסגעזונגען אַזעלכע
זאַכן, אַז איך האָב איהם שוין געקאָנט מיט אַ ריין געוויסן
שיקן אויף דער תּליה !“

די דערצעהלונג האָט אויף ווענק'ן געמאַכט אַ שלעכטן
איינדרוק. ער האָט דערשפּירט אַנ'אָפּשטויסענד געפֿיהל צו
דער בערערעוודיגקייט פֿון דעם דאָזיגן אונגאַר.

— אינטערעסירען אייך, הער פּראָקוראָר, אַזעלכע מענ-
שען, וואָס זענען בעשאַנקען מיט דער אויסערגעוועהנליכער
קראַפֿט פֿון סוגעסטיע ? — האָט דער פּאָליציי-דירעקטאָר

— אויסערגעוועהנליך, — און נישט ווילענדיג איז ווענט אויפגעשפרונגען פון שטוהל.

— הם... און אפשר וואלט איהר געוואלט זיך צוזאמענ־טרעפען מיט מיין פריינד און זעהען מיט די אייגענע אויגען עטליכע פון זיינע פראדוקציעס?

— געפינט ער זיך איז בערלין? פערשטעהט זיך, איך וואלט איהם זעהר גערן וועלען בעקענען!

— יא, ער איז דא. ער האט געווארפען די אדוואקאטור און טרעט יעצט אויף עפענטליך. ער איז זעהר גיך בערינהמט געווארען. איהר האט מסתמא זיכער געהערט דעם נאמען ווילמאן!

ווענק האט זיך געשעהמט צו זאגען: „ניין". ער האט פון זיך ארויסגעשטויסען: „פערשטעהט זיך".

— אלזא, דער בערינהמטער ווילמאן איז דא. איהר ווייסט דאך, אז ער איז בערינהמט אויך פון דעם, וואס ער פערמאגט נאר איין האנד. די צווייטע איז פערבליבען אין די קארפאטען אינ'ם יאהר 1915! אלזא, אפגעמאכט! מארגען וועל איך איהם צו ווימען מון. איהר האט א טעלעפאן?

בייזרע הערצען זענען דאן אוועק אין שכנות'דיגען לאקאל, וואו מען האט פערקויפט עטער, קאקאאין און אפיום — איי־גענטליך האט מען דארטען אפגעטוין ערנערע מעשים, צו וועלכע עס איז געוויינט אייביג די בעססיע, וואס זיצט אינ'ם מענש.

— — — — — — — — — — — — —

באלד צומארגענס האט מען ווענק'ן צוגערופען צום טעלע־פאן.

— דא רעדט דער פאליציי־דירעקטאר ווערעים! אלץ איז אזוי ווי געוואונשען פאר אייך, העד פראקוראר. אין א פריוואטער וואוינונג ארדענט היינט איין ווילמאן זיין אווענד און עס איז געגעבען געווען, וואס איהר האט אויסגעדריקט אייער ווילען צו זעהען זיינע פראדוקציעס און איהר קאנט זיך

האַלטען פֿאַר אַ פֿערבעטענעם אָהן שום ווײַטערע פֿאָרמאַלי־
טעטען. דאָרט איז זעהר אַ גאַסטפֿרײַנדליך הויז. איהר וועט
זיך נישט ־־ לען אויף דער מינדעסטער האָר געבונדען אָדער
פֿרעמד. עס ־ען פֿאַרבעטען מינדעסטענס 60 ביז 70 מענ־
שען. דאָס איבריגע נעהם איך אויף זיך. און אויב עס איז
אײַך בעקוועם, קאָן איך אײַך אָפּפֿיהרען 9 אַ זייגער מיט מײַן
אויטאָ. די ווילע געפֿינט זיך אַ ביסעל ווײַט... אויסער דער
שטאָט... געבען דער אָזיערע מיקאָל...

— איך דאַנק אײַך זעהר פֿרײַנדליך, — האָט דירעקטאָר.
איך דאַנק אײַך פֿאַר אײַער העפֿליכקײַט. איך ווייס נישט. ווי
אַזוי איך וועל עס קאָנען אָפּדינען — האָט וועגק געענטפֿערט.

— אַך, מיר, אונגאַרען זענען תמיד אַזעלכע! דאָס
פֿערשאַפֿט אונז פֿערגעניגען! — האָט זיך פֿרעהליך צולאַכט
דאָס קול פֿון דירעקטאָר אין טעלעפֿאָן־רעהרעל. — אַלזאָ,
אָפּגעמאַכט!

— אָפּגעמאַכט!

האָט האָט ער אויף אַ מינוט פֿערלוירען די סימפּאַטיע צו זײַן
נײַעם בעקאַנטען. ער האָט זיך אין יעצטיגען מאָמענט גע־
שעהמט פֿאַר זיך אַליין.

„באמת. די דאָזיגע אונגארען זענען אויסערגעוועהנליך
העפֿליך" — האָט וועגק געטראַכט, אַוועקלעגענדיג דאָס רער־
רעל. ער האָט זיך געמאַכט אַ פֿאָרוואורף, וואָס אַ טאָג פֿרי־

נאָכמיטאָג האָט וועגק פֿערבראַכט אין אַרכיוו פֿון דער
קרימינאַל־פּאָליציי, וואו זײַן יונגער קאָלעגע, מיט וועלכען ער
האָט געהאַט אַרומגערעדט דעם ענין דאָקטאָר מאַרקוזע, האָט
איהם געוויזען אַ שטוים פּאָטאָגראַמען, געזאַמעלט פֿון אויס־
פֿאָרשונגס־אַמט. פֿאַר וועגק'ס אויגען האָט זיך געצויגען אַ
גאַלעריע פֿערברעכער און פֿערדעכטיגע פּערשוינען. ער האָט
נישט איבערגעריסען די אַרבײַט, ביז ער האָט נישט אַדורכגע־
קוקט די אַלע בילדער ביז צום לעצטען. און ווען ער איז אַ
מידער פֿון דעם לאַנגען איבערקוקען די שטריכען פֿון די
מרדערישע פּנים'ער, ענדליך אהיימגעקומען, האָט ער געהאַט

צייט בלויז איבערצוטון זיך אין פראַק.

## XVII

דער פּאָליציי־דירעקטאָר ווערעים האָט זיך פּינקטלעך צוגעשטעלט.

— איך מוז אייך עטוואָס אינפאָרמירען וועגען די בעלי־בתים און וועגען מיינע לאַנדסלייט דאָרט איבער דער אָזיערע. מיקאָל — האָט אָנגעהויבען דער דירעקטאָר גלייך ווי דער אויטאָ האָט געריהרט, — דער אַמפּיטריאָן אונזערער איז דער עקס־פּרינץ פון קאָמור און קאָמרעק, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טענצערין פון דער ווינער אָפּערע. פערשטעהט זיך געניען ווילען פון דער פאַמיליע! זיי האָבען איהם טאַקע פערבויטערט ס'לעבען, אַז ער האָט עם געהאַט גענוג... און ער האָט זיי איינמאָל ערקלערט: „אַדיע! בע־האַלט אייך אייער פּרינצשאַפט. איך פייף אויף אייך. פון היינט אָן הייס איך פּראָסט — קאָמאָרעק... און ער האָט אויסגעוואַנדערט. ער האָט געהאַט אַ נישקשה'דיג פערמעגען. דאָס האָט איהם געגעבען אַ פולשטענדיגע מעגליכקייט צו זיין נישט אָפּהענגיג פון דער פאַמיליע. דאָס איינציגע, וואָס ער האָט זיך איבערגעלאָזט פון זיין פּרינצשאַפט, דאָס איז אַ פּרעכטיגע ווילע, וועלכע ער האָט זיך איינגעאָרדענט הינ־טער בערלין. איבריגענס, איהר וועט אַלץ אַליין שוין זעהען. זיי וואוינען שוין דאָרטען העכער אַ יאָהר צעהן. די ווירטין פון הויז איז אַ סימפּאַטישע און אָרגינעלע ביז גאָר. אָרי־גינעלער נישט פון איין פּרינצעסין. פערשטעהט זיך, אַז זי איז שוין נישט קיין יונגע. איהר האָט געגעסען אָוועגדבראָיט, הער פּראָקוראָר?

— ניין!

— אויסגעצייכענט! די פאַמיליע קאָמאָרעק נעמט אויף זעהר גאַסטפריינדליך איהרע געסט. איהר וועט האָבען פּאָ־טראַוועס די פינגער צו לעקען!

וועגעל האָט זיך נאָר געפרעגט: „פאַרוואָס רעדט ער אַזויפיל?“ און נישט ווילענדיג איז די נעכטיגע אַנטיפּאַטיע

צו דעם אונגאַר געוואַקסע! און איהם אויפּסנט.

ער האָט דערשפּירט, אַז די געפיהלען צופלאַזען איהם די ברוסט. נישט קוקענדיג אויף דער פינסטערניש, וואָס האָט געהערשט אין אויטאָ, האָט ער דערפיהלט אַ בייסענדען וועהטאָג אין די אויגען. הויפּטזעכליך האָט ער אין די אויגען־ווינקלען געפיהלט אַ שטעכעניש, וואָס אַמאָל שאַרפער, מאַ־כענדיג איהם כמעט פאַר אַן׳אומגליקליכען. טויזענדער ליכט־בילדער זענען איהם פאַרביי פאַר די אויגען, ווי צווילדעוועטע באַהן־סיגנאַלען, וואָס האָבען זיך בעמיהט צוצופּאַסען צו עפּיס אַ קאַטאַסטראָפאַלען טאַנץ פון וואַגאָנען.

— איך וואָלט שוין וועלען ליגען אין מיין בעט! — האָט אין איהם עפּיס בעטענדיג געקרעכצט.

דער אויטאָ איז געפלויגען און אַ פאַר איהם אונבעקאַנ־טער געגענד. דאָס האָט איהר געוואונדערט, ווייל ער פלעגט זעהר אָפט מאַכען אויספלוגען צו דער אָזיערע מיקאָל און ער האָט געגלויבט, אַז ער קען די געגענד, וואָס ליגט אַרום פרי־דענגאַו. דאָך היינט איז איהם אַלץ פאַרגעקומען מאָדנע פרעמד. ער האָט נישט געוואוסט, אויב די שולד ליגט אין דער פינסטערניש פון דער היינטיגער נאַכט, אָדער צוליב דער קאַרגער בעלויכטונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען נאָכ׳ן וועלט־קריג, אָדער גאָר אין זיין אינערליכער שטימונג.

— דאַרפען מיר דען זיך נישט געפינען שוין ביי דער אָזיערע מיקאָל, — האָט ער געפרעגט.

— איך אָריענטיר זיך נישט! — האָט ווערעים גע־ענטפערט.

— איך האָב דאָרט אַמאָל פריהער געהאַט פריינד, צו וועלכע איך פלעג פאָהרען מיט׳ן אויטאָ פאַר דער צייט פון מיין פערברענגען אין בערלין. אָבער דאָס איז געווען פאַר׳ן קריג.

— אהא, פאַר׳ קריג! אַלץ איז דעמאָלט געווען גאָר אַנדערש! — האָט זיך דער דירעקטאָר צולאַכט.

נאָכדעם זענען ביידע שטיל געבליבען.

— נײַן ! — האָט װעלטמאַן אױסגערופֿן — איך האָב געכּישופֿט די רעכטע סעשאַנסע, נישט די לינקע. און דער לינ־קער האָט איהר אַ ברױנינג, פֿאַבריקס־מאַרקע סערענג נומער 201564.

דאָס מאָל דאַרף װענק אַ קוק געטאָן אױף װעלטמאַנ׳ען, װי פֿון אַ דונער געטראָפֿען, װײַל יענער האָט נישט געהאַט קײן שום טעות. װענק האָט באמת געהאַט און דער לינקער טאַש אַ ברױנינג פֿון דער־פֿירמע סערענג. מען האָט זיך אַ־ני־בערנעבױגען פֿון אַלע זײַטען. די גרעפֿין האָט זיך אַזױ נאַרװעז צונעטעליעט, אַז עס האָט איהם אַ שלאַג געטאָן דער ריח פֿון איהר פּודער. זי האָט געפֿרעגט :

— װאָס זאָגט איהר צו דעם, הער װענק ?

דער היפּנאָטיזאָר האָט, שמײכלענדיג, צוגעגעבען :

— איהר קאָנט דרײסט װײזען אײַער רעװאָלװער. איהר האָט דאָך און אַנ׳אַנדערער אָפּטײלונג פֿון אײַער ברוסט־טאַש אַ בעשײַניגונג, אַז איהר מעגט טראָגען געװעהר. עס איז געװאָרען בעגלײַט און מינכען דעם 1. יאַנואַר 1921 מיט דעם נומער 5. איהר האָט זיך זעהר געאײַלט צו בעקומען די ער־לױבניש, הער װענק.

ציטערט פֿון איהם און חלום אָט דער דאָזיגער מענש ? ער האָט אַרױסגענומען אַלץ פֿון טאַש. אַלץ האָט גע־שטימט.

— גענוג ! — האָט װעלטמאַן אױסגערופֿען — יעצט ערלױבט מיר, מײַנע דאַמען און הערען, צו װײַזען עטליכע עקספּערימענטען פֿון איבערגעטראָגענעם װילען. איך בעט־בעט דאָ אײנעם פֿון די הערען !

עמיץ איז אַרױף אױפֿ׳ן פּאָדיום.

— אײַער האָהײט, פּרינצעסין, איז דער הער אײַער בעקאַנטער ?

— יאָ, דאָס איז באַראָן פּרעװויטץ !

װעלטמאַן האָט דערװײַל שױן געשריבען עפּעס אױף אַ בלאָק — אַזױ, אַז דער באַראָן האָט עס נישט געקאָנט איבער־

ליינענען — און אָנשרײַבענדיג האָט ער אַ וואָרף געטון דעם
לײַכטער בלאָק אין זאַל אַרײַן, נאָכדעם האָט ער אומגאַנצען
רוהיג און גאָרנישט לאַנג אַ קוק געטון אויף פּרעוויטצ'ן. עס
נער איז דערווײַל אַרײַנגעפאַלען, ווי אין אַ פער'פישופ'טער
בעוועגונג. ער האָט פערלאָזט די בינהנע, געגאַנגען פאַרזיכטיג
פון בענקעל צו בענקעל און אַרײַנגעקוקט אין פנים פון יעדען
צושויער.

וועלטמאַן האָט אויסגעשריגען: „איך פערבעט פיר העד
רען, אָדער פיר מענער צו מיר אויף דער ביהנע. גיכער!"

אַ גרופּע מענשען האָט זיך אַריהר געטון צום פּאָדיום.
וועלטמאַן האָט פערהאַלטען אויף דער בינהנע דרײַ הערען און
איין דאַמע; די איבריגע זענען צוריק אויף די ערטער.

דער הינפּנאָטיזאָר האָט אַוועקגעזעצט די פערבעטענע
אַרום טיש, אויף וועלכען ער האָט צולעגט אַ טאַליע קאָרטען.

— זענען די הערען און די דאַמע בעקאַנט דער געזעלד
שאַפט?

די פּרינצעסין האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. עס האָבען
זיך אַ שאָט געטון קולות: „יאָ!"

פּרעוועניץ האָט זיך דערנעהנטערט צו ווענק'ן.

וועלטמאַן האָט ווידער עפּיס געשריבען אין אַ בלאָק, און
געקוקט בעת מעשה אויף יעדען איינצעלנעם בעזונדער דורכ
דרינגליך, אָבער גיך איבערגעהענדיג פון איינעם צום צווייטען
פון די פיר מענשען אויף דער בינהנע.

איינער פון זיי האָט פּלוצים געפרעגט: „21 אָדער פאַד
קער?"

וועלטמאַן האָט שווײַגענדיג געשריבען ווייטער.

מען איז בעשטאַנען אויף 21 און מען איז צוגעטרעטען
צום שפּיל.

— עס פעהלט אונז נאָך איינער — האָט די דאַמע אויס
געשריען.

— איך וועל אײַך באַלד דינען! — האָט וועלטמאַן גע
ענטפערט — די גנשריגע מאַראָם וועט אַזוי נאָך זײַן האַלטען
די באַנק.

דערווײַל איז פּרעוואָיץ שוין געשטאַנען פאַר װענק׳ן. לאַנג אַרײַנגעקוקט אין זײַן פּנים און דאַן מיט פֿולער זיכער־קײַט אַרײַנגעשטעקט די האַנד אין װענק׳ס לינקער קעשענע און אַרויסגענומען דעם ברױנינג. ער האָט אױפגעהױבען דאָס געװעהר און געבליבען שטעהן נאָהנט פאַר אים.

װילסמאַן האָט זי אָנגערופען פון דער בינע:

— װאָס זענט איהר אַזױ אומפאָרזיכטיג און טראָגט אין דער קעשענע אַן׳אָנגעלאָדענעם רעװאָלװער?

און װענדענדיג זיך צום זאַל, האָט ער צוגעגעבען:

— איך בעט איבערצולײענען, װאָס איך האָב אָנגע־שריבען אױפ׳ן בלאַק.

עמיץ האָט איבערגעלײענט:

„דער באַראָן דאַרף געהן צו דער ערשטער רײה, פון שטוהל צו שטוהל, און בײַ דער פּערזאָן, װאָס האָט אין טאַש אַן׳אָנגעלאָדענעם רעװאָלװער, אַרויסנעמען און אַװעקשטעלען זיך נעבען איהם.

עס האָבען אַ הילך געטאָן אַפּלאַדיסמענטען. װעלסמאַן האָט מיט אַ קורצער האַנד־בעמערקונג געגעבען אַ צײכען אָפּ־צושטעלען יעצט דעם אױסדרוק פון אָנערקענונג.

ער האָט אױפגעהערט צו שרײַבען, ער האָט איבערגע־געבען דעם בלאָק דער פּרינצעסין און אַװעקגעזעצט זיך שפּי־לען.

— דאָס ערשטע צעטעלע! — האָט ער אַ זאָג געטאָן אין דער זײַט פון דער פּרינצעסין.

די פּרינצעסין האָט אין דער שטיל איבערגעלײענט דאָס ערשטע בלעטעל פון׳ם בלאָק. זי האָט עס דאַן איבערגעגעבען איהר שכן און מיט שפּאַנונג בעטראַכט די בינע.

און דאָרט איז פאָרגעקומען פאָלגענדעס:

דער סוגעסטאָר האָט געװינען אײַנמאָל נאָכ׳ן צװײטען. מײַלמאָל האָט ער אומגעװענדעט זײַן בליק פון טיש צו די צושױער. װענק׳ן האָט זיך אױסגעדוכטע, אַז ער װינקט צו איהם. װענק האָט געװאוסט, אַז ער צומישט זיך; עפּיס א

בליץ, וואָס האָט צײַטענווײַז געשפּילט אין וועלטמאַן'ס אויג, האָט עס געמוזט אַרויסרופֿן. ווענק האָט זיך געפֿיהלט רעך־מיט אונרוהיג. וואָס אַמאָל שטאַרקער, וואָס אַמאָל צוציהענ־דער האָט זיך אײַנגענעסטינגט אין איהם דער געדאַנק אַרויפֿ־צוגעהן אויף דער בינע, אַרײַנצוקוקן פֿון דער נאָהנט אין די אויגען פֿון יענעם מענש, כּדי זיך איבערצוצײַגען, אויב ער מיינט נישט איהם מיט זײַנע ווינקען.

— וואָס פֿאַר אַ נאַרישקײַטען קומען מיר אויפֿ'ן רעיון?

— האָט ער געטראַכט.

ער האָט זיך בעמיהט צו בעפֿרײַען פֿון אָט דער שווערער אײַנבילדונג.

פּלוצלינג האָט צווישען דער אַלגעמיינער שטילקײַט עמיץ פֿון די שפּילער אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ, מיט'ן גאַנצען קערפּער איבערגעבויגען זיך איבער'ן טיש און אָנגערופֿען זיך מיט עפּיס אַ פֿרעמד פֿערשלאָפֿען קול:

— וואָס האָב איך געטון? איך האָב געהאַט 21. ... האָט עמיץ געזאָגט נישט מיט מײַן שטימע: איך האָב ... דער גאָרנישט.

ער האָט אַ כאַפּ געטון די קאָרטען און געוויזען, אַז ער האָט נעהאַט אַ טויז, אַ וואַלעט און אַ צעהנטעל.

— צו שפּעט! — האָט וועלטמאַן, דער באַנקיר, צו איהם הויך געזאָגט.

ווענק האָט זיך מיט בײדע הענד אָנגעכאַפּט פֿאַר די שלײפֿען. ער האָט עהנליכעס שוין איבערגעלעבט. אָבער וואו? ווען? מיט ווען?

ווענק האָט דערהערט:

— איהר מאַיעסטעט, די פּרינצעסין!

ווערעים האָט איהם פֿאַרגעשטעלט.

די יאַמע האָט מיט אַ שמײכעל געזאָגט:

— אָה, דאָס איז אײַער פֿרײַנד, מיט וועלכען איהר האָט אונז צוגעזאָגט זיך צו בעקענען! זײַט חולקאַמען, הער פֿאָן ווענק. איך גלויב, איך דאַרף זיך נישט ערשט ספּעציעל בעי־

מיחשן, איהר זאלט זיך פיהלען גוט בײַ אונז. קאן מיר ער־לויבט זײַן. מײַנע הערען, צו רעקאָמענדירען אײַך מײַן מאַן? די פליגלמען פון א חויז־ווירטין... איהר פערשטעהט דאָך, הער פראָקוראָר ?...

די דאַמע האָט געמאַכט א טריט פאָראויס און האָט זיך נעפינען אין קרײַז פון ליכט בײַ איינעם פון די זשיראַנדאָלען. רעמאָלט האָט ווענק בעמערקט, אַז די דאַמע, וואָס האָט זיך איהם אין אָנהויב אויסגעוויזען פאַר יונג, איז געווען שטאַרק געפודערט און נעשמינקט. איהר קלייד איז געווען אַזוי שרײַ־ענדיג און געשמאַקלאָז, אַז ער האָט זיך אַזש צוריקגעצוינגען, ווען געזעגענדיג זיך מיט איהם, האָט זי איהם בעשאָנקען מיט א צו־זיסליכען שמייכעל.

— מײַן מאַן! — האָט זי גלײַך אַרויסגעזאָגט.

— איך בעגריס אײַער האָהייט! — האָט זיך דער פאָ־ליציי־דירעקטאָר הויך אָנגערופען צום זיך דערנעהענטערנדען מאַן. יענער האָט א נויג געטוּן דעם קאָפּ צו ווענק'ן, א ביסעל טעאַטראַליש, ווי עס האָט זיך ווענק'ן אויסגעוויזען. און ווען דער פּרינץ, דער בעל־הבית, האָט זיך ווידער אויסגעגליכען, האָט דער פראָקוראָר פאַר זיך דערזעהען א פּנים מיט שוואַר־צע וואָנסעס, וואָס האָט געהאַט א מאָדנע עהנליכקייט צו די מיפען, וועלכע ער האָט הײַנט געזעהען אין אַלבום פון פערברעכער.

די בעל־הבית'טע פון הויז איז פערשוואונדען.

דער פּרינץ, כאָטש דאָס פּנים האָט געשמייכעלט, מוז מען אָבער מודה זײַן, האָט פערמאָגט די פײַנסטע מאַנירען. ער האָט פערמאָגט די שוין הײַנט זעלטענע בעגאַבונג צו רעדען און גאָרנישט צו זאָגען. די טעמעס פון זײַן געשפּרעך — אַזוי צו זאָגען — זענען געלעגען אויסער זײַן פערזאָן. ער האָט זיך געגומען, דוכט זיך, בכדי צו געבען זיך א פאָרם. אַנ־דערש וואָלטע זיך געבליבען אומבעמערקט פון קיינעם און אָנ־ערקענט פאַר גישט ווילפיגע.

ווענק האָט געטראַכט: „דאָס איז אַנ'אַלטע ראַסע!"

דער פּרינץ האָט איהם אַליין אַװעקגעפֿיהרט אין דער ערשטער ריזה.

מען האָט געבעטען פֿערגעמען די פּלעצער. װעלטמאַן אַליין, װעלכער איז בּערימט געװעזען פֿון דעם, װאָס ער האָט פֿערמאָגט נאָר איין האַנד, האָט זיך אין דער געזעלשאַפֿט נישט געפֿינען.

װענק האָט געהאַט אויף דער לינקער זייט לעבען זיך — די בּעל־הבּית'טע פֿון הויז. בּיי דער רעכטער — דעם פּאָליציי־דירעקטאָר, װעלכער האָט אויסגעזעהען, װי אַ צוגעקלעבטער צו איהם.

איבּער דער געדיכטער זיידענער פֿאָרהאַנג זענען אַריבּער עטליכע ציטערען און אויף דער מיט בּיהנע איז אויפֿגעטרע־טען אַ הויכער און בּרייטער מאַנספערשוין מיט אַ בּיסעל פֿער־רונדעטע פּלייצעס. ער איז געװעזען אָנגעטאָן מיט אויסערגע־װעהנליכער עלעגאַנץ.

אין געגענזאַץ צו די אַנדערע געסט, אויסגעפּראַקעװעטע הערען און שטאַרק דעקאָלטירטע דאַמען, האָט ער געטראָגען אַ טונקעל־גראָהען שפּאַציר־אַנצוג פֿון ענגלישען שטאָף. מען האָט גלייך געקאָנט דערקענען, אַז איינע האַנד אין אַ גראָהע הענדשקע איז געװעזען אַ טויטע.

— אַנ'אונגאַר! װער האָט דערין געקאָנט צװייפֿלען?— האָט װענק פֿאַר זיך אַליין גערעדט — אַנ'אונגאַר, כאָטש דער נאָמען איז אַ דײַטשער.

װעלטמאַנ'ס װאָנסען זענען געװעזען שװאַרצע, געדיכטע און שפּיציג־פֿערענדיגטע. די בּרעמען האָבּען זיך געקרומט אין בּויגענס גאָר נידריג, בּיי די סאַמע אויגען־לעדער. די האָר, װי אייזערנע דראָטען, פֿערקעמט און דורכגעטיילט.

װעלטמאַן האָט אַ זאָג געטאָן עטליכע װערטער אין זיין פֿאָרװאָרט, אָהן שום פֿראַזען, כמעט האַרב. װי זיין פּראָספּ־קט. ער האָט קורץ ערקלערט: די ערשיינונגען, װעלכע ער װיל בּעװײַזען פֿאַר די געסט. פּרינצעסין און פּרינץ קאָמאָ־רעט זענען דער רעזולטאַט פֿון געװיסע מעטיגע גייסטיגע

פּרעפּטעז, און ער צווייפֿעלט נישט אַליין, אַז די געסט וועלען
זיך מעהר פֿעראינטערעסירען מיט די טאַמען אליין, ווי מיט
די ערקלערונגען, וועלכע ער בעדאַרף פֿאַראויס געבען.

ער וואָלט געוואָלט באַלד אין אָנהויב זיך אַליין פֿאָר-
שטעלען אַלס אָביעקט און בעטען צו בעשטימען פֿון די אַנווע-
זענדע איין דאַמע מיט איין הער. אפֿשר וואָלט בעווילינגט
איהר האָהייט, די פּרינצעסין אַליין, זיין די דאָזיגע דאַמע?

די פּרינצעסין האָט אויסגערופֿען:

— אַלס הער בעט איך מיין שכן, דעם הער פֿאָן ווענק!

— און די דאַמע? אפֿשר וואָלט זיין האָהייט דער פּרינץ
בעשטימט אַ דאַמע?

דער פּרינץ האָט אָהן איבערלעגונג אויסגערופֿען:

— וועמען קאָן איך אָנווייזען, ווען נישט מיין פֿרוי?

וועלטמאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטוהל. ער
האָט אַוועקגעלייגט זיין קינסטלילכע האַנד אַ ביסעל שטייפֿליך
אויף אַ קניה, די צווייטע האָט ער אַריינגעשטעקט אין דער
שפּער קעשענע פֿון זיין מאַרינאַרקע.

— מאַדאַם פּרינצעסין! — האָט ער אַ זאָג געטהון נאָך
אַ ווײַלע פֿון אָנשטרענגונג — האָב איך געהאַט ווען עס איז
אַמאָל אייער ווינגערל אין האַנד? אַ קליין ווינגערל, וואָס אייער
האָהייט טראָגט אין האַנד-בײַטעלע.

— איך גלויב, אַז נישט! — האָט די פּרינצעסין גע-
ענטפֿערט.

— דאָס ווינגערל האָט אַ נומער 56403, אָוואַל און איז
פֿון טיפֿ אָמענאַ-ווינגערלעך.

די פּרינצעסין האָט אַרויסגענומען איהר ווינגערל, אויפֿ-
געעפֿענט און אַ נויג געטהון מיט'ן קאָפּ. זי האָט עס געוויזען
איהרע שכנים און פֿרעהליך אויסגערופֿען: יאָ, עס שטימט!

— ביטע, פֿערטראַכט זיך, פּרינצעסין, ווענען אַ פֿאַרב
און שרייבט עס אויף אויף אַ צעטעלע... זייט אַזוי גוט און
ווייזט עס אייער שכן!

די פּרינצעסין האָט זיך פֿערטראַכט. דאַן האָט זי אויפֿ-

געשריבען :

„די פֿאַרב פֿון אַמעטיסט אין'ם רינג פֿון הער פֿאָן ווענק"

זי האָט דאָס צעטעלע דערלאַנגט דעם פּראָקוראָר.

ווילמאַן האָט געבעטען אַ ווײַלע זיך צו פֿערטראַכטען.

דאַן האָט ער אָנגעהויבען מיט קלײַנע פֿויזען :

— די פֿאַרב... אויסגעוועהלט בײַם שלײַן... איז נישט ערד־

קלערבאַר... איז דורכזיכטיג... איבריגענס אַ פֿאַרב פֿון אַ

שטיין. איך קאָן נישט זאָגען גענוי, פֿון וועלכע צווײ קאָלירען

ער בּעשטעהט. נאַר... נאָר ער האָט אַ פּיאָלעטענע שײַן !

— הויבּט אויף אײַער שטײַן צו דער ליכט ! — האָט די

פּרינצעסין נעבעטען דעם פּראָקוראָר. און דעמאָלט האָבּען

זיך די געסט איבּערצײַגט, אַז דער טײַערער עדעלשטײַן האָט

באמת געגלאַנצט מיט די קאָלירען פֿון טונקעל־פּיאָלעט און

דורכזיכטיג־ווײַס !

וועמען פֿון די הערען האָט בעשטימט די פּרינצעסין ? —

האָט ווילמאַן געפֿרעגט.

— מײַן שלײַן, דעם הער פֿאָן ווענק.

אָהן שום איבּערלעגונג, קוים אַ בּעוועג־טוענדיג מיט'ן

קאָפּ, האָט ווילמאַן רעציטירט :

— גנעדיגער הער ! אין דער זײַטיגער טאַש פֿון אײַער

פֿראַק געפֿינט זיך אַ טײַסטער. עס געפֿינען זיך אין איהם צווײ

טויזענד־מאַרק־שײַנען, די עמיסיע פֿון יאָהר 1918, סעריע

„דע", נומער 65045 און די זעלבּע עמיסיע „ע" נומער 5567.

דאַרף איך רעדען ווײַטער, אָדער איהר ווילט צוערשט קאָנ־

טראָלירען ?

ווענק האָט שמײַכלענדיג זיך צוגעריהרט צו דער טאַש.

ווענק האָט אַ קוק געטהון אויפ'ן זײַגער. אָבער די פּינס־

טערניש איז געווען אַ צו־שטאַרקע. עס האָט זיך אפילו נישט

געוויזעלט דאָס ציפֿער־בלאַט. שוין אַ שפּאָרע צײַט האָבּען

זײַ שוין מעהר נישט בּענעגענט קײַן לאַמטערן אויפ'ן וועג.

נאָך אַ לענגערע שווײַגען האָט ווענק געפֿרעגט :

— איז מען נאָך נאָך נישט פֿאַרבײַגעפֿאָהרען ?

— דאָס איז אַ בערלינער מאַקסע־אויטאָ. דער שאָפער האָט מיר געזאָגט, אַז ער קען די געגענד אויסגעצייכנט.

װענק האָט צוגעטראָגן דאָס רעהרעל צום מויל:

— שאָפער! דו ווייסט דאָך, וואו עס געפינט זיך די אָזיערע מיקאָל — די ווילע פון קאָמאָרעק.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט דער אויטאָ זיך אַרײַנגעדרעהט אין פון דער מיפּעניש פון די אַלעען האָט זיך אַרויסגעוויזען ליכט.

— נו, ענדליך זענען מיר אָנגעקומען — האָט דער פּאָ־ליציי־דירעקטאָר געזאָגט.

באַלד דערנאָך האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט אין דער רייה פון אַנדערע אויטאָס, וואָס זענען געשטאַנען פאַר'ן גאַניקעל. דאָס גאַניקעל איז נישט געװען בעלויכטען, אָבער עס איז געפאַלען געגוג ליכט דורך די דרײַ הויכע גלעזערנע טירען, וואָס האָבען געפיהרט צו גרויסע פּראָנט־טרעפּען.

װענק איז גיך אַרײַן אין בעלויכטענעם הויז. װערעים האָט איהם אַרײַנגעפיהרט אין דער גאַרדעראָבע, וואָס איז פול געווען מיט אויבער־מענטעל פון די געסט. דער גרויסער וואַנד־זייגער האָט פון דער מיפּעניש פון זאַל אויסגעשלאָגען צעהן שטאַרקע קלעפּ. עס האָט זיך אויסגעדרוכטען, ווי דער קלאַנג וואָלט מיט אַ בײַטש אַרויסגעשמיסען די שעה'ן פון דער מיפּעניש. װענק האָט קוים מיט שווערקייט געקאָנט אָפּ־צעהלען די קלאַנגען.

— צעהן אַ זייגער — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך — מיר זענען געפאָהרען אַ שעה. איך האָב אויך געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז מיר האָבען געמאַכט העכער אַ פינף און פירציג קילאָמעטער. די אָזיערע מיקאָל איז דאָך אָבער פאָרט נישט אַזוי ווייט.

עס האָט איהם אַרומגענומען אַ פערנעפּעלטער אומצו־פרוי.

ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויף דעם אונגאַר, וועלכער האָט צו איהם פרײַנדליך געשמייכעלט.

זיי זענען אַדורך גרויסע זײַטיגע טירען

— איהר וועט מיר ערלויבען — איך וועל געהן דער ערשטער. איך וועל גלייך אוועקפיהרען אייך צו דער פרינ-צעסין.

דער לאקאי האט פרייט צושפּענט די טירען. ווענק איז ארײן נאכ'ן פּאלוציי-דירעקטאר אין א גענוג קליינעם און זוי-מיגען זאל. דאס ליכט איז געווען פערמונקעלט דורך נאזע. דאס איז געווען דאס ערשטע, וואס האט געצויגען ווענק'ס אויפמערקזאמקייט. שפּעטער האט ער דערזעהען א קליינע רונדיגע ביהנע אין ווינקעל. די ביהנע איז געווען פערפוצט מיט פארביגע קאסטבארקייטען און צויאמישע מעבלען. אינמיטען האט זיך געפונען א טיש מיט עטליכע שטוהלען. אין די פאטעלען האבען זיך בעוועגט מענשען אין אווענד-קליידער. די מענער האבען איבערגעשטיגען די צאהל פרויען. די דאמען זענען געווען אויסגעפוצט לויט דער נייעסטער מאדע, וואס האט געגרעניצט מיט עקסצענטרישקייט.

ער איז זיך צושוואומען אין ערוינערונגען. ער האט נעפיינינגט זיין מוח. ווי אנ'אויסגעהאמערט בילד איז עס גע-שטאנען פאר איהם אין געדרעבעניש, יאגענדיג און נישט קאנ-געדריג עס דערמאפען. אין פיין איז ענטשטאנען עפּיס א פארם... צוצויגען זיך, פערנעפעלט, אבער כסדר וואקסענדיג... דאס איז געווען א מענש — ניין, א סלופ אהן נשמה — ניין, א שרעקעווודיגע זעהונג... וואס ? — האט ווענק נישט געקאנט ערקלערען.

אבער די פארם האט זיך דא און דארט בעפארבט מיט בלוט און געהאטא מויל, און אז דאס מויל האט זיך פער-שפּיצט דאן, ווען ס'האט ארויסגערעדט א ווארט:

„מסי... נאן... פו!"

און יעצט האט זיך די דערמאהנונגס-כוואליע אויפגע-הויבען העכער, ווענק האט זיך דייטליך דערמאנט, אז דאס ווארט האט ער געהערט פון מויל פונ'ם אלטען פראפעסאר, וועלכער איז נישט געווען קיין אנדערער, ווי דאקטאר מאר-קוזע, צוליב וועלכען ער האט אונטערגענומען א רייזע נאך

„דאָקטאָר מאַר... דאָקטאָר מאַר...“ האָבען איז איהם נעפּלינסטערט געהיימע, אָפּגעריסענע שטימען. ער האָט זיך נעוואָלט פאַרשטעלען, ווי עס האָט אויסגעזעהען יענער אַל־טער פּראָפעסאָר. אָבער דאָס איז ער נישט געווען בכח מאָ־מענטאַל צו טון. נאָר דאָס מויל איז געווען דיימליך — דאָס האָט פערשטעלט דאָס גאַנצע געשטאַלט — אַ גרויס, שאַרף מויל, וואָס האָט מיט אַזאַ ביטערער בעטאָנונג אַרויסגעקראָצט דעם נאָמען פון דער לינגווישער שטאָט.

פונ׳ם איינדרוק פון די בילדער, וואָס האָבען זיך אַרויס־געריסען פון זכרון, האָט זיך וועגק, אַ פערוואונדערטער גע־שטעלט אַ פראַגע:

— פאַרוואָס מוז איך יעצט קלערען וועגען יענעם אַל־טען פּראָפעסאָר? פאַרוואָס גראָד וועגען איהם און נישט פון מאַרקוזע׳ן אין אַנ׳אַנדער געשטאַלט, למשל אין ריכטיגען גע־שטאַלט. ווי איך האָב עס איין מיר איינגעקריצט אין זכרון יענעם אָוועגד אין זאַל „די פריי טוילען פונ׳ם יאָהר“

און ער האָט זיך אויפגעהויבן פערטראַכט.

— מאַרקוזע אַלס סוגעסטאָר! וואָס פאַר אַ דרייסטע־קייט! אַלס עפענטליך־אַרויסטרעטענדער סוגעסטיאָר! האָט דען מאַרקוזע אויך פערמאָגט אַזאַ געוואַלדיגע בעגאַבונג, ווי דער וועלטמאַן?... און אפשר איז וועלטמאַן יענער פערברע־כער, וואָס איז אַריבער אונבעריהרט דורך פייער און וואסער, גראָד ווי יענער מאַרקוזע?

וואָס ווייטער, אַלץ דייטליכער און מאָרנער זענען גע־פלויגען די פערפּלאָנטערטע געדאַנקען.

ער האָט געפּרובט איצט, ווענדענדיג פער׳עקשנ׳ט זיין בליק אויף וועלטמאַנ׳ען, צוקלעבען איהם אַ לאַנגע רויטע באָרד, גראָד אַזעלכע, וואָס מאַרקוזע האָט געטראָגען צום ערשטען מאָל, ווען ער איז אַרויס אויף זיין וועג.

און מיטאיינמאָל האָט וועגק אויף די אונטערגריינבאָרע ווענגען פון אונטערבוואוסטזיין געוואוסט שוין אויף זיכער

פֿון וואַנען ער קען די סיטואַציע — יענער שפּילער, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפֿן די קאָרטן, כאָטש ער האָט געהאַט 21, און געהאַט איינגענטליך געוווּנען, איז געווען דער ערמאָרדעטער ווינטער. ער האָט עס פֿאַרשריבן גענוי אין זיין נאָטיץ. יאָ, עס איז געווען נאָטירט אויפֿ'ן ערשטן זייטל פֿון זיין נאָטיץ-בוך, וואָס עס האָט איהם אַרויסגעצויגן דאָקטאָר מאַרקוזע'ס שאָפֿער אין יענער נאַכט, ווען מען האָט איהם, אַנ'איינגעשלעפֿערטן מיט גאַז, אַוועקגעוואָרפֿן אויף אַ באַנק אין שלייסהיימער פּאַרק.

אַזוי איז עס! די פֿאָרם פֿון דער פֿאָרשטעלונג, וואָס האָט יעצט געבלוטיגט — דאָס איז געווען דער יונגער ווינטער. דאָס געשטאַלט האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער ווענק'ס צוּ-פֿלאַמטן שטערן, ווי אַ ווייענדיגע בעריאָזע. שטיל האָבן די בלעטער נעפּליסטערט, רינענדיג מיט בלוט, שטיל האָבן געשעפּטשעט די טריפֿענדע טראָפּענס בלוט:

— דאָס זענען מיר... מיר... ווינטער'ס... ווינטער'ס בלוט!...

די פּרינצעסין האָט איהם דערלאַנגט וועלטמאַן'ס בלאָק. ער האָט געמוזט זיך בעפֿרייען פֿונ'ם שטוים בילדער, בכדי צו קאָנען איבערלייענען און פֿערשטעהן די ווערטער:

„דער באַנקיר געווינט יעדעס שפּיל. ווען אַ שפּילער האָט בעסערע קאָרטן פֿונ'ם באַנקיר, איז דער שפּילער נישט בכח צו רעאַגירען אַקעגען איהם".

ווען ווענק האָט קוים בעוויזען דאָס איבערצולייענען און פֿערשטעהן, האָט פּלוצים וועלטמאַנ'ס שטימע זיך צושאַלט און געפֿאַלען אויף איהם ווי אַ צושמעטערנדער פֿעלז:

— איבערלייענען דאָס צווייטע זייטעל!

דערשראָקען האָט ווענק איבערגעלייענט דאָס צווייטע זייטעל:

„אונטער דער קראַפֿט פֿון סוגעסטיאָר הויבט איין שפּילער אָן פֿערטיילען פֿאַלש די קאָרטן, רוקט אונטער דער מאַליע קאָרטן אַ טויז. ער ווערט דערביי געכאַפּט!"

דערמאָלט האָט דאָס גאַנצע בלוט ווענק'ן אַ זעץ געטאָן

אין הארץ אריין, ווי א מעכטיגער שטראָם אדורכגעפלויגען די אָדערן. די אויגן זענען ביי איהם געוואָרען קאלטע, אייזיגע. דאָס צעמעלע איז איהם ארויסגעפאלען פון די ציטערדיגע פערגליווערטע פינגער. א שרעקליכע דערמאָהנונג האָט זיך איהם א שאר געטאָן אין מוח:

„דאָס געהיימניש פון האאזע'ס פאָרפאל!"

ער האָט שוין געוואוסט: מארקיזע האָט דעם גראף געצוואונגען שפילען פאלש אין א בעוואוסטלאָזען צושטאנד, בכדי איבערצורייסען די בעציהונג מיט זיין פרוי. וועלכע דער פערברעכער האָט בעשלאָסען צו בעזיצען! אָט דאָס איז געווען דער בעוויז, וואָס אין יענער נאכט פון געיעג איז די גרעפין ארוים פון מארקיזע'ס וואוינונג. עס איז פאר איהם קלאָר געווען, אז מארקיזע האָט דער'הרג'עט דעם גראף.

דאָס, וואָס איז געווען פערשריבען אויפ'ן צעטעל, איז געשעהען אויף דער בינהנע. די דאמע, וועלכע האָט גלייכציי-טיג איבערגענומען די באנק, האָט פאלש מאסירט די קאָרטען מיט דעם האָט וועלטמאן פערענדיגט דעם עקספערי-מענט. ער האָט בעפרייט די פיר מענשען פון היפנאָטישען צושטאנד, און פערוואונדערטע, נישט וויסענדיג וואָס זיי האָבען איינגענומליך געטאָן, זענען זיי מיט ברייט-צועפענטע אויגען, ווטעמענם בליקען עס האָבען זיך פערלוירען ערגיץ אין דער ווייטקייט — צוריק אוועק אויף זייערע פריהערדיגע ער-טער.

וועלטמאן האָט פון דער בינהנע א קוק געטאָן אויף ווענק'ן, און יעצט האָט וועגק שוין געוואוסט:

— דו ביזט מארקיזע!

— — — — — — — — — — — — —

די שנעלקייט פון דער ערפאהרונג האָט איהם צובראָכען דעם ווילען.

ער האָט געקעמפט מיט זיך צו געווינען די רוה, בכדי צו קאָנען רוהיג ווייטער צוקוקען זיך.

האָט מען איהם ארייננעלאָקט אין נעץ אריין? איז דער

אומגאַר געווען אַ געדינגענער ? אויך די גאַנצע פּערזאַמעלטע געזעלשאַפט ? — איז דאָס גאַנצע הויז, אַזוי דער־ווײַטערט פון דער שטאָט, נאָר געווען פּאַר איהם ?

לאַנגזאַם האָבען איז איהם אָנגעהויבען צו קעמפען די געדאַנקען.

ער איז געשטאַנען אויף צוויי שוינד־וועגען.

אויב אַלץ איז געווען אין שײַכות מיט מארקוזען דעמאָלט איז נישט דאָ מעהר פּאַר איהם קיין שום רעטונג. דעמאָלט איז אַלץ, וואָס מען האָט איהם געהײַסען דאָ איבערלעבען, געווען נאָר אַ שוידערליכער פאָרשפּיל צו דער נקמה גופא, וואָס בײַ איהר שוין איז געשטאַנען זײַן טויט!

אָדער עס איז געווען אַ אויסערגעוועהנליכע געשעהעניש, אַ בעגעגעניש. ער איז געוואָרען פּערבעטען צו אַ געזעלשאַפט, און וועלכער עס האָט אויך צופעליג אַ צופאַל אין פּאַ־געטרעטען דעם זעלבען אָוונד, בעווײַזענדיג זײַנע עקספּערי־מענטען, דער דרײַסטער פּערבעכער מאַרקוזע ? עס האָט אויך נקענט זײַן גאַנץ מעגליך, אַז מאַקוזע איז אַנ׳אונגאַר, עס האָט געקענט מעגליך זײַן, אַז ער האָט איז בודאַפּעסט אַמאָל פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט און בעקאַנט געווען מיט׳ן דאָרטיגען פּאָליצײַ־דירעקטאָר. זײַן בעציהונג צום מינכענער געהײַם־ראַט וועגדעל, האָט ראָד געגעבען אַ בולט׳ן בעווײַז, ווי אַזוי ער האָט געלעבט מיט אַ מאָפּעלט לעבען. ס׳איז, אַלזאָ, נישט געווען אויסגעשלאָסען, אַז נאָר אַ צו־פאַל האָט זיי צונויפגעפיהרט, און דאָס אַלץ וואָס איז דאָ פּאָרגעקומען, איז נישט געווען קיין אָרגאַניזירט שפּיל מיט מאַרקוזען אַלס הויפּט־רעזשיסאָר.

די ערשטע פּראַגע, וואָס וועגן האָט זיך געשטעלט, איז געווען: „צי האָט מאַרקוזע איהם געקענט?“

און ער האָט זיך בליץ־שנעל, בלײַך ווערענדיג, געענט־פערט:

„יאָ! ער קען מיך! ער האָט מיך געזעהן בײַ די שראַמס. ער האָט מיך געזעהען אין די סאַלאָנען „פּיר מײַ־

לען פֿון יאָהר". דאָס איז זיכער."

עס איז נישט געווען צו טראַכטען וועגען פּאָליציאַנישע הילף. ווענקהאָט האָט אַליין נישט געוואוסט, וואו ער געפֿינט זיך. אָבער אפשר זאָל ער אַ שמועס טון מיט פּרינץ ? אָדער זיך ווענדען צום פּובליקום, מען זאָל בינדען דעם פֿערברע־כער ?

מיט אַזעלכע וועגען וואָלט ווענק געקאָנט געהן דעס־מאָלט, ווען ער וואָלט געווען אַ זיכערער מיט דער דאָזיגער געזעלשאַפט, אַנדערש וואָלט ער פֿאַראויס בעשטימט אַ דורכפֿאַל. ווען ער זאָל אַפילו זיכער זיין מיט די בעל־הבתים, האָט ער געוואוסט, אַז דער פֿערברעכער בעוויזט זיך תמיד מיט אַ וואַך, וואָס בעשפּעהט פֿון זיין געקליבענע באַנדע, און די דאָזיגע מענשען שרעקען זיך נישט אַפילו פֿאַר'ן טייוועל אַליין. ער האָט געטראָפֿען, אַז צווישען פּובליקום געפֿינען זיך עטליכע געהיימע מיטהעלפֿער פֿון זיינער שעף.

ווען מען קען זיך אַזוי אומבעמערקט אַרויס טון צו ערי־גענץ אַ טיר צו, אַרויסשאַרען זיך און אַ זוך טון הילף אין דער פֿינסטערער גאַסט, אָפּלייגענדיג דעם קאַמף מיט מאַרקו־זען אויף אַנ'אַנדער מאָל, ווען ער ווענק. וועט קענען מיט בעסער געוועהר זיך בענוצען ?... אָדער אפשר גאָר אונבע־מערקט אויפֿזוכען דעם טעלעפֿאָן און רופֿען פּאָליציי ?... יאָ, אָבער וואוהין — דאָס האָט ווענק נישט געוואוסט.

וועירעס האָט זיך צוגעבויגען צו איהם:

— אויסגעצייכענט !... האָט איהר אַזעלכעס שוין גע־זעהען אַמאָל אין לעבען, הער פּראָקוראָר ?

ווענק האָט פֿערגעסען צו ענטפֿערן, ער האָט דייטליך געהערט די פֿראַגע און געהאַט בעשלאָסען, אַיידער זי איז געוואָרען פֿערענדיגט, צו נטפֿערען דעם אונגאַר העפֿליך און מיט ענטוזיאַזם. אָדער דער בעגעהר איז דערטרינקען גע־וואָרען אין אַ ים רעפֿלעקסען און פּלענער, וואָס האָט גע־שטורמט אין זיין נשמה. ער האָט עס אַפילו אַליין נישט בעמערקט.

װערערס האָט אויף אים געוואָרפן אַ דורכדרינגענ־
דיגען בליק.

דער סוגגעסטאָר האָט פאַרבעטען אויף דער בינהגע פרי־
שע מעדיומ'ס זי פון אַ גילבען אונטערגעגאַנגענעם בעשלוס.
זי געשטויסען פון אַ שטאַרקער האַנד, איז װענק דרייסט
אַרויף אויף די טרעפּלעך צו דער בינהגע. ס'איז דערום בעש־
טער צו קוקען דעם װאָלף אין פּיסק אַריין, װי אויפ'ן הינטען!

דאָ האָט ער בעמערקט, װי דער בעראָן פּראָװוירט װעג־
גען װעלכען מען האָט נעהאַט פערגעסען, איז אים נאָכגע־
נאַנגען אויטאָמאַטיש מיט שנעלערע און צוגעפאַסטע טריט,
האַלטענדיג דעם אויסגעשטרעקטען רעװאָלװער.
דער סוגגעסטיאָר האָט זיך צושמייכעלט:

— אַהאַ, הער פּראָקוראָר, דו װאָגסט זיך ניט אַנדערש
אויפצוטרעטען אין מיין קעניגרייך, װי אונטער שוץ פון
דיין װאָך!

„דאָס איז חוזק! — האָט װענק צו זיך אַ מורמעל געטאָן — ער האָט מיך דערקאַנט!"

װענק האָט זיך העפליך פערנויגט, װי אויף אַ צייכען,
װעו עמיץ איז צווישען װעלף, בילט ער, װי די װעלף.

ער איז געשטאַנען יעצט פּנים אל פּנים.

צוויי מענשען האָבען זיך געמאָסטען מיט די אויגען.

װענק האָט נעהאַט דעם פערברעכער — ער האָט אים
פערפאָלגט מיט דער פערביסענקייט, װאָס ער איז שולדיג
געװען אזא איינעם.

װען ער איז אַזוי געשטאַנען לעבען אים אויף דער
בינהנע, אַ װיילע אַליין מיט אים, אָפּגעשלאָסען פון אַלע
אַנדערע מענשען — װען ביידע זענען אַזוי געשטאַנען, איינ־
נער אַקעגען איבער דעם אַנדערען אויפ'ן שפּיץ פון קאַמף —
האָט װענק געפיהלט, אַז זיי זענען ביידע שטאַרק, נאָר דער
גורל האָט זיי פערשיידענאַרטיג צוטיילט.

פון װענק'ס געמיט, פון די פערפייניגטע נערװען, פון
פערמאַטערטען בלוט איז אַרויסגעפלאָסען אַ געװיסער צו־

טרוי צו דער ריטערליכקייט פֿונ׳ם גענגער... אַ צוטרוי, וואָס
האָט זיך געראַנגעלט אין דער הויך פֿון קוים־בעמערקבאַרן
אינסטינקט: זיי מוזן דאָך ביידע תמיד קעמפֿן אין ענ־
ליכע בעדינגונגען, מיט דער זעלבער לעבנסגעפֿאַהר! אמת
טאַקע, אַז איינער איז אַ שונא דעם אַנדערן, אָבער צו מו־
זען זיי זיך מוחל זיין אין דער לעצטער, פֿייערליכער, הייסער
מינוט, ווען ביידע וועלן זיך אַ קוק טאָן אין די אויגן; אַלס
קראַפֿט און צייכן פֿון אָנערקענטע גלייכהייט וועלן זיי זיך
געגנזייטיג אָפּגעבן כבוד און פֿונאַנדערגיין!..

דער דאָזיגער משוגה׳דיגער געדאַנק האָט זיך געאיי־
ניגט מיט עפּעס אַן׳אומגרייפֿליכע, טיפֿער און דעליקאַטער
בענקשאַפֿט צו אַ שלאָף. „אַך, ווען איך וואָלט געקענט יעצט
איינשלאָפֿן!" האָט אין ווענקען אַלץ גענומען זיפֿצן.

ער האָט איצט אַריינגעקוקט אין וועלטמאַנ׳ס אויגן
וועלכע האָבן אָהן אַן׳אויפֿהער צו אים געשפּיזט...

און ווענק האָט אַדורכגעקוקט יענעמ׳ס בילד ביז׳ן סוף.

דאָס איז געווען אַ געשטאַלט פֿון צונויפֿגעפּרעסטע, אָנ־
געשפּרענגטע מוסקולן, ער האָט אַראָפּגעריסן די שוואַר־
צע אָנגעקלעפּטע וואָנסעס, ברעמען, צוגעשמירטע אין דעם
שוואַרצן פּערוק, פֿון אונטער דם אַלעם האָט זיך אַרויסגע־
וויזן דער גלאַטיגער, הויכער, פֿליכיגער שיידל פֿון דאָק־
טאָר מאַרקוזע.

ער האָט דאָך אים ביז יעצט דערקענט אין פֿערשידע־
נע מאַסקעס, אין יעדע אַרט פֿערקליידונג, און ער האָט יעצט
אַ רוהיגער געקוקט אויף אים אין זיין נייער פֿערענדערונג.

די בליקן פֿון יענעם זענען געפֿאַלן אויף ווענקען מיט
פֿינקעלדיגע בליצן. די גראָהע, גרויסע אויגן האָבן זיך
אַליין גענעסן מיט אַ קאַלטן פֿלאַם, וואָס האָט פֿון זיי
געשלאָגן.

דאַן איז געקומען אַ מאָמענט, ווען דער היפּנאָטיקער
האָט, דוכט זיך, פֿערלוירן דעם אינטערעס צו ווענק׳ן און
זיך פֿערנומען מיט אַנדערע געסט, וואָס זענען אַרויף אויף

דער פּיינע. ווען איינער האָט זיך באַוויזן, אַזוי גיך איז ער
מאָמענטאַל ווי אָפּגעבריהט, צוריקגעשפּרונגען און קאָמיש
זיך געלאָפֿען איבער דער גאַנצער לענג פֿון זאַל. איינער יאַכ'ן
ציטייטען — אַ טויט... ניין, מעהר...

די, וואָס זענען געזעסען אונטען, האָבען זיך געטרייסעלט
פֿון געלעכטער. עס האָט זיך אויסגעדוכטען, אַז דער קליינער
זאַל וועט פּלאַצען פֿון געלעכטער. פֿרישע געסט האָבען גע-
פּרובט נאָכטאָן דאָס זעלבע, אָבער געהאַט דעם זעלבען סוף...

חענכ האָט זיך געטאַפּט ביים פּולס, אַ פּרוב צו טון, אוי-
ער האָט נאָכנישט פֿערלוירען די מאַכט איבער זיינע נער-
ווען און מוסקולען.

חענכ'ס נקמה-דורשטיג בלוט האָט געוואָרפֿען איהר אָפּ-
שפּיגעלונגען גלאַנץ אויפֿ'ן געגנער. גלייכצייטיג געלויערט
אויף איהם און געטראַכט וועגען זעלבסטשוץ. און ערגיץ איז
זיין מח האָט אַ קלינג געטאָן אַ שטילע סטרונע, ווי אויף אַ
מאַנדאָלין. ער האָט גענומען זיך איינהערען אין יענער גע-
היימניספֿולער מוזיק פֿון דער איינגענער נשמה. זי איז געווען
אַזוי סובטעל און ווייט... אַזוי געפֿערליך געלאָקט צום שלאָף.
ער האָט זיך בליצהאַפֿט אָפּגעטרייסעלט און צוריק אַוועק
אויף זיין פּאָסטען היטען און פֿערטיידיגען.

עס האָט זיך פֿאַר איהם פּלוצים ענטפּלעקט אַ וואונדער-
ליכער איינפֿאַל:

ווען ער וואָלט איצט געטאָן, ווי אַלע אַנדערע, ווען ער
וואָלט אַנטלאָפֿען לומרשט אונטער'ן איינפֿלוס פֿון שלאָף —
דאָרט... צווישען די שטיהל... דורך דער אַלע שטיהל...
דאָרט, וואו עס זענען די אָפֿענע טירען... דאָרט וואָלט ער גע-
קאָנט צולויפֿען צום ערשטען בעסטען טעלעפֿאָן — רופֿען
פּאָליציי... וואָס פֿאַר אַ וואונדערליכער איינפֿאַל!... מען
דאַרף זיך צוקוקען צו אַנדערע — נאָכטאָן יענע היפּנאָטיזיר-
טע — אַזוי ווי זיי געדאַנקענלאָז, שלעפֿעריג, אויטאָמאַטיש
צוריקגעהן און זאָל און וואַרטען!... וואַרטען ביז פּאָליציי
וועט קומען מיט הילף... וואָס פֿאַר אַ געניאַלער אויפֿטו!

עס האָט אַ ציטער געטאָן אַ מוסקל אין וועַנק'ס פּנים...

דעמאָלט האָט װעלטמאַן שאַרף אַ געשריי געטאָן צום בּאַראָן:

— פאַרוואָס גיט איהר נישט אַכטונג? דעם רעוואָלוועַר אין דער הויך! איהר זעהט דען נישט, אַז דער חברה־מאַן, וועמען איהר הוט, וויל אַנטלויפען?

ער האָט אַ וויש געטאָן איוף וועַנק'ן. דעמאָלט האָט פּרע־ווינץ מאָמענטאַן אויפגעהויבען דאָס געוועהר. ער האָט גע־צילט מיט'ן רעוואָלוועַר גלייך אין וועַנק'ס פּנים אַריין. וועַנק האָט דערזעהען די קליינע רונדיגע עפענונג פון רעוואָלוועַר־דעהרעל, אַ שוואַרצע, געפעהרליך טיפע, ווי אַ גיהנום'דיגער אָפּגרונד. ער האָט געוואוסט, אַז ס'איז גענוג אַ דריק צו טון דאָס צינגעל...

— איהר וועט אויסשיסען ביים ערשטען טריט, וואָס דער פער'משפט'ער וועט מאַכען אָהן מיין בעפעהל! — האָט וועלטמאַן אויסגעשריגען מיט אַן'אַקצענטירטען שאַ־פען שמייכעל, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צו דער ערנסטקייט פון עקספּערימענט.

עס האָט ווידעראַמאָל אין דער דאָזיגער שרעקליכער מי־נוט אַ קלונג געטאָן די סטרונע פון אַ מאַנדאָלין אין וועַנק'ס נשמה. די סטרונע האָט זיך צעקלינגען איידעל, מיט אַ האַל־טען וועהטאָג, אין אַ בעקאַנטער מעלאָדיע, מיט וועלכער דער פאָטער זיינער פלעגט איהם פערוויגען, שפּילענדיג אויף אַ פלייט ביי זיין וויגעל.

ער האָט זיך צוגעהאָרכט, — און אין די פּאָר מינוט, וואָס ער האָט זיך אַזוי פערטיפט אין יענע רעמיניסצענץ־קלאַנגען, האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט מיט ביידע הענד פון יענעם ווירקליכקייטס־פלאַך, מיט וועלכען ער האָט ערשט אָנגעטאַפּט דאָס רעאַלע לעבען...

ער איז ענטלאָפען, נישט קוקענדיג אויפ'ן בּאַראָן... מיט גיכע שפּרינג־טריט אַראָפּ פון דער בּיהנע..

דער רעוואָלווער איז אַרויסגעפאַלען פון בּאַראָנ'ס הענ־

שלאָפֿענע הענד!...

ווענק איז מיט איין שפּרונג אַראָפּ פֿון די טרעפּ, ווילד געלאָפֿען איבער דער אַלעע פֿון שטוהלען און צוגעקומען צו דער טיר — ער האָט געוואָרפֿען מיט די פֿיס, ווי אַ יונג זשרעבעקעל. ווען עס פֿיהלט דעם אָטעם פֿון זומער אויף דער לאָנקע...

דער גאַנצער זאַל האָט אַ דונער געטאָן מיט ענטוזיאַזים פֿאַר'ן היפּנאָטיזירער. דאָס שפּיצעל אָנגעהויבען אַזוי שאַרף און ערנסט, האָט זי געענדיגט מיט אַ פֿרעהליכען וויץ.

מאַרקוזע האָט אָבער נאָכגעשיקט ווענק'ן אַ געלעכטער, וואָס האָט זיך צוהילכט, ווי אַ בייזער ברום, וועלכער האָט זיך אויסגעמישט מיט די קלאַנגען אינ'ם זאַל...

XVIII

ווי אַ לויף־פֿערד, געשטויסען פֿון די שפּאָרנס, איז ווענק געלאָפֿען דורך די טירען, פֿאַרביי לאָקאַיען, וועלכע האָבען געשמייכעלט דיסקרעט, מיט אויפֿגעהויבענע הענד...

ער איז אַריבערגעלאָפֿען דאָס פֿאָדער־צימער — פֿאַרביי דאָס גרויסע איינגאַנגס־טויער, אַראָפּגעשפּרונגען די טרעפּ פֿון גאַניקעל. ער האָט מיט געוואַלד אַ ריס־געטאָן דאָס טירעל פֿון אויטאָ, וועלכער איז געשטאַנען נעבען הויז.

ער איז אַריינגעשפּרונגען אין אויטאָ...

דער אויטאָ איז בליצהאַפֿט פֿערשוואונדען אין דער טונקעלקייט פֿון דער נאַכט...

דאָקטאָר מאַרקוזע האָט פּלוצים דערשטיקט איז זיך זיין אומסגעריכט הילכיג געלעכטער און אַ רוף געטאָן צו די צוהערער:

— דער עקספּערימענט דויערט ווייטער! דער ווענק איז אַוועק אין קאַפֿע „גיהנום“ און וועט אייך ברענגען אַ טאָרט!

— — — — — — — — — — — — —

אַ פּליצלינגער שטויס פֿון פֿליהענדען אויטאָ האָט ווענק'ן אַ וואָרף געטאָן אויף די קישענעס פֿון זיין געזעס און אַזוי גיך, ווי ער האָט בערירט דאָס לעדער, האָט זיך איהם

אויסגעטרונקען, אַז די קישענס האָבן געפּלאַצט אונטער אים. ווענק איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ לאָך. עפּעס איז אַ־אָפּגעפֿאַלן איבער אים און אים צוגעדעקט. דער עפּיס האָט אַ קלוגע געטאָן, ווי אײַזן.

ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון היפּנאָטישן צושטאַנד.

ער איז געלעגן אַנ׳אומגליקלעכער, צוקוועטשט פֿון זײַן אומבאַוואוסטזײַן. ער האָט זיך געפֿינען אין אַ טרויעריגער לאַגע, אײַנגעגראָבן אין עפּיס אַ געזעס, מיט׳ן קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אויף הינטן. ער האָט געפּרובט זיך אויפֿהויבן אַ פֿאַרזאָרגטער, געזוכט רוה און פֿאַרשטענדניש. אָבער ער איז ניט געווען בכח זיך אַ ריהר צו טאָן. עפּיס האָט אים אַראָפּגעשטויסן נאָך טיפֿער. האַרטע קניפּן האָבן אים אומרחמנות׳דיג געקוועטשט.

דער אויטאָ איז געפֿלויגן מיט אַ טײַוואָלאַנישער שנעלינקייט.

ווענק איז געוואָרן געטרײַסעלט, געשטויסן אָן די אײַזערנע שטאַבעס, וואָס האָבן אים ניט געלאָזט באַפֿרײַען זיך.

ער אָט זיך בחנם געמאַטערט און שרעקלעכער פֿאַרצווייפֿלונג און ענדלעך פֿאַרשטאַנען די אומזיסטע אָנשטרענגונג. מען אָט דער קאַץ אָפּגעשניטן די נעגעל! ער איז געווען אַ פֿליג, וואָס איז אַרײַנגעפֿאַלן אין קלעבּיגן פּאַפּיר.

אַ שרעקליך אויפֿגעבראַכטער געגען זיך אַליין, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן יאוש.

— ס׳איז דיר גוט אַזוי! דער שטאַרקערער איז לעבן וועט תמיד זיגן! דו ביזט געווען — דער שוואַכערער!

אָבער פֿאַר וואָס איז ער אײַגנטלעך געווען דער שוואַכערער? ווײַל ער האָט אונטערגענומען דאָס, וואָס איז אַרויס איבער די גרענעצן פֿון זײַנע מעגלעכקייטן. יעדער דאַרף אויסמעסטן די מעגלעכקייטן פֿון זײַן חילען, לויט זײַנע קרעפֿטן!

אָבער פֿאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט צערעדן צו דעם

אויפגעבן, וואס איז ווייט אריבער די גרעניצען פון זיינע מעגליכקייטען? — פארוואס האט ער זיך גערוקט אזא געפין נעגען א שטארקערן?!...

— — — — — — — — — — —

דאס גערויש פון מאטאר האט אפגעהילכט אין וואלד. וועגן האט עס געהערט.

וואס וויל דער שונא מיט איהם מאכען?

דער אויטא האט זיך האסטיג ארויסבעקומען פון דער פיינדליש פון דער נאכט, ווי א שיף פון א גרויזאמען שטורם.

וואוהין? וואו פיהרט מען איהם?

נאך מינכען? — אבער צו וואס?

ער האט בעמערקט, אז די אויטא-פענסטער זענען ניט געווען פערהאנגען, ער האט געזעהן צוזאמענצטע שטערן אויפ'ן הימעל, בעגלייט פון די קלינגענדיגע שויבען.

נייז, נאך מינכען וועט דער אויטא ניט בעוויזען ביז אינדערפריה און ביים העלען טאג וועט מען זיך ניט וואגען פיהרען איהם א געבונדענעם דורך האלב דייטשלאנד.

מען האט איהם געפיהרט, היינט עס, ערגיץ אנדערש-וואו.

אבער וואו? וואו? — האט ער אויפסניי א קרעכץ געטון.

עס האט געקאנט זיין ארום האלבער נאכט, ווען ער האט פערלאזט די ווילע, אבער ער איז דאס אויך ניט זיכער געווען, ווייל ער האט שוין גאנרישט געהערט זייט יענעם מאמענט, ווען ער האט זיך אין לעצטען מאמענט פון זיין בעוואוסטזיין, א מאפ געטון פאר'ן פולם.

— יא, אזוי איז עס! — מען פיהרט איהם אוועק אויפ'ן בעשטימטען לעצטען ארט...

— — — — — — — — — — —

מיט אנ'ענדלאזער בענקשאפט, וואס האט איהם אוועק-געשלידערט אין א ים געפיהלען, האט ער א טראכט געטון וועגען זיין פערשטארבענעם פאטער.

מיט אַלע חושים און נערווען האָט ער זיך איינגעגראָ-
בען אין די גראַנענרונגען פון זיין קינדהייט, וועלכע האָבען
בענומען שוועבע פאַר די אויגען אין אַ שטילער מעלאַנ-
כאָליע.

דאָס טרייסלען זיך פון זיין אונבעהאָלפענעם קערפער
מיט אַ צושרויפטער נשמה האָט איהם געמאַכט קראַנק. דאָס
פנים זיינס איז געווען בעדעקט מיט שווייס, אָדער טרעה-
רען... ערגער — עס האָט איהם גענומען איבלען... ער איז
געווען שרעקליך אונבעהאָלפען, שרעקליך שטאַרק דערדריקט!
דער מח האָט געהאַט פערלוירען די קראַפט פון אָנוואַרפען
זיינע געדאַנקען אָנגעצייכענטע בילדער. עס האָבען זיך פאַר
איהם בעוויזען צוהיצטע איינבילדונגען. עס האָט זיך א. ה. ט.
טיטאַמאָל אויסגערוכטען, אַז ער געפינט זיך אויף'ן אָקעאַן —
אַז טייוולאָנים שפּילען זיך מיט איהם אין פוטבאָל, אַז זיי
איבערוואַרפען איהם פון קאַאירא נאָך ניקאַראַגואַ, לאָזען
איהם אַרויס פון די הענד און כאַפּען איהם אויפסניי. תמיד
אַ מאָמענט פריהער, איידער עס געלינגט איהם אַראָפּצופאַ-
לען אויף דער אינזעל פון גוטער האָפנונג!...

ער האָט געגלויבט, אַז עפּיס אַ ריזיגע האַנד שטויסט
איהם אַריין אין אַן עפענונג פון גיהנום, ווי אין אַ זאַק אַריין.
די ווענד פון גיהנום-קאָרידאָר זענען געווען אַזעלכע ענגע, אַז
ער האָט זיך נישט געקאָנט אויסדרעהען, ביז די ווענד האָ-
בען פּאַמעליך אָנגעהויבען צו וואַקסען אין דער לענג און אין
דער הויך — פּאַמעליך אָהן איבעררייס, און אַ תוך דעם האָ-
בען זיי זיך נישט דערווייטערט פון זיך. זיי האָבען זיך צו-
נויפגעדריקט פון ביידע זייטען, דריקענדיג אָהן רחמנות מיט
דער גאַנצער קראַפט זייערער. ער האָט דערזעהען פאַר זיך
אַ מאָכענט, ווען צווישען די פעלזיגע ווענד וועלען אַ קנאַק
טאָן זיינע ביינער און דער מוח וועט זיך צושפּריצען...

דאָס בעוואוסטזיין האָט איהם פערלאָזט אין אַ צו-
שטאַנד, ענליך צו אַ שלאָף-פאַנטאַזיע, און אַ מאָמענט ווי
די שרעק פון טויט האָט איהם בעהערשט.

ווען ער האט זיך אויפגעכאפט איז ער געלעגן אויף עפּיס א לעדערנעם קישען, ער האט שוין מעהר נישט געהאט אויף זיך די אייזערנע קייטען, נאר די ארעמס זענען געווען פערבונדען פעסט ארונטער. אויפ'ן פנים האט ער דערפיהלט א פריש טוך, וואס האט איהם מיט וועהטאג פערשטאפט דאס מויל און געמאכט שווער דעם אטעם.

ס'האט געטאגט.

ער האט געהערט א גערויש, וואס איז באלד פערטויבט געווארען: ער האט גיך געטראפען: דאס איז געווען דער ים!

עפּים א מענש האט אריינגעקוקט אינעווייניג און געווארפען א בליק אויף איהם. דאס טיכעל האט וועגס'ן פערשטעלט נאר איין אויג. מיט'ן אנדערען אויג האט ער דורכ'ן ראנד פון טיכעל בעמערקט נאר זאכען, וואס האבען זיך געפינען אויף איינער און דער זעלבער ליניע. דעם מענש האט ער נישט געקענט.

יענער האט אויסגערופען:

— קום נאר... ער האט זיך אויפגעכאפט!

דערמאלט האט זיך דערנעהנטערט דער צווייטער, א קוק געטהון אויף איהם. נאר ווענס האט אויך דעם נישט געקענט.

ער האט געהערט, ווי זיי האבען גערעדט:

— ס'וועט באלד זיין פינף. דער דאקטאר מוז באלד אנקומען.

דער צווייטער האט געענטפערט:

— אויב ער האט געזאגט: „ל'וועל זיין קאריץ נאך פינף!“

— וועט עס זיכער געשעהען. מיר מוזען זיין גרייט.

— מען ווערט נאך אלץ גארנישט?

די מענשען האבען זיך דערווייטערט.

וועגס האט געפרובט אויפהויבען דעם קאפ, אבער א חוץ דעם פרעט פון פענסטער האט ער גאר־נישט געזעהען. דער פיגאטש האט געמוזט זיין א פלאכער, ער האט נאר געזעהען

ער האָט צונויפֿגעזאַמעלט אַלע כחות, כדי זיך אַקעגענ־
צושטעלן אַלע פֿאָרשטעלונגען, וואָס האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן מיט גראָהע פֿראַגען אינ׳ם מויער פֿון זײַן פֿאָרשטעלונג און געפּרובט אַרויסרײַסן פֿון דער דונקעלהייט די בילדער, פֿון וועלכע עס האָט אויף אים געבלאָזן אַ קאַלטער שרעק.

— — — — — — — — — — —

דאָס, וואָס האָט שפּעטער פּאַסירט, איז גיכער געשע־
הען, ווי יעדע קורצעסטע ערצעלונג.

די טירלער פֿון אויטאָ זענען געוואָרן כמעט ווי אַרויס־
געריסן. עמיצער׳ס הענד האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר די אָרעמס. ווען זײַנע הענט האָבן זיך געקלאַמערט אין די טי־
רן, האָט יענער אים ברוטאַל געריסן. זײַנע פֿיס האָבן מיט וועהטאָג זיך אַנגעקלאַפּט אָן דער שוועל פֿון אויטאָ. נאָכדעם אויף דער ערד. אַ צווייטער מענש האָט אים אַ גאָם געטאָן פֿאַר די פֿיס, און בײדע האָבן אים געטראָגן אַ שטיקל וועג ווײַטער.

ווענק האָט דערזעהן פֿאַר זײַנע אויגן אַ ריזיגען באַרג, נאָר געציילטע טריט האָבן אים אָפּגעטיילט פֿון זײַן רו־
קן. די מענשן האָבן זיך אויף אים אַרויפֿגעדראַפּעט, טראָגענדיג אים אין צווייען.

— לעבעדיגער ! — האָט איינער אויסגערופֿן, אומ־
וועדענדיג זיך אין דער ווײַטקייט.

ווענק האָט דערהערט אַ גערויש פֿון אַ מאָטאָר.

ער האָט געוואוסט : אַ מאָטאָר — דאָס איז מאַרקוזע !

פּלוצלינג האָט זיך איבער אים באַוויזן עפּיס אַ דורכ־
זיכטיגער רוים. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער עס דער־
קענט. דאָס זענען געווען פֿליגעל פֿון אַ גרויסן אַעראָפּלאַן.

בײדע מענער האָבן געטאָן אַלץ מיט שנעלע באַוועגונגען. טען האָט ווענק׳ן אַוועקגעלייגט אויפֿ׳ן זאַמד, מען האָט אים מיט צוויי שנורן אַרומגעוויקלט די ברוסט און אונטער די אָרעמס. איינער פֿון די פּע־שיינען האָט אים אויפֿגעהוי־
בן די פֿיס, דער צווייטער האָט זיי פֿערבינדען מיט אַ שנור,

וואס זיין ענדע איז געווען מסתמא צוגעטשעפעט צו עפיס א שטאנג, ווייל עס האט איהם פלוצים א שלעפ געטון. דא האט א פרישע שטריק ארומגעוויקעלט זיין קערפער און איהם ארויפגעצויגען אין דער הויך...

עס האט נישט לאנג געדויערט ביז ווענק האט פער שטאנען, אז ער איז צוגעבינדען צום שיפעל פון אעראפלאן, צוגעבינדען פון אונטען אין דער זייט. ער איז געהאנגען ווי א משעמאדאן. וועלכען מען נעמט מיט אויף דער רייזע. מיט דעם אפענעם רעלטען אויג האט ער א קוק געטון איבער'ן ברעג פון טיבעל. וואס איהם האט פערשטעלט דאס פנים; ער האט געזעהען, ווי דער אעראפלאן געפינט זיך אויף א צוגעגרייטען פלאץ. וואס האט זיך געפינען אין דער ריכטונג פון ים. אונטען איז געלעגען דער ברעג. ביי וועלכען עס האט בען זיך געוואשען די שטורמישע כוואליעס...

„אהא, איך וועל מאכען א רייזע איבער'ן ים!" — האט זיך אין ווענק'ן אפגערופען א טרויעריגע שטימע. ווי לאנג איז דאס שוין אריבער, זייט מיין לעצטער ים-רייזע? צווישען יענער און די האט זיך אוועקגעלעגט דער גאנצער קריג. אבער פאר מיר קומט יעצט אן דער לעצטער קריג... מיר דארפען ווארטען אויף דער באמבע!

פון וואצעל פון זיינע מוסקולען האט יעצט געמורמעלט דער ענטפער ענטקעגען דעם טרויריגען, שטילען קול'עכל. די מוסקולען האבען זיך געבונטעוועט אקעגען די שטריק. דער קערפער האט זיך געוואלדיג געטרייסעלט אויף די שנורען — געווארפענע דא און דארט, אויף אלע זייטען און צוריק. דער פליה-אפאראט האט געקלינגען פון די קלעפ, וואס ער האט דורך זיין קערפער בעקומען און זיך בעוואויגען איבער איהם.

א ברייט פנים, מיט א געוועלבטען שוירעל האט זיך שפיציג אריבערגעבויגען איבער איהם, ווי עס וואלט איהם וועלען ארייגלייכטען אין זיין קערפער צוויי צוגליהטע אויגען.

פון מויל פון יענעם מענש האט זיך ארויסגעריסען נאר איין איינציגער כיטרבעלדיגער ברום:

„יאָ!“

— דאָס איז דער שׂונא! דאָס איז מאַרקוזע! — און איבער ווענק'ס קערפּער, ווי אַ ציטער אַדורכגעפלויגן אַ געשראַנק.

עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי:

— נו, קום אַריין!

מאַרקוזע'ס קול האָט בעפוילען... באַלד דערויף האָט זיך געהערט אַ גערויש ווי פון אַ דאַמען-קלייד. און פון דעם גערויש איז אַרויס אַן'אַנדער קול...

— — — אַ קול, פון וועלכען ווענק'ס ביינער האָבען גע-פּנאַקט אונטער'ן לעבעדיגען פלייש!

ער האָט געקענט דאָס קול!...

דאָס גערויש פון קלייד האָט זיך דערהערט דייטליכער און נעהנטער און עפּיס אַ פרויען-קול האָט אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דאָס?

ווענק האָט דערהערט אין דעם קול און אין דער פראַגע אַ גרענצלאָזע שרעק, פּיין און גרויזאַמקייט?

— וואָס איז דאָס?!! — האָט דאָס פרויען-קול נאָכ-אַמאָל מיט גרויזאַמער מורא געפרעגט.

— גייה אַריין! — האָט מיט כעס מאַרקוזע'ס שטימע געדונערט.

דאָס קול פון דער פרוי — אַזוי גוט בעקאַנט, זיס, ווי דאָס פערגעסענע קול פון דער גרעסין האַאַזע, ווי בעהערשט פון טרויער, האָט געפרעגט:

— וואָס דאַרף געשעהען מיט דעם מענש?

ווענק האָט געזאָגט צו זיך: „זי קען דיך נישט!“

— קום אַריין! ער פאָהרט מיט אונז! ס'איז נישט פאַראַן קיין דריט אָרט אין דער מיט! קום דאָך אַריין! זאָג איך דיר... לעבעדיגער!

ווענק האָט דערזעהען, ווי מאַרקוזע'ס האַנד האָבען אַ הויב געטאָן די פרוי איבער איהם און זי אַריינגעטראָגען אין שיפעל. דאַן האָט זיך אַריינגעזעצט מאַרקוזע אַליין.

אַריינגעהענדיג האָט ער בעגריסט ווענק'ס געבונדענעם

קערפּער אַלס טרעפּ!

װען ער האָט זיך אַװעקגעזעצט אױפֿ'ן אָרט פֿון שטײַער־מאַן, װאָס איז געװען אַ צװײ צאָל העכער פֿון געבױגענעם קערפּ, האָט ער זיך אַרױפֿגעשפּרונגען צו די סאַמע אױערן און מיט אַ גראָב לאַכענדיג קול אַ פֿרעג געטאָן:

— איהר, הער, האָט אַ פֿערלאַנג צו פֿאָהרען מיט אונז?.. װאו אַהין? אַ גליקליכע רײַזע!

גלײַך דערױף האָט ער געװאָרפֿען אָן דער זײַט אַ פֿראַגע:

— פֿערטיג?!

— ס'איז אַלץ אין אָרדנונג! — האָט מען געענטפֿערט.

דער אַפּאַראַט האָט זיך ניכט־װילענדיג אַראָפּגעגליטשט פֿון באַרג און גענומען פֿליהען.

— — — — — — — — — — —

פֿאָראױס...

דער אַפּאַראַט איז געפֿלױגען אין דער טיפֿקײט נאָך און אַ שטיל בלאָהען הימעל.

— דערלאַנג אַ גלאָז! אָט איז ער!

װענק האָט דערהערט דאָס געשרײַ און בעגריפֿען, אַז יעצט קומט דער סוף.

... װענק האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז זײַן קערפּער שטעהט אױסגעשטרעקט גלײַך... אין דעם שפּיגעל האָט מען ניכט אַרױסגערעדט קײן װאָרט... די לופֿט האָט איהם ברי־מאָל געשמיסען, װי זי װאָלט בעשטאַנען פֿון פֿליהענדיגע פּײַטשען און באַלד האָט איהם אַרומגענומען אַ פֿראָסט. הינטער'ן ברײַטען אױסשניט פֿון פֿראַק האָט זיך די קאַלטקײט אַרײַנגעריסען גלײַך אין האַרץ. ער האָט געהאַט דעם אײַנ־דרוק, אַז זי שנײַדט זיך אַרײַן אין איהם װאָס אַמאָל טיפֿער, װי אַ שאַרף, שפּיציג מעסער. די האָר זענען איהם געװאָרען שטײַף, װי דראָטען, און געשטאָכען דעם קאָפּ, װי מיט דינע, שאַרף־געשפּיצטע שפּילקעס...

פֿון זײַן גאַנצער רעגסונגס־קראַפֿט איז איהם נאָר פֿער־בליבען אַ בילד פֿון אַ ריזיגער שויב. דורך װעלכער עס האָ־בען זיך מיט אַ בליצהאַפֿטער שנעלקײט צושװומען צומישטע,

פינסטערע פארבען. א קליינע, אומקלארע פארשטעלונג און פלוצלינג פון איהר אראפגעשפרונגען און אויפגעבליצט מיט א שיין אין מח: אט ליידט ער, א מערטירער — און ער ליידט אום ליבע צו דער גרעפין האאזע — ער ליידט, ווייל ער האט זי געליבט אמאל, ווען ס'איז איהם נישט ערלויבט געווען צו ליבען!

— — — — — — — — — — — —

... ער האט פלוצלינג דערפיהלט א שטויס פון א פויסט אין קאפ.

עפּיס א הארבע שטימע, ווי א נישט-געהייבלעוועט בּרעט, איז אויף איהם אראפגעפאלען:

— פיר טויזענד מעטער הויך, העט פּראָקוראָר, איז גענוג פאר אייך?

איז א ווילע ארום האט דאס קול ווידער געפרעגט:

— אדער אפּשר האט איהר זיך שוין גאר געשיידט מיט'ן לעבען אוים שרעק?

דאס קול איז געלאָפען פאראוים, ווי א גייסט. ווענק האט געפיהלט, ווי דער אפּאראט שניידט די הויכקייט. ווען ס'איז פאריבער א ווילע און ווינדרערענדען פליה, איז עפּיס א האנד ארויפגעפאלען אויף זיין קאפ, אראפּגעריסען מיט א צוהיצטער פּרומאלער בּעוועגונג דאס טיכעל פון זיין פּנים...

... ווענק האט דערזעהן, ווי פון דעם שיפעל האט זיך טיף איבערגעבויגען איבער זיין קאפ מארקוזע'ס פּנים.

זיין מויל איז געווען פערפרעסט, שטום, אָבער די שטיי־ בען זענען זיך צעשוואומען, ווי אין פרייד, וואס האט גע־ אטעמט מיט גרויזאמקייט. די גראָהע אויגען האבען פערלוי־ רען זייער אויסזעהען, נישט פערמאָגט מעהר קיין ברעמען. זיי האבען אויסגעזעהן, ווי אויף אייביג צוריבענע שמיינער. זיי זענען געווען הארט, פול מיט טויט, זיי זענען געווען ווי א האס, וואס האט צוקלאפּט ווענק'ס קערפער אין דער לענג...

ביים פונאנדערבלאָזען די נאָז-לעכער זענען די ליפען געבראָכט געוואָרען אין בעוועגונג. זיי האבען זיך צוצויגען,

געפֿעַנט, ווי אַ שפּאַלט אין אַ געפּלאַצט שטיק אייז.. און עס איז געפֿאַלן אַ קול...

„.... די האָסט געוואַגט אַקעגענצושטעלן זיך אויף מײַנע חענגען!... דערפֿאַר העַנגסטו מיט'ן פּנים אין דײַן לעצטער שעה! איך האָב דיר אַראָפּגעריסן די פֿערשטאָפּונג פֿון מויל און פּנים, כּדי זיך אָנצוטרינקען מיט פֿערגעניגען, וואָס דײַן געשרײַ וועט מיר פֿערשאַפֿען, ווען די יועסט פֿון אַ פֿיר־מויזענר־מעטערדיגער הויכקייט צוריק אַראָפּ אויף דײַן וועלט!...

דאָס קול האָט געקלונגען איבער חענק'ן, ווי אַ דונערען און בליצען בעת אַ שטורם. ער האָט געפֿילט, ווי מאַרקוזע'ס הענד בינדען אויף די שטריק פֿון זײַנע פֿיס. מיט אַמאָל האָבען זײַנע פֿיס בעקומען די פֿרײַהייט פֿון בעוועגונג. זיי זענען אַראָפּגעפֿאַלען, צוריקגעהאַלטען אויף אַ ווײַלע פֿון די שנורען, וואָס האָבען געהאַלטען זײַן קערפּער. יענעמ'ס הענד האָבען געאַרבײַט אויך בײַ די שנורען. און אַ פּאָר מינוט אַרום זענען זיי אויך געווען צעבונדענע.

חענק'ס קערפּער האָט זיך אין ווײַטערדיגען פֿאַלען גענומען אויסגלײַכען... ער האָט זיך געהאַלטען נאָר מיט דער שנור וואָס איז געווען צוגעבונדען איבער דער ברוסט און פֿערטשעפּעט אין ווענדעל פֿון שיפֿעל. ער האָט פּלוצלינג דערפֿילט, ווי די הענד זענען בײַ איהם געוואָרען פֿרײַע...

פֿון די פֿאָרהאַנגען פֿון זײַן פֿאַנטאַזיע, וואָס האָט גע־בליצט, ווי אַ וואונדערליכע מעשה פֿון „מויזענד און איין נאַכט", האָט זיך אַרויסגעריסען אַן אָראַיענטירונג, געזעמיגט מיט פֿרייד און בענקשאַפֿט, בעשטראַהלט מיט גליק, אַז ער האָט אַמאָל תּפֿילה געטון אין אַזאַ לעצטער שעה פֿון לעבען צו דער איהם יעצט אַזוי נאָהענטער גרעפֿין האַאַזע. ער האָט פֿערגעסטערט איהר שעהנהײַט און מענשליכקייט, און ניט געקאָנט אַז זיי פֿערגעסען! אַ פֿער'פּישופֿ'טע קראַפֿט האָט אַ שלאָג געטון פֿון דעם געפֿיהל; שוין אין דעם נאָהנטסטען פֿלאַפּ פֿון פּולס, אין לעצטען אויגענבליק פֿאַר' טויט, אויס־

געוואקסען אין דעם רוזיגען גלויבען אין דער פעראייניגונג פון זייער בלוט — פון איין זיין געשאפען, ווי אן'אַרעאָל פון העלדישקייט און שטאָלץ איבער'ן ווילדען שיידעל פון פערברעכער, און פון דער אַנדערער זייט אָנגעלעהנט זיך אויף דעם פיהלענדיגען האַרץ פון דער פרוי!

ער האט מיט אַמאָל דערזעהען, ווי דער גרעפינ'ס אויגען — אויגען מאַטע פון אַ פויגעל אַ דערשאָסענעם אונ-טער'ן בלאָהען הימעל — האָבען זיך אַ ווענד געטהון צום אי-בער איהם איבערגעבויגענעם שיידעל פון מאַרקוזע'ן... ער האָט געזעהען, ווי די הענד האָבען זיך אַרויסגעריסען צי-טרדיגע פון די פוטערנע הענדשקעם און האָבען געבלענדט מיט זייער ווייססייט — און האָבען זיך צוגערירט צו מאַר-קוזע'ס אַרעמס און געוואָלט איהם אָפּרייסען פונ'ם גרויזאַמען נקמה-אַקט...

דער מחבל האָט אַבער מיט איין שטאַרקער בעוועגונג אַוועקגעשטויסען די פרוי פון זיך און מיט אַ שוים אויף די צווילדעוועטע ליפען האָט ער מיט די הענד זיך צוגערירט צו דער לעצטער שטריק... די ערשטע סניפען זענען געווען שוין אויפגעבונדענע... און ווענק'ס קערפער האָט זיך נידרי-גער אַראָפּגעגלישט... און יענע געביילטע פויסטען האָבען געשלאָגען איבער די פערקרומטע, קלאַמערנדע פינגער פונ'ם קרבן, וואָס האָבען זיך איינגעגעסען אינ'ם קאַנט פון שיפעל.

ווענק'ס קול האָט זיך הויך און פייערדיג צוקלינגען, אי-בערשטייגענדיג דאָס געשרודער פון מאָטאָר:

— דאָס איז דער מערדער פון גראַף האַאזע! דאָס איז דער, וואָס האָט איהם געצוואונגען פאַלש צו שפּילען! דער, וואָס האָט איהם אַריינגעלייגט אַ ראַזיר-מעסער אין דער האַנד אַריין, ער זאָל זיך דעם האַלז איבערשניידען!... ער, וועלכער....

אַ פויסט האָט איהם אַ זעץ געטהון אין פנים אַריין, איבער-שניידענדיג איהם דאָס וואָרט. ער האָט דערפיהלט בלוט אונטער דער צונג. אָבער די געזאַלצענקייט האָט געשמעקט

אין דער לעצטער מינוט פֿון לעבענס־אָטעם, ווי אַ אָנגענעהמע זיכקייט פֿון דער גרויסקייט פֿון זיין נשמה!

עס האָט זיך איהם אויסגעדוכטען, אַז עפּיס אַ פֿרעמדע קראַפֿט שטויסט איהם אַרויס מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג פֿון זיין געבונדענקייט — אַ שווערע משא האָט איהם געדריקט דעם קאָפּ — געשאַרט זיך איבער זיין קערפּער — ווי צושמעטערנדיג איהם. די שווערקייט איז געוועזן, לויט זיין געפֿיהל, גרעניצלאָז שטאַרק — פֿערשטעלענדיג מיט שוואַרצקייט די גאַנצע וועלט — און בעשאַנקען מיט אַ טייוואָלאַנישער שנעלקייט....

מיט אַמאָל האָט זיך די אייזערנע מאַסקע אַראָפּגעגליטשט בעת'ן פֿליהען... עפּיס אַ טייל פֿון מאַטעריע האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון אַעראָפּלאַן. וועגק'ס הענד האָבען זיך געקלאַמערט אין קאַנט פֿון שיפֿעל, צונויפֿגעקוועטשט, ווי אַ שרויף. דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אַ וויג געטאָן, ווי פֿער'שכור'ט מיט דער געדיכטער לופֿט. — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

אָט וואָס ס'איז געשעהען:

ווען דער נאָמען פֿון גראַף האַוזע האָט זיך דערהערט אין דער לופֿט, האָט זיך דער גרעפֿין אויסגעדוכטען, אַז מען האָט זי אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף אויף ערגיץ אַ בלאַטע.

דער נאָמען, דעם נאָמען פֿון דער גרויסער פֿאַמיליע, וועלכען זי האָט מיט אַזאַ שטאָלץ געטראָגען — איז געוועזן אין איהר ריין. געדרעמעלט, געוואַרט, צוגעהאָרכט אויפֿ'ן אָנקומענדען מאָמענט, צו ראַטעווען איהר נשמה.

דער אויסגעשריי פֿון וועגק'ן, נאָהנט פֿאַר'ן טויט, האָט איהם אַרויסגערופֿען פֿון דער טיפֿעניש פֿון איהר נשמה. און די גרעפֿין האָט דאָס אָנגענומען, ווי אַ נישט־בענומענע ערדישע קראַפֿט פֿון אַ מענש־טייוועל, וועלכער האָט פֿערגוואַלדיגט

איהר ווילען און בעהערשט.

זי איז מיט אײנמאָל געוואָרען ניכטער — ווי זי וואָלט די אויגען אויסגעוואַשט נאָך אַ לאַנגען מוראדיגען שלאָף. דער אײַזגער קאַשמאַר איז צורונען. די פֿינסטערניש, און וועמענס נעגעל זי איז געלעגען אונבעהאָלפֿען, האָט זיך אויסגעלײַטערט.

אײבער איהר און אין איהר האָט אויפֿגעשײַנט דער טאָג!

און דעמאָלט האָבען די גאַנצע אויסגעהאַלטענקײט פֿון איהר יונגען ווילען און די גרויסקײט פֿון איהר האַרץ צוריקגעקעהרט — זי האָט איהר קראַפֿט ווידער פֿערמאָגט און איהרע הענד!

זי איז אַרונטערגעפֿאַלען אונטער דער דאָזיגער העריליכער אויפֿרעגונג, מיט וועלכער עס פֿיהלט אונז אָן אַמאָל גאָט אַליין! און איהרע מוסקולען — די דעליקאַטע מוסקולען פֿון אַ פֿרוי — האָבען זיך אָנגעשטרונקען מיט ווידערשטאַנדסקראַפֿט... איהרע הענד זענען געוואָרען ווי פֿון אײַזען.

זי האָט אַ נעם געטאָן דאָס ערשטע געוועהר פֿון אונטער דער האַנד — זי האָט אַ נעם געטאָן אַ שווערען שליסעל פֿון אַ שטאָלענער שרויף...

... מיט נקמה-געפֿיהל אײבער'ן תליון, מיט'ן ווילען צו בעפֿרײַען דעם קרבן האָט זי דערלאַנגט אַ שרעקליכען שטוֹס אין מאַרקוזע'ס קאָפּ אַרײַן...

דער תליון, וואָס איז געווען אַרײַבערגעבויגען אײבער'ן שיפֿעל, האָט פֿערלוירען דאָס גלײַכגעוויכט און איז אַראָפּגעפֿאַלען אין אָפּגרונד, וואָס האָט איהם אָהן געראַוש אײַנגעשלונגען...

* * *

ווענס האָט זיך אַרויפֿבעקומען אויף אַן אײַזערנער שטאַנגע, וואָס איז אַרײַבערגעהאָנגען אײבער'ן שיפֿעל, בליצאַרטיג זיך אַרויסגעצויגן דורך דער שטריק אין דער הויך, און האָט זיך [illegible] ברעג...

[illegible] איז אַרײַנגעפֿאַלען אין שיפֿעל!

דער אַעראָפּלאַן האָט זיך געוואָקעלט און בלינדע שפּרונ־
גען געדראָהט מיט אראָפּפאַלען, דער בעוואוסטזיניגער ווענק
האָט געפינען גענוג צייט אַ כאַפּט צו טון דעם פיהר־אַפּאַראַט.

דאָס רעדעל האָט זיך נאָך געדרעהט, פאַרפלענדיג אָהן
אויפהער.

דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אונטער ווענק'ס האַנד אויפגעה־
גליכען און לענגליכען פליה — און אונטער דער אָנפיהרונג
פון זאויסגעצייכענטען פיהרער, נעהאָרכזאַם פליהענדיג, איינ־
שטילענדיג דאָס געוויש פון מאָטאָר, האָט ער זיך אַראָפּגע־
גליטשט אויפ'ן גלאַטינגען זאַמד.

ער האָט געאַנקערט אויפ'ן ברעג פון צפון־ים

— — — — — — — — — — —

ווענק האָט געהאַלפען דער גרעפין אַרויסשטייגען פון
שיפעל.

זי איז געוועזען בלייך, אָבער פולשטענדיג בעוואוסטזיניג.
זי איז געפאַלען פאַר זיינע קניה און בעהאַלטען דאָס
פּנים אין זיינע הענד.

ער האָט זי אויפגעהויבען און געזאָגט

— מיר האָבען זיך ביידע נעגענזייטיג געראַטעוועט דאָס
לעבען. מיר וועלען שווייגען! לאָמיר פּרובען פערגעסען. לאָ־
מיר זיך געזעגענען אויף אייביג!

אָבער די גרעפין האָט דערויף געענטפערט:

— ניין! איך האָב נאָרנישט צו פערשווייגען און נאָר־
נישט צו פערגעסען. דאָס בלוט, וואָס איך האָב געמוזט פערג־
גיסען, איז געקומען פון שלעכטען גייסט. איך האָב איהם בע־
פרייט פון זיך אַליין און די מענשהייט פון איהם. ווער וועט
עדות זאָגען נעגען מיר?

ער האָט געקוקט אויף איהר אַ שוויינענדיגער. ביסלעכווייז
האָט ער זי אָנגעהויבען צו פערשטעהן. עס האָט איהם אַרומ־
גענומען אַ ציטער.

— ווי שטאָלץ זי איז! ווי דרייסט! — האָט ער געוו־
וואָלט זאָגען.

ער איז נישט בכח געווען אַרויסצורעדען אַ וואָרט.

אָבער איהר האַרץ האָט געוואָרפען אויף איהם זיין גלאַנץ ער האָט געפּעגט זיינע אָרעמס מיט דער בעוועגונג פון אַ מענש, וואָס גיט און נעמט...

זיי זענען אַרויפגעשטיגען די הויכע בערגלעך און גע־ נאַנגען צום נאָהענטסטען דאָרף, צוריקגעהענדיג ווידער צו מענשען.

* * *

ערגיץ אין אַ טיפען טאָל, צווישען מיסט און פערדאַרטע קרייטעכצער, איז געפינען געוואָרען דער צושמעטערטער, טויטער קערפער פון ד"ר מאַרקוזע, וועלכער איז אומגעקומען אויף אַזאַ שרעקליכען אופן.

נאָך לאַנגע נאָכפאָרשונגען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיין אמת'ער נאָמען איז ראַפאַאיל מאַבוזע.

ווענק האָט געהייראַט מיט דער גרעפין האַאַזע, האָבענ־ דיג בעזייטיגט דעם געפעהרליכסטען פערברעכער, דאָקטאָר מאַבוזע, איז ער אַרויסגעטרעטען פון פּאָליציייאישען דינסט, האָט זיך בעזעצט אין די גיטער פון זיין פרוי און לעבט גליק־ ליך און צופרידען.

(ע נ ד ע)